קנוט האמסון

# בענאָני

(ראָמאַן)

יידיש פאַלק היילפערין

ווילנע — 1928

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

# I

צווישן ים און בענאָנים הויז ציט זיך א װאלד. דער װאלד
איז נישט בענאָנים גופא, נאָר א קהלשער, — א גרויסער, געמיש·
טער װאַלד פון נאדל·בוימער, בעריאָזע און אָסינע·בוימער.

זומער אין א באַשטימטער צייט, קלויבט זיך אהער צונויף
דער עולם פון צווײ פּאַראַפּיעס און האקט און װארפט בוימער,
װיפל דאָס הארץ גלוסט. און אַז מען האָט אָנגעהאַקט גענוג
און אָפּגעפירט דאָס האָלץ יעדער צו זיך אהיים, װערט דער װאלד
װידער שטיל אויף א גאַנץ יאָר, און װידער באַומרויקט מער ק·
נער נישט די חיות און די פייגל. זעלטן װען גייט דורך איבערן
װאלד נאָר עפּעס אַ לאָפּאַר, װאָס דאַרף האָבן אין דער דערביי·
יקער פּאַראַפּיע. נאָר אחוץ זיי, גייט דאָ סיי זומער סיי װינטער
מער נישט װי בענאָני. און גיין גייט בענאָני סיי אין א טרוקן
װעטער סיי אין אַ רעגנדל, — װי עס מאַכט זיך. ער איז א שטאַר·
קער, א געזונטער בחור און האָט פאר גאָרנישט נישט קיין מורא.

בענאָני איז א פישער, פונקט װי אלע דאָ אויפן ברעג. נאָר
אחוץ דעם גייט ער מיט דער פּאָסט אויף יענער זייט בערג·קייט,
ער גייט איינמאָל אין צווײ װאָכן און באַקומט א קליינע שכירות
פאר זיין ארבעט. נישט אלע באַקומען באַשטימטע שכירות
פון דער מלוכה יעדע דריי חדשים, און דעריבער האלט מען
בענאָנין אין זיין דאָרף פאר א קריכער און א דרייקאָפּ. ס'פלעגט,
פארשטייט זיך, טרעפן, אז אַמאָל דער, אמאָל יענער האָט זיך
אומגעקערט אהיים נאָך א גוטן הערינג·פאַנג און איז זיך געגאַנגען
איבער די װעגן און געפייפט מלא שמחה פונם געלט און פונם
כבוד. אָבער נישט אויף לאַנג האָט עס געקלעקט. זיי פלעגן

געבעך זיין איבער די אויערן אין חובות ביי דעם סוחר מאק פון סירילונד. און ווי נאָר מען באַצאָלט דעם חוב — באַפּסטו זיך, אַז ביי זיי איז שוין מער גאָרנישט געבליבן, ווי אַן ערינערונג וועגן דעם, מיט וואָס פּאַרא שטאָלצקייט זיי האָבן געפּייפט איבער די וועגן אין דעם באַוווסטזיין פון זייער עשירות. בענאָני אָבער פלעגט אַרומגיין מיט דעם קעניגלעכן רענצל אויפן רוקן אומגע-ענדערט יאָר-איין יאָר-אויס — ער איז געווען דער אמתער בוואַט, אַ באַאַמטער, און דערצו נאָך האָבן אויף זיין פּאָסט-רענצל גע-שיינט אַ שלאָס און אַ לייב.

איינמאָל אינדערפרי איז ער געגאַנגען איבער דעם קהלשן וואַלד, גייענדיק צו דער בערג-קייט. דאָס איז געווען זומערצייט, און אומעטום איז געווען עולם, וואָס האָט געהאַקט האָלץ. דאָ איז אויך געווען די טאָכטער פון דעם שכנישן פּאַסטאָר, אין אַ היטע-לע מיט פעדערן.

— אַט גייט דאָרט בענאָני, האָב איך, הייסט עס, אַ באַגליי-טער ביז דער היים. — זאָגט זי.

און גערופן האָט מען זי ראָזע.

בענאָני פאַרנייגט זיך און ענטפערט, אַז אויב איר איז וויל געפעלן, איז ער צופרידן.

זי איז געווען אַ שטאָלצע פּערזאָן. בענאָני האָט זי גוט גע-קענט, אויף זיינע אויגן איז זי אויסגעוואַקסן. נאָר איצט האָט ער זי שוין נישט געזען אַ גאַנץ יאָר, גאָט ווייסט, וווּ זי איז געווען, און ביים קירך-שמש אַרענטסען איז געווען אַ זון, אַ גוטער קאָפּ, וואָס שטודירט שוין צייט עטלעכע יאָר אַלערליי געזעצן ערגעץ אויף דרום, אַזוי אַז אפשר איז עס ראָזע געווען צו גאַסט ביי דעם יונגן אַרענטסען די גאַנצע צייט, וואָס זי איז אינדערהיים נישט געווען. אָבער קיינער האָט אויף ריכטיק נישט געוווּסט. ראָזע איז נישט געווען קיין בעלן צו פירן שמועסן.

אָ, דאָס איז געווען, די דאָזיקע ראָזע האָט זיך געהאַט אירע סודות. זי איז נישט ענלעך צו אַנדערע, און קיין פינגער אין מויל דאַרף מען איר נישט אַריינלייגן — זי וועט אָפּבייסן. היינט, למשל, האָט זי געדאַרפט אַוועקלאָזן זיך אין די פעלדער און אין

די וועלדער פיר דעם זייגער פאַרטאָג, כּדי צו גרייכן אין קהלשן וואַלד ביז אַכט דעם זייגער. אָט סאַר אַ בּריה און אַן אומדער־שראָקענע זי איז! דער פאָטער אירער איז אויך אַ שטאָלצער און אַ וויכטיקער מענטש. די גאַנצע פרייע צייט זיינע פלעגט ער זיך פאַרנעמען מיט שיסן און האָט געפאַנגען חיות אויף פאַרשי־דענע אופנים. נאָר ער האָט געהאַט אַ שם אויך פאַר זיין שיי־נעם רעדן.

בּענאָני מיט ראָזען זענען געגאַנגען אַ שעה צוויי, געשמועסט צווישן זיך, און זי האָט אים אויסגעפרעגט וועגן פאַרשידענע ענינים. נאָכדעם האָבּן זיי זיך צוגעזעצט רוען. בּענאָני האָט איר פאָרגע־לייגט צובּייסן פון זיין רענצל מיט עסנוואַרג, און זי האָט גוט צו־געבּיסן, כּדי צו טון אים דעם כּבוד. נאָך דעם זענען זיי ווידער געגאַנגען בּיי אַ שעה. פלוצלינג איז אַוועק אַ געדיכט רעגנדל, און ראָזע האָט פאָרגעלייגט ערגעץ באַהאַלטן זיך. אָבער בּענאָני האָט געטראָגן דאָס קעניגלעכע רענצל און האָט נישט געטאָרט פטרן קיין צייט אומזיסט. זיי זענען געגאַנגען נאָך אַבּיסל צייט. פון דעם רעגן איז געוואָרן גליטשיק, בּיי ראָזען זענען די פיס אַרומגעפאָרן, און ס'איז איר שווער געווען צו גיין.

בּענאָני האָט אויף איר אַ קוק געטון, און ס'איז אים גע־וואָרן אַ רחמנות אויף דער פריילין; ער האָט געטון אַ בּליק אויפן הימל, דערזען, אַז דאָס רעגנדל וועט באַלד אויפהערן און האָט געזאָגט, כּדי צו טון איר אַ געפעליקייט:

— אפשר ווילט איר אַבּיסל צוזעצן זיך, בּיז וואָס־ווען, דאָ אונטערן בּאַרג?

זיי זענען אַוועק אונטער אַן אָפּהאַנג פון אַ בּאַרג, און דאָרט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן אמתע הייל.

— זעט, דאָ קאָן מען זיך דאָך איינאָרדנען גאָר אויף אַ פּריצישן שטייגער, — האָט ראָזע געזאָגט, און איז אַריינגעקראָכן טיפער אין דער הייל אַריין — ס'וואָלט נאָך גוט געווען, בּענאָני, צו האָבּן דאָ דיין רענצל מיטן לייב און זעצן זיך אויף דעם.

— דאָס קאָן איך בּשום אופן נישט, — האָט בּענאָני אַ דער.

שראָקענער גוזאָגט — נאָר אויב אייך איז נישט דערווידער מיין אַלט רעקל...

און בענאָני האָט פון זיך אַראָפּגעשלעפּט זיין רעקל און אונטערגעבעט דערמיט פאַר דער פרײלין.

„אַך סאַר אַ קלוגער", האָט זי מסתמא אַ טראַכט געטון, און, אפנים, דער יונגערמאַן איז איר געפעלן געוואָרן. זי האָט גענומען מיט אים וויצלען זיך, און געוואָלט זיך דערוויסן, ווי הייסט זיין כּלה.

אין אַ צען מינוט אַרום איז בענאָני אַרויסגעקראָכן אויף דער שיין פון טאָג און ווידער אַ בליק געטון אויפן הימל. פונקט אין דער רגע איז פאַרבייגעגאַנגען אַ וואַנדערנדיקער לאַפּאַר און האָט אים דערזען. און דער דאָזיקער לאַפּאַר איז עס געוועזן גילבערט.

— וואָס, ס'גייט נאָך אַלץ אַ רעגן? — האָט בענאָני געפרעגט, כּדי עפּעס צו זאָגן.

ער איז געווען אַביסל מטושטש.

— ניין, ס'האָט פונאַנדערגעטריבן. — האָט דער לאַפּאַר געענטפערט.

בענאָני האָט אַרויסגעשלעפּט פון הייל זיין פּאָסט-רענצל און דעם רעקל, און נאָך אים איז אַרויסגעקראָכן אויך דעם פּאַסטאָרס טאָכטער.

און דער לאַפּאַר איז געשטאַנען און האָט עס אַלץ געזען...

איז אַראָפּגעקומען דער לאַפּאַר גילבערט אויפן ברעג, אין דאָרף אַריין, מיט דער דאָזיקער נייעס, און נאָכדעם האָט ער זי פונאַנדערגעטראָגן אומעטום, ביז סאַמע דעם געוועלב אין סירילונד.

— העי, דו, בענאָני, — האָט מען פון יענעם טאָג אָן גענומען וויצלען זיך איבער אים—וואָס האָסטו עס געטון, וואָס האָסטו עס אין הייל געטון מיט ראָזען, דעם פּאַסטאָרס טאָכטער? דו ביסט אַרויסגעקראָכן פון הייל אינגאַנצן אַ רויטער און אַ פאַרשוויצטער און אָן אַ רעקל. ווי זאָל מען עס, כ'בעט דיך, פאַרשטיין?

— פאַרשטייט עס אַזוי, אַז דו ביסט אָן אַלטע רכילותניצע, —

האָט בענאָני געענטפערט, ווי אַ אמתער פאָרשטייער פון דער מאַכט — זאָל מיר אָקאָרשט קומען פאַר די אויגן דער-אָ לאָפּאַר, וואָס האָט עס פאַר דיר אויסגעפּלוידערט!

אָבער די צייט איז זיך געגאַנגען, און דער לאָפּאַר גיל־בערט האָט זיך טאַקע דערוועגט צו קומען בענאָנין פאַר די אויגן.

— אָך, וואָס האָסטו דעמאָלט געטון אין דער הייל, וואָס האָסטו דאָרט אַזוינס אָפּגעטון? — האָט ער פאָרזיכטיק געפרעגט, און זיינע קלייניקע אויגלעך האָבן געלאַכט, גלייך ווי ער וואָלט מיט פאַר־שמורעטע אויגן געקוקט אויף דער זון.

— נישט דיין דאגה. — האָט בענאָני געענטפערט ביטרע, און אויך געשמייכלט. אָט דאָס איז אַלץ, וואָס דער לאָפּאַר האָט פון אים געהאַט.

בענאָני האָט אָנגעהויבן אַביסל גרויסן זיך מיט די שמועסן, וואָס מען האָט גערעדט וועגן אים און וועגן דעם פּאַסטאָרס טאָכ־טאָכטער ראָזאַ. ס'איז געוואָרן נאָענט צו ווייגאַכט. און ביי אַ ווייַ־נאַכט-גלעזל, צוזאַמען מיט זיינע אָרעמע חברים, האָט ער זיך באמת דערפילט פאַר אַ וואַזשנער פריץ. דער לענסמאַן האָט אים באַשטימט פאַר אַ באַגלויבטן, און איצט קומט קיין שום אוקציאָן, קיין שום אָפּ־שרייבן פון פאַרמעגן נישט פאָר אָן בענאָנין. און היות ווי ער איז חוץ דעם נאָך געווען אַ מאדים אויף לייענען און שרייבן, האָט מען אים געגעבן, ער זאָל פון קלויסטער-גאַניק פאָרלייענען פאַר דעם עולם דעם לענסמאַנס פאַראָרדענונגען, ווען דער לענסמאַן אַליין האָט קיין צייט נישט געהאַט.

יאָ, דאָס לעבן איז געווען פריינטלעך, דאָס לעבן האָט גע־קעכלט בענאָנין, דעם בריוועטרעגער בענאָנין, און פאַר וואָס ער זאָל זיך נישט האָבן גענומען, האָט ער אין אַלץ געהאַט הצלחה, אינגיכן האָט ער אפילו ראָזען, דעם פּאַסטאָרס טאָכטער, גענומען האַלטן שיר נישט פאַר זיינס אַ גלייכן.

— אַנומלטן, אין דער הייל! — האָט ער געזאָגט און געשמו־צערט מיט די ליפּן.

— דו וועסט דאָך בשום אופן נישט זאָגן, אז דו האָסט זי גענומען? — האָבן די חברים געפרעגט.

בענאָני האָט געענטפערט:

— מילא, ווי די מעשה זאָל נישט זיין, נאָר עפּעס איז מסתמא, געווען.

— וואונדער! ווי זשע, איצט, הייסט עס, וועסטו מיט איר חתונה האָבן?

בענאָני האָט געענטפערט:

— נישט דיין דאגה. דאָס ווענדט זיך מער נישט ווי אָן בענאָנין און אָן מיר.

— נו, וואָס זשע וועט אָבער זאָגן דער ניקאָלאַי?

— וואָס וועט זאָגן ניקאָלאַי! ער האָט דערצו קיין שייכות נישט.

אָט וואָס פארא וואָרט עס איז געזאָגט געוואָרן!

און דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אזוי אָפט און מיט אזוי פיל מענטשן, אז ס'איז, אפנים, געווען לויטער אמת. גאָט ווייסט, אפשר. האָט בענאָני אליין אָנגעהויבן צו גלויבן אין דעם.

## II

ווען דער בכבודיקער פּאָסטאָר פון דער שכנותדיקער פּאַראפיע, הער יאַקאָב בארפוד האָט עמעצן געשיקט זאָגן, אז ער דאַרף מיט אים רעדן וועגן אַן ענין, האָט מען געמוזט גיין. אין זיין קאַנטאָר זענען געווען טאָפּלטע טירן, פריער איינע, נאָכדעם אַ צווייטע, און דער עולם האָט געוויינלעך שוין אַראָפּגענומען דאָס היטל אויף דעם שטח צווישן די דאָזיקע צוויי טירן.

דער פּאַסטאָר האָט געשיקט נאָך בענאָנין, ווען ער איז דעם צווייטן מאָל געקומען מיט דער פּאָסט.

„אָט וועל איך עס באַקומען אַ חלק פאר מיין לאַנגער צונג!" — האָט בענאָני אַ דערשראָקענער געטראַכט. — „דער פּאַסטאָר האָט זיך דערוווּסט, מיט וואָס איך האָב מיך בארימט, און איצט וועט ער פון מיר מאַכן אַ תּל."

אָבער מען האָט נאָך אים געשיקט, איז מער נישט געבליבן ווי צו גיין. בענאָני האָט אראָפּגענומען דאָס היטל אויף דעם שטח, וואָס צווישן די צוויי טירן, און איז אריין.

אָבער דאָסמאָל איז דער פּאַסטאָר געווען נישט שרעקלעך. אדרבא, ער האָט געדאַרפט פון בענאָנין א טובה.

— דו זעסט אָט די מאַרדער־פעלכלעך, — האָט ער געזאָגט — זיי ליגן ביי מיר פון אָנהויב ווינטער אָן. דאָ קאָן איך מיט זיי גאָרנישט נישט מאַכן. טראָג זיי אוועק צו מאַקן אין סירילונד.

ביי בענאָנין איז גלייך אראָפּ א שטיין פון הארצן. און ער האָט זיך אריינגעלאָזן אין א שמועס.

— ווי זשע דען. אוודאי. היינט אָונט נאָך, זעקס דעם זייגער אין אָונט.

— זאָג מאַקן אין מיין נאָמען, אז דער פּרייז פאַר מאַרדער איז איצט אכט־צען דאָלאַר.

בענאָני האָט פון פרייד ווידער גענומען פּלוידערן:

— צען דאָלאַר? — זאָגט בעסער — צוואַנציק; איר דאַרפט זיי נישט אָפּגעבן בחצי חינם, פאַרוואָס עפּעס?

— און דאָס געלט וועסטו מיר נאָכדעם אָפּברענגען, בענאָני.

— דעם צווייטן מאָל, אַנישט, זאָל איך פון אָרט נישט אוועק... כ'וועל אייך דאָס געלט דערלאַנגען גלייך אויפן טיש.

קלעטערנדיק דורך דער בערג־קייט צוריקוועגס, איז בענאָני אזוי געווען צופרידן אי מיט זיך, אי מיט זיין לעבן, אז ער האָט נישט געפילט נישט קיין הונגער, נישט קיין מידקייט. זעט נאָר. דער פּאַסטאָר אליין האָט שוין גענומען אָנקומען נאָך טובות צו אים, אין א געוויסן זינען איינגעשלאָסן איב אין דעם קרייז פון זיין משפחה. מיט דער צייט וועט אויך די פריילין ראָזע מאַכן צו אים א טריט נענטער.

בענאָני האָט טאַקע פאַר די מאַרדער־פעלכלעך באַקומען צו צען דאָלאַר און האָט דאָס געלט געבראַכט ביזן לעצטן גראָשן. נאָר דאָס מאָל איז דער פּאַסטאָר נישט געווען אינדערהיים, ער האָט נאָר דערוויסט די ווייב און איר געמוזט איבערגעבן די

פאפירלעך. מען האָט אים אונטערגעטראָגן א קעלישעק און מכבד געווען מיט קאַווע פאר דער טרחא.

און ווידער איז בענאָני אוועק צו זיך אין שטיבל אויפן ברעג. ער האָט פיל מחשבות איבערגעטראַכט. מען וואָלט בנוגע דער פריילין ראָזע עפעס געדאַרפט אונטערנעמען, ס'איז געגאַנגען צו פרילינג צו און שוין צייט געווען אויף עפעס וואָס צו באַשליסן זיך.

ער האָט אָנגעשריבן א בריוו צו דעם פאַסטאָרס טאָכטער, און האָט זיך געפלייסט אָנצושרייבן וואָס קורציקער. צום סוף האָט ער בפירוש געבעטן, זי זאָל נישט אָפּשטויסן זיין האַנט. „מיט דער גאַנצער אכטונג בענאָני האַרטוויגסען, באַגלויבטער".

דעם בריוו האָט ער אליין אָפּגעטראָגן...

אָבער דאָ האָט דאָס לעבן אויפגעהערט בענאָנין צו גלעטן איבערן קעפּל. זיין באַרימערייַ און זיינע געוויסנלאָזע אויסטראַכטעַ־נישן ביים ווייַנאַכט־גלעזל זענען סוף־כל־סוף דערגאַנגען ביז דער שכנותדיקער פאַראַפּיע און ביז דעם פאַסטאָרס ראָזען. ס'איז אָנגע־שטאַנען א שלעכטע צייט.

דער שכנישער פאַסטאָר האָט ווידעראַמאָל נאָך אים געשיקט. בע־נאָני האָט זיך אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, ווי אַלעמאָל פאַר דער לעצטער צייט, אָנגעטון צוויי רעקלעך, איינעם איבערן אַנ־דערן, כּדי מען זאָל קאָנען פונאַנדערשפּילען דעם אויבערשטן. און ער האָט נאָך אָנגעטון א וווּנדערלעך ציצן העמדל.

„דאָס איז אַן ענטפער אויפן בריוו, — האָט בענאָני גע־טראַכט — ער וויל וויסן, וואָס האָב איך פאַרא כוונות. אפשר איז ער געערבט. ס'זענען דען קנאַפּ פאַראַן אויף דער וועלט נידערי־קע פאַרפירער און רמאים. נאָר איך בין נישט אַזעלכער".

אָבער פאָרט האָט זיך בענאָני געפילט נישט מיט אַלעמען. געקומען צום פאַסטאָר אין הויף, איז ער צווערשט אַוועק אויף דער קיך, אפשר וועט זיך איינגעבן עפעס דערוויסן זיך: אפשר וועט מען קאָנען דערקענען נאָך די פּנימער.

— דער פאַסטאָר וויל מיט דיר רעדן. — האָבן די דינסטן געזאָגט.

מילא, וואָס קאָן דאָ זיין, ווען מען איז ענטפערן „ניין“ אויף זיין בריוו! ערגער וועט ער דערפון נישט ווערן. אגב, יאָגט ער זיך שוין גאָר נישט אַזוי שטאַרק נאָך דעם פּאָסטאָרס טאָכטער.

— איך ווייס, — האָט ער געענטפערט די מיידלעך און האָט זיך אויסגעגלייכט — איך גיי דאָס טאַקע צום פּאַסטאָר. — און ער האָט אַראָפּגעשאַרט פון שטערן די גריווע; די האָר זענען ביי אים געווען זייער געדיכטע און צעפּאַטלטע.

„מסתמא וועט ער ביי מיר ווידער בעטן עפּעס אַ טובה.“ — האָט ער געטראַכט, גייענדיק אין קאַנטאָר.

אין צימער זענען געשטאַנען דער פּאַסטאָר מיט זיין טאָכטער, ווען בענאָני איז אַריין. קיינער האָט נישט געענטפערט אויף זיין גוט-מאָרגן. דער פּאַסטאָר האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַפּיר און געזאָגט:

— לייען איבער, זיי אַזוי גוט.

נאָכדעם האָט דער פּאַסטאָר גענומען אַרומגיין איבערן צימער. דערווייל איז ראָזע געשטאַנען ביים שרייבטיש, אַ הויכע אַזאַ, און האָט געשוויגן.

בענאָני האָט אָנגעהויבן לייענען. דאָס איז געווען אַ מעלדונג וועגן דעם, אַז „איך, בענאָני הארטוויגסען, זאָג זיך דערמיט עפנטלעך אָפּ פון די שענדלעכע, נישט אָנשטענדיקע אויסטאַכטעניש, וואָס איך האָב פאַרשפּרייט וועגן זיך און וועגן פרײלין ראָזע בארפוד. און איך מעלד, אַז דאָס איז אַן אומפאַרשעמטער ליגן“.

בענאָני האָט לאַנג געלייענט. לסוף האָט דער פּאַסטאָר, אַ צערייצטער פון זיין לאַנגן שווייגן און פון זיינע אַלץ מער און מער טרייסלענדיקע הענט, געפרעגט:

— וואָס-זשע, נאָך אַלץ נישט איבערגעלייענט?

— איבערגעלייענט. — האָט בענאָני שטיל געענטפערט.

— וואָס-זשע וועסטו דערויף זאָגן?

בענאָני האָט געענטפערט, קוים וואָס מען האָט געהערט:

— אפנים, אַזוי איז עס שוין. וואָס זאָל מען טון...

און בענאָני האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

דער פאסטאָר האָט געזאָגט:

— זעץ זיך דאָ און חתמע דיין נאָמען אונטער דער מעל־דונג.

בענאָני האָט אוועקגעלייגט דאָס היטל אויף דער פּאָדלאָגע, זיך צונויפגעקאָרטשעט, צוגעגאנגען צום טיש און זיך געחתמעט. ער האָט נישט פארגעסן צו מאכן אויף דעם לאַנגן שטריך אונ־טער זיין פאמיליע — אזוי איז ער שוין צו דעם געוווינט געווען.

— איצט וועט מען דאָס פּאפּיר אריבערשיקן צו דעם לענס־מאן פון דיין פּאראפיע, מען זאָל עס פּאָרלייענען פון די קלוי־סטער־טרעפּ. — האָט דער פאסטאָר געזאָגט.

ביי בענאָנין איז דער קאָפּ געוואָרן אזא טעמפער, א שווע־רער, און ער האָט נאָר געענטפערט:

— יאָ, אפּנים, אזוי איז עס שוין.

און ראָזע איז די גאנצע צייט געשטאנען ביים שרייבטיש, א הויכע אזא, און פּונקט ווי א שטומע...

דאָס לעבן האָט אויפגעהערט צו קעכלען. עס האָט זיך דערנענטערט דער פרילינג. די ראָבן האָבן שוין אָנגעהויבן שלעפּן צווייגן אין די נעסטן. אָבער ווו־זשע איז אהינגעקומען די פרייד און די לידער, ווו — די שמייכלען און ווו איז געווען די פּראַכט? און וואָס גייט איצט בענאָנין אָן דער רייכער פאנג פון הערינג? ער האָט געהאט קליינע טיילן אין דריי נעצן, וואָס האָבן געכאפּט סטאדעס הערינג, און ער האָט שוין געהאט געחלומט, אז דאָס וועט אים צונויף קומען מיט דעם פאסטאָרס טאָכטער ראָזען—אַך, ס'אַרא גאָרנישט א שוטה ער איז געווען!

פון עגמת נפש איז ער א גאנצן מעת־לעת אָפּגעלעגן אין בעט און האָט נאָר געקוקט, ווי עס גייט אריין און ארויס זיין אַלטע דינסט. ווען זי האָט ביי אים געפרעגט, צי איז ער נישט קראנק, האָט ער געענטפערט: „יאָ, קראנק". און אז זי האָט גע־פרעגט, צי איז אים בעסער, האָט ער אויך דערויף מסכים געווען און געענטפערט: „יאָ, בעסער". ער איז דעם צווייטן מעת־לעת אויך אָפּגעלעגן. אויפגעשטאנען שבת. און ס'איז געקומען א שליח מיט א פּאַקעט פונם לענסמאן.

— דאָ איז געקומען אַ מענטש מיט אַ פּאַקעט פונם לענס-מאַן. — האָט די דינסט געזאָגט צוגייענדיק צו זיין בעט.

בענאַני האָט געענטפערט:

— אַ-אַ, לייג דאָרטן אַוועק.

„דאָס זענען מעלדונגען, וואָס איך דאַרף מאָרגן פרי איבער-לייענען". — האָט בענאַני געטראַכט. ער איז געלעגן נאָך אַ ווײלע, נאָכדעם איז ער פּלוצלינג אויפגעשטאַנען און האָט פונאַנדערגע-ריסן דעם פּאַקעט: אוקציאָנען, אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטן, מלוכה-פּליכטן, שטייערן. און אָט איז זיין אייגענע מעלדונג. בענאַני האָט זיך געכאַפּט מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ.

הייסט עס, אַז ער אַליין וועט עס דאַרפן טון. שטיין אויף די קירך-טרעפּ און אַלעמען מעלדן וועגן זיין אייגענער חרפּה!

ער האָט צונויפגעדריקט די ציין און אַרויסגעמורמלט:

— יאָ, יאָ, בענאַני!

און אַז עס איז אָנגעשטאַנען דער מאָרגנדיקער טאָג — און ס'אַרץ העלער, אַ זוניקער נאָך,—האָט ער זיין מעלדונג נישט פאַר-געלייענט. אַלץ האָט ער פאַרגעלייענט, און דאָס נישט: די זון! די זון האָט געלויכטן צו העל, און הונדערטער אויגן האָבן אים געקוקט גלייך אין פּנים אַריין.

ער איז אַוועק אַהיים אין אַן אומעטיקער, דערשלאָגענער שטימונג, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קאָמפּאַניע און געלאָזן זיך גיין דורך וואַלד און זומפּ, כדי צו בלייבן איינער אַליין. אָך, דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס מענטשן האָבן בענאַנין פאַרגעלייגט צו באַגלייטן, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קאָמפּאַניע. מער האָט עס אים שוין קיינער נישט פאָרגעשלאָגן.

אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בענאַני האָט פאַרהוילן אַ פּאַפּיר און האָט עס נישט פאַרגעלייענט פון די קירך-טרעפּ. דעם צווייטן זונטיק האָט דער לענסמאַן אָנגענומען דאָס היטל מיטן גאָל-דענעם קאַנט און האָט די מעלדונג אַליין פאַרגעלייענט פאַר אַ גרויסן המון עולם.

אָט האָט זיך פאַרלאָפן אין דאָרף אַן אומגעהערטע געשעע-ניש, פון די שמועסן איז געשטאַנען אַ הורזשעריי פון ברעג

בּיז סאַמע די בערג. בענאָני איז געפאַלן. ער האָט שוין איבער־געגעבן דאָס רענצל מיטן לייב, דאָס לעצטע מאָל פונאַנדערגע־טראָגן די פּאָסט. און אַזוי אַרום האָט ער שוין מער צו גאָרנישט געטויגט אויף גאָטס וועלט.

אַ גאַנצע וואָך איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום זיין שטיבל און האָט אַלץ געטראַכט און געדאַגהט. איינמאָל אין אָוונט איז צו אים אין שטוב געקומען דער נאָטבאָס — דער פירער פון דער שותּפות אין דער נעץ — און האָט אים אַרויסגעלייגט זיין חלק אין דעם הערינג־פאַנג.

— אַ דאַנק! - האָט בענאָני געזאָגט.

דעם צווייטן אָוונט איז נאָך געקומען דער נאָטבאָס נאָרום, וואָס האָט אָפּגעשניטן אַ סטאַדע הערינג פּונקט אַנטקעגן בענאָנים שטיבל. בענאָני האָט באַקומען פאַר דריי קליינע חלקים אין דער שותּפות פון דער נעץ און נאָך אַ גרויסן חלק פאַר זיין ברעג.

אים איז געווען אַלצאיינס. ער האָט שוין מער אויף גאָר־נישט געטויגט.

III

אַז דער סוחר מאַק פון סירילונד האָט עמעצן געוואָלט טון גוטס אָדער שלעכטס, האָט ער מיטלען דערצו געהאַט די וויותר. אפילו די נשמה איז ביי אים געווען אי אַ ווייסע, אי אַ שוואַרצע. ער איז ענלעך געווען צו זיין ברודער מאַק פון ראָזענ־גאַרד דערמיט, וואָס ער האָט געקאָנט טון וואָס ער וויל, נאָר אַמאָל פלעגט ער אים נאָך אַריבערשטייגן דערמיט, וואָס ער האָט געטון אַזוינס, וואָס מען האָט נישט געדאַרפט טון.

נו, האָט מאַק געשיקט נאָך בענאָנין, אַז ער זאָל תּיכּף ומיד קומען קיין סירילונד.

בענאָני איז אַוועק מיטן שליח, און דאָס איז נאָך, חוץ אַלעמען, געווען אַ יונג פון מאַקס קליַיט.

בענאָני האָט איצט אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר אַלץ אין

דער וועלט, און ער האָט מיט אַ דערשלאָגענעם קול געפרעגט:

— צו וואָס קאָן ער עס מיך דאַרפן האָבן? האַ? ווי אַזוי ער — אין כּעס?

— איך קאָן דיר נישט זאָגן, אויף וואָס ער דאַרף דיך האָבן. — האָט דער יונג געענטפערט.

— מילא, גיי איך, לאָז מיר גאָט העלפן! — האָט בענאַני פאַראומערט אַרויסגערעדט.

שטייענדיק פאַר מאַקס קאַנטאָר, האָט ער זיך דערפילט מער דערנידעריקט און דערשלאָגן ווי אַלעמאָל. ער איז דאָרט אַזוי לאַנג געשטאַנען בייטנדיק די פיס און צוהוסטנדיק, אַז מאַק האָט דערהערט, ווי ער שטייט הינטער דער טיר, און האָט די טיר אַליין אָפּגעעפנט.

— נו זשע, גיי אַריין! — האָט מאַק אַליין געזאָגט.

און קיינער וואָלט אויף אים נישט פאַרשטאַנען, צי וויל ער דערהויבן, צי וואַרפן בענאַנין.

מאַק האָט געזאָגט:

— דו האָסט זיך שלעכט געפירט.

— יאָ. — האָט בענאַני געענטפערט.

— אָבער אַנדערע האָבן זיך אויך געפירט נישט בעסער. — האָט מאַק ווייטער געזאָגט:

און אַזוי רעדנדיק האָט ער גענומען אַרומגיין, נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צום פענסטער און אָנגעהויבן קוקן אין דרויסן. לסוף האָט ער זיך אומגעקערט און געפרעגט:

— דו האָסט דאָך פאַר דער לעצטער צייט פאַרדינט פיינע געלט?

— יאָ. — האָט בענאַני געענטפערט.

— וואָס זשע טראַכסטו דערמיט צו טון?

— כ'ווייס נישט. מיך אַרט קיין זאַך נישט.

— דו דאַרפסט דערפאַר קויפן הערינג, — האָט מאַק געזאָגט. — דער הערינג איז ביי דיר, פאַסט צו זאָגן, סאַמע ביי דער שוועל. קויף אויף, זאַלץ איין, באַאַרבעט הערינג אויף וויפל דיר וועט קלעקן געלט, און שיק אַוועק אויף דרום. פּעסלעך און

זאַלץ, אויב דו ווילסט, קאָנסטו נעמען ביי מיר.

ס'איז אריבער אביסל צייט, איידער בענאָני האָט גענומען רעדן. און מאַק האָט אים אָפּן געפרעגט:

— נו, איז ווישע? הויבסטו מאָרגן אָן?

— ווי איר וועט הייסן. — האָט בענאָני געענטפערט.

מאַק איז ווידער אָפּגעטראָטן צום פענסטער און האָט זיך אומגעקערט צו בענאָנין מיטן רוקן: אפנים, אַז ער איז געשטאַנען און האָט עפּעס באַטראַכט. אָ, דער-אָ מאַק, ער איז שוין געווען איינמאָל אַ מייסטער אויף איינפאַלן!

בענאָני איז געקומען אביסל צו זיך און האָט אויך גענומען טראַכטן. אין עסק איז מאַק אַן אמתער טייוול, און די נשמה איז ביי אים, אויב איר ווילט, גיכער אַ שוואַרצע, ווי אַ ווייסע. בענאָני האָט געוווּסט, אַז צו מאַקן געהערט דער גרעסטער טייל פון דעם הערינג, וואָס מען האָט געפאַנגען אין דער נעץ אַנטקעגן בענאָנים שטיבל. וויל ער איצט אויסנוצן די געלעגנהייט און אַרויסשטופּן אביסל, דערצו נאָך פאַר אַ גוטן מקח. די צייט איז שוין געווען שפּעט, און דער הערינג האָט געקאָנט נעמען קאַליע ווערן. אגב, וועט ער אויסברענגען אביסל פּוסטע פעסלעך און זאַלץ, וואָס ער האָט אָנגעגרייט.

בענאָני האָט עס אַלץ באַטראַכט און געזאָגט:

— אַלץ ווענדט זיך אָן דעם מקח. דאָס איז אַליין פון זיך פאַרשטענדלעך.

— איך וויל דיר העלפן, — האָט מאַק געזאָגט, און אומגעקערט זיך צו אים מיטן פנים — דו דאַרפסט זיך צוריק שטעלן אויף די פיס. דו האָסט געטון אַן עוולה, נאָר אַנדערע האָבן זיך אויך געפירט נישט בעסער פאַר דיר, און איך מיין, אַז הײנטיקס מאָל ביסטו גענוג באַשטראָפט.

„ב'לעבן ס'קאָן זיין, אַז ער איז גערעכט". — האָט בענאָני אַ טראַכט געטון. ער איז פּלוצלינג געוואָרן אַ ווייכינקער און פול מיט דאַנקבאַרקייט.

— אַ גרויסן דאַנק אייך דערפאַר!

מאַק האָט ווייטער גערעדט מיט אַ טאָן פון מאַכט:

— איך רעכן אַהעקשיקן אַ בריוועלע צו אונזער גוטן שכן דעם פּאַסטאַר, איך בין דאָך ראַזעס טויף־פּאַטער, וועל איך שוין זאָגן עטלעכע ווערטער פון מיין נאָמען צו ראָזען און צו איר פאָ־טער, איבעריקנס, דו דאַרפסט אפילו דערפון נישט וויסן. וויפל האָסטו געלט?

— ס'וועט זיך אָנקלייבן אַ היפש ביסל.

— דו ווייסט דאָך, — האָט מאַק געזאָגט, — אַז פאַר מיר שפּילט דיין געלט קיין שום ראָלע נישט. איך מיין, אַז דו פאַר־שטייסט עס אויפן בעסטן אופן. אַזוי אַז נישט אום דעם גייט עס, נאָר פּשוט, איך וויל דיך צוריק אַוועקשטעלן אויף די פיס.

— אַ דאַנק, און געלויבט און געבענטשט זאָלט איר זיין דערפאַר.

— דו האָסט אָנגעהויבן רעדן וועגן פרייז. מיר וועלן וועגן דעם אַ שמועס טון מאָרגן. זאָלסט קומען צו די נעצן.

מאַק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, אַ סימן, אַז דער שמועס האָט זיך געענדיקט. נאָר ווען בענאַני איז שוין געשטאַנען אין טיר, האָט ער אים צוריק אַ רוף געטון.

— הער אָקאָרשט, ווי באַלד איך האָב שוין אָנגעהויבן רעדן וועגן בריוו — איז אָט איז ער. דו קאָנסט אים פאַרבייגייענדיק דערלאַנגען אויף דער פּאָסט, וועט ער מאָרגן אַוועק...

בענאַני איז געוואָרן אַן איבערקויפער פון הערינג. ער האָט צענויפגענומען אַרבעטער, וואָס האָבן געעפנט און געזאַלצן זיינע הערינג און געקייקלט הין און צוריק זיינע פעסער. ווי באַלד אַז מאַק פון סירילונד האָט אים פון ס'ניי אַרויסגעהויזן צוטרוי, טאָ װער זשע וואָלט עס געקאָנט אַזוי האַלטן פון זיך, אַז ער זאָל אויסמיידן בענאַנין? לסוף האָט בענאַני ווידער גענומען שפּירן אין זיין מעכטיקער ברוסט אַ טייל פון זיין פריערדיקן לעבנסלוסט און צופרידנקייט.

אָבער ער האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזן נאַרן פון דעם סוחר מאַק. נאָך דער דאָזיקער קליינינקער התקרבות איז ער צו־ריק געוואָרן דער פריערדיקער געשיקטער און קלוגער יונג און נישט דאָס גאַנצע געלט זיינס האָט ער פאַרטון אין הערינג.

„ס'וועט אַ העלפֿט אויך קלעקן". — האָט ער געטראַכט. אגב, איז מאַקס בריוו צום פּאַסטאָר באַרפֿוד געווען אָפּגעשיקט, און מאַק האָט אים צוריקגעמען נישט געקאָנט.

בענאָני האָט אויפגעקויפט און איינגעזאַלצן הערינג, און איז ביסלעכווייז צוריק געוואָרן אַ מענטש. ער האָט באַמערקט, אַז לייטן האָבן זיך אָנגעהויבן מיט אים צו באַגריסן, ווען ער איז געקומען אָדער אַוועק פון דעם אָרט, ווי די אַרבעט איז פאָרגעקומען, און מען האָט זיך אפילו צו אים געווענדט אויף „איר"—אַלץ דערפאַר, וואָס ער האָט זיך גענומען שניידן אויף אַ סוחר.

דער מסחר זיינער האָט לייכט געקאָנט אַוועקגיין שלעכט. מאַק גופא האָט לגמרי נישט פון ערשטן מאָל פאַרדינט דאָס געלט, וואָס ער האָט דערויף אויסגערעכנט. נאָר אין דער צייט, וואָס מאַק האָט געפירט אַ גרויס שפּיל און אַרויסגעשיקט קיין בערגען צוויי גרויסע אָנגעלאָדענע דאַמפּערס מיט אַ קאָלאָסאַלער פאַרטיע הערינג, האָט בענאָני אויף אַ באַשיידענעם אופן אָפּגעדונגען איינע פון מאַקס יאַכטעס און אויף דעם איז ער סוף פרילינג אַוועקגעשוווּמען צו דרום מיט צוויי מאַטראָסן. ער איז אַריינגעפאָרן סיי אין קליינע, סיי אין גרויסע שטעטלעך און האָט זיין סחורה פאַרקויפט ביסלעכווייז. ס'וואָלט געקאָנט זיין ערגער, נאָר ער האָט געהאַט אַ ביסל ריווח און האָט די אַפּטיקאַ אָפּגעלייגט. אַהיים האָט ער זיך אומגעקערט אַרום יאָהאַן-טאָג.

און דאָ האָט זיך געטראָפן, אַז ראָזע דעם פּאַסטאָרס טאָכטער איז אים ווייטער אַריבער דעם וועג. ער האָט זיך מיט איר באַגעגנט לעבן קלויסטער. זי איז געפאָרן רייטנדיק. אין דער סביבה איז זעלטן ווער געפאָרן רייטנדיק, און דער עולם, וואָס איז געגאַנגען פון קלויסטער האָט נייגיריק געקוקט אויף איר. בענאָני האָט פאַמעלעך אַראָפּגענומען דאָס היטל און דערנידעריקט פאַרנייגט זיך. זי האָט אים געענטפערט מיט אַ שאָקל פונם קאָפּ. אַיבער איר פּנים איז נישט אַדורך קיין שאָטן. זי איז אַוועקגעפאָרן ווייטער טריט ביי טריט, און דער ווינט האָט הינטער איר פונאַנדערגעבלאָזן איר לאַנגן וואָל, פּונקט ווי אַ בלוילעך רויכעלע, זי האָט אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישע זעונג.

און דאָס מאָל האָט בענאָני זיך געלאָזן גיין אַהיים פון קלויסטער דורך דעם וואַלד און דעם זומפּ.

„איך בין ערגער פאַר פיל אַנדערע חיות, — האָט ער גע־טראַכט — נאָר אפשר האָט די דאָזיקע ווילדע פערזאָן זיך דער־וווּסט, אַז איך האָב מיך ווייטער געשטעלט אויף די פיס און שטייג ביסלעכווייז אַרויף. וואָרום אויב נישט דאָס, וואָלט זי דען מיר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ?"

סוף זומער האָט בענאָני באַקומען אַ פאָרשלאָג אַוועקצולאָזן זיך אויף מאַקס אַ גרויסן זעגל־שיף קיין בערגען מיט סחורה. ער איז פריער קיינמאָל אין בערגען נישט געווען, נאָר איינמאָל מוז מען דאָך מאַכן אַן אָנהויב, און אויב אַנדערע האָבן געפונען דעם וועג, וועט ער שוין, מסתמא, אויך געפינען.

— איך זע, ביי דיר איז אַ מזלדיקע האַנט אין פיל גע־שעפטן. — האָט מאַק צו אים געזאָגט.

— דאָס האָט איר מיר אומגעקערט אי די הענט, אי די פיס. — האָט בענאָני קלוג געענטפערט, אָפּגעבנדיק דעם גאַנצן כבוד מאַקן.

דאָס איז געווען נישט קיין קליינער טריט פאָרויס—ווערן אַ קאַפּיטאַן אויף דער זעגל־שיף „פינטוס". בענאָני איז שוין איצט גלייך געווען כמעט צו די שול־לערער וואָס אין דאָרף. און היות ווי חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט אַביסל געלט אויך, האָט ער שוין נישט געהאַט צוליב וואָס אויסצומיידן אפילו די סוחרים פון די ווייטע שכערן.

צוריקגעקומען איז ער מיטן שיף קורץ פאַר ווייַנאַכט. אַלץ איז אַדורך בשורה. און די שיף איז פון אונטן ביז אויבן פול געווען אָנגעלאָדן מיט כל המינים סחורות, וועלכע מאַק האָט אויף אַזאַ אופן באַקומען פון בערגען, כדי איינצושפּאָרן אויף פראַכט.

אַראָפּגעגאַנגען פון שיף אויפן ברעג און געענטפערט אויף די באַגריסונגען פונם עולם, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברעג, האָט בענאָני אין האַרצן זיך געפילט פשוט ווי אַן אַדמיראַל. מאַק האָט אים אויפגענומען פריינטלעך און בכבוד, און האָט אים מכבד גע־ווען אין זיין אייגענעם זאַל, בענאָני איז דאָ געווען דעם ערשטן

מאָל. אויף די ווענט זענען געהאָנגען גרויסע בילדער, ס'איז געשטאַנען באַגילדט מעבל, וואָס איז אריבער בירושה, און פון דער סטעליע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַ ליוסטרע מיט הונדערטער הענגעלעך פון ריינעם קריסטאָל. נאָכדעם זענען זיי אריבער אין קאַנטאָר, וווּ בענאָני האָט אָפּגעגעבן די רעכענונגען. מאַק האָט אים באַדאַנקט.

איצט האָט זיך בענאָני אויפגעהויבן אין אַלעמענס אויגן, אויב איר ווילט, אפשר נאָך מער איידער פריער, און לייטן מיט מאַקן אין דער שפּיץ האָבן אים ביסלעכווייז גענומען רופן מיט אַכטונג האַסטוויגסען. אפילו אין די צייטן, ווען ער איז געווען אַ קעניגלעכער בריוו-טרעגער אַ באַגלויבטער, איז ער פאַר קיין נפש אין דער וועלט נישט געווען האַרטוויגסען, און איצט-אָ איז ער עס יאָ. ער האָט זיך איינגעשאַפט אפילו פּיראַנקעלעך אויף די פענסטער אין זיין שטיבל, און דאָס איז, אגב, געווען אינגאַנצן אַן איבעריקער אָנשטעל פון זיין זייט, און ביי דעם קירך-שמש אין הויז האָט מען אים דערפאַר באַרעדט. פון בערגען האָט ער געבראַכט עטלעכע דינע ווייסע העמדער, וואָס ער האָט אָנגעהויבן טראָגן, ווען ער איז געגאַנגען אין קלויסטער...

ערב ווייַנאַכט איז בענאָני געווען איינגעלאַדן צו מאַקן אין הויז. מאַק האָט איצט געלעבט איינער אַליין. זיין טאָכטער עדוואַרדע האָט חתונה געהאַט מיט אַ פינישן באַראָן און איז קיינמאָל נישט געקומען אַהיים. די באַלעבאַטישקייט האָט געפירט אַ ווירטשאַפטערין פון דער זייט, אַ גרויסע קענערין פון איר פאַך און אַ גרויסע ליבהאָבערין פון געזעלשאַפט.

געסט האָבן זיך אָנגעקליבן פיל, און צווישן זיי איז געווען אויך דעם פּאַסטאָרס ראָזע. דערזעענדיק זי, האָט זיך בענאָני זייער באַשיידן אַוועקגערוקט אָן אַ זייט און זיך צוגעדריקט צו דער וואַנט.

מאַק האָט געזאָגט:

— דאָס איז פרייליין באַרפוד, דו ביסט מיט איר באַקאַנט. זי איז נישט פון די, וואָס געדענקען שלעכטס.

— דער טויף-פאָטער זאָגט, אַז דו ביסט נישט שולדיק בענאָני, — האָט ראָזע געזאָגט פשוט און אָפּנהאַרציק. איר האָט

גענומען אין קאָמפּאַניע אַביסל בראָנפֿן יום־טוב־צײַט, און עמעצער אַן אַנדערער האָט עפּעס אָנגעפּלױדערט. דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש.

— איך װײס נישט... ס'איז מעגלעך, אַז איך אַלײן... האָב עס טאַקע נישט געזאָגט. — האָט בענאָני אַרױסגעמורמלט.

— נו, דאַרף מען װעגן דעם מער נישט רעדן, — האָט מאַק געמאָלדן, און װי אַ טאַטע אַװעקגענומען ראָזען אָן אַ זײַט.

בענאָנין איז פֿרײלעכער געװאָרן, אױפֿן האַרצן איז אים געװאָרן לײַכטער, לעבעדיקער. מאַק האָט אים װידער אַמאָל אַרױסגעהאָלפֿן, װײס געמאַכט, װי רײנעם װאָל, און ער איז אױף אַזױ פֿיל פֿעסט געװאָרן בײַ זיך, אַז ער איז צוגעגאַנגען גריסן זיך מיט דעם לענסמאַן. שפּעטער בײַם טיש האָט ער אפשר נישט אין אַלע הינזיכטן געפֿירט זיך, װי די אמתע גרױסע לײַט, אָבער ער האָט פֿלײַסיק נאָכגעשפּירט נאָך אַלץ און האָט זיך עפּעס װאָס אױסגעלערנט אין דעם דאָזיקן אָװנט. מאַקס װירטשאַפֿטערין איז געזעסן לעבן אים און האָט אים מיט אַלע כּוחות מכבד געװען.

פֿון די שמועסן בײַם טיש האָט ער זיך דערװוּסט, אַז דעם פּאַסטאָרס ראָזע פֿאָרט װידער אַװעק נישט אױף אַ קורצע צײַט. ער האָט אױף איר בגנבֿה געקוקט. נו, אַז זי איז אַ שײנע און אַ שטאָלצע, װעגן דעם איז דאָך שױן נישטאָ װאָס צו רעדן. און װיפֿל געלט זאָלסט נישט פֿאַרדינען און װיפֿל זאָלסט נישט אָנהענגען קײן פּיראַנקעס אױף די פֿענסטער — אַלץ אײנס, אױב דו ביסט געבױרן נישט פֿון אײדעלן שטאַנד, מוזסטו שױן אַזױ בלײַבן בענאָני און מער גאָרנישט. ראָזע איז שױן געװען נישט גאָר קײן יונגע, אָבער גאָט האָט איר געבענטשט מיט װוּנדערלעכע בלאָנדע האָר, און די העלע ליפּן אירע האָבן געשמײכלט מיט אַזאַ שײנעם ליכטיקן שמײכל. און קײנער האָט נישט געהאַט אַזאַ הױכע ברוסט, װי זי

„איך װעל שױן קײן נאַר נישט זײַן, מער װעל איך אױף איר נישט קוקן". — האָט בענאָני געטראַכט.

— און אין די פּיאָרדן האָט זיך װידער באַװיזן הערינג, —

האָט מאַק צו אים געזאָגט שטילינקערהייט, און באַוויזן אַ דעפּעש — קום מאָרגן אין קאַנטאָר אַרײַן, באַצײַטנס.

בענאָני האָט זיך איצט געוואָלט אַביסל צײַט פֿאַרברענגען אינדערהיים און הנאה האָבן פֿון דעם כּבֿוד, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט אַלס קאַפּיטאַן פֿון דעם זעגל־שיף. פֿונדעסטוועגן איז ער אינדערפֿרי אַוועק צו מאַקן.

— איך וויל דיר מאַכן אַ פֿאָרשלאַג, — האָט מאַק געזאָגט — איך גיב דיר אַוועק מײַן גרויסע נעץ פֿאַר מזומן, און דעמאָלט קאָנסטו פֿירן דעם געשעפֿט אויף דײַן אייגענער אחריות, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, איז דער פֿיאָרד פֿול מיט הערינג.

בענאָני איז נישט געווען קיין אומדאַנקבאַרער, און ער האָט זיך גלײַך דערמאָנט, ווי מאַק האָט אים נאָך ערשט נעכטן אָונט אַרויסגעהאָלפֿן. אָבער די גרויסע נעץ איז שוין נישט געווען דאָס, וואָס אַמאָל. ער האָט נאָר געזאָגט:

— דאָס איז נישט פֿאַר מײַנע כּוחות...

— וואָס הייסט, נישט פֿאַר דײַנע כּוחות, פֿאַר דײַנע כּוחות, — האָט מאַק געענטפֿערט — בײַ דיר איז אַ מזלדיקע האַנט. איך בין עפּעס אַנדערש. איך מוז אויף אַלץ דינגען מענטשן, און איצט האָב איך נישט וועמען איבערצוגעבן די נעץ.

— איך וואָלט בעסער געפּרוּווט מיט איר אַרויסצופֿאָרן פֿאַר אייך.

מאַק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין און געזאָגט:

— איך וועל דיר אָפּגעבן ביליק, מיט די שיפֿלעך, מיט די בלאָקן און אַפֿילו מיט די צוויי קוק־רערן. דו וועסט עס באַקומען כּמעט פֿאַר אומזיסט.

— איך וועל מיך מיישב זײַן. — האָט בענאָני געענטפֿערט.

גאָר ווײַל ער האָט נישט געטראָפֿן, געענדיקט האָט זיך דערמיט, אַז ער האָט געקויפֿט די נעץ, נאָך אַזאַ מענטש ווי מאַק איז נישט געווען. און ער האָט זיך נישט באַשלאָסן צו גיין קעגן זײַן ווילן און פֿאַרלירן זײַן גוטפֿרײַנטשאַפֿט. ער האָט געדונגען מענטשן און איז אַרויס אין די פֿיאָרדן מיט דער גרויסער נעץ.

איצט איז געבליבן צו האָפן נישט מער ווי אויף גאָטס גענאָד.

דריי וואָכן האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע חברות אונטערגעהיט די הערינג. הערינג איז געווען ווייניק. עטלעכע מאָל האָט ער אַרויסגעוויקלט די נעץ, אָבער הערינג האָט געקלעקט מער נישט ווי אויף שפּייז פאַר די אַרבעטער, און זיין גרויסע נעץ האָט געקאָסט צו טייער, אַז עס זאָל האָבן אַ זינען צו נוצן זי צוליב אַזאַ קליינקייט. ער איז ביי זיך אַלץ מער און מער אַראָפּגעפאַלן. דעם גרעסטן טייל פון זיין עשירות האָט ער אַריינגעלייגט אין דער גענוצטער נעץ, וואָס האָט אויף גאָרנישט נישט געטויגט און נאָר פון טאָג צו טאָג אַלץ מער געפוילט. מען מעג זיך זאָגן, וואָס מען וויל, נאָר מאַקס הילף האָט אים טאַקע טייערלעך געקאָסט.

איינמאָל אין אָוונט האָט בענאַני געזאָגט צו זיינע אַרבעטער:

— נישטאָ דאָ וואָס צו טון. מיר וועלן היינט ביינאַכט פונדאַנען אַוועק.

זיי האָבן אויפגעהויבן דעם אַנקער, שטילינקערהייט אָפּגעפאָרן און פונאַנדערגעלאָזן די זעגלען. די נאַכט איז געווען אַ פייכטע און אַ קאַלטע. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביים ברעג. ס'איז געווען נאָענט צו באַגינען. בענאַני האָט זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין פונם רודער און פאַר עגמת-נפש זיך לייגן שלאָפן, ערשט ער האָט פּלוצלינג דערהערט אַ ווייטן גערויש אויפן ים. ער האָט אַ בליק געטון אויף מזרח, אַ בליק געטון אויף דעם פאַרזונקענעם אין פינסטערניש מערב, אָבער קיין סימן פון קיין שטורעם-ווינט האָט ער נישט געזען.

„וואָס הודזשעט עס אַזוי משונה אין דער לופטן?" — האָט בענאַני געטראַכט.

ער האָט ווייטער געפירט ביים רודער, האַלטנדיק זיך ביים ברעג און איבערלאָזנדיק דעם ים אָן אַ זייט. ס'האָט אָנגעהויבן ווערן באַגינען. אַ טאָג איז אָנגעשטאַנען אַ נעפּלדיקער, ער האָט געהערט, ווי די משונה הודזשעניש אינדערלופטן ווערט, דאַכט זיך, נענטער. פּלוצלינג האָט זיך בענאַני אַוועקגעשטעלט און גענומען קוקן אויפן ים. זען האָט מען נאָך קנאַפּ וואָס געקאָנט. אָבער פון

די ווייטע פויגלשע געשרייען האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס אַזוינס טראָגט זיך עס צו אים אַנטקעגן. ער האָט אין איין כהרף-עין אויפגעוועקט זיינע מענטשן און אָוועקגעשטעלט זיי צו דער אַרבעט.

הערינג איז געגאַנגען פון ים.

א גרויסע טשערעדע וואַלפיש און א כמאַרע פייגל, וואָס האָבן געשריגן אויף טויזנטער קולות, האָבן געיאָגט די הערינג אין פיאָרד אַריין.

בענאָנים שיפל האָט זיך געפונען שוין צו וויט אָן א זייט, כמעט ביים סאַמע ברעג, און איידער ער האָט באַוויזן ארויסצו־באַקומען זיך אויפן מיטן פיאָרד, האָט זיך די טשערעדע וואַלפיש מיט די פייגל שוין אַדורכגעטראָגן פאַרביי. דער גאַנצער ים איז וויים געוואָרן פון די ים-פייגל און פון די פאָנטאַנען, וואָס די וואַל־פיש האָבן אַרויסגעוואָרפן.

„מיר האָבן נישט געזאָלט אַוועקגיין פונם אָרט", — האָט בע־נאָני אומעטיק א טראַכט געטון.

איצט איז מער גאָרנישט געבליבן, סיידן אַרומדרייען זיך עטלעכע שעה איבערן פיאָרד, כדי אויף וויפל ס'וועט מעגלעך זיין דערגרייכן באָטש צום סוף פון דעם מאָלצייט.

עס איז געוואָרן גאָר ליכטיק. צייטנווייז זענען מיט א געוויש פאַרביי־געשווומען באַזונדערע אָפּגעשטאַנענע וואַלפיש.

און פּלוצלינג האָט בענאָני דערזען, אַז די גרויסע כמאַרע פויגל פליט צוריק פון פיאָרד צו אים אַנטקעגן: די הערינג האָבן זיך אומגעקערט, מאַכנדיק א גרויסע ראָד, און די וואַלפיש האָבן זיי געטריבן פאָרויס. בענאָני האָט זיך געפונען אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג אין א בוכטע, וואָס איז געווען אַריינגעשניטן אינם ברעג. עפּעס אַזוינס איז פאָרגעקומען, וואָס האָט געלאָזט די מאַסע הע־רינג פונאַנדערצוטיילן זיך אויף צוויי טטאַדעס. עס האָט זיך אָנ־געהויבן א בהלה. ס'קאָן זיין, אַז דאָס האָבן פאַרשפּעטיקטע וואַל־פיש באַגעגנט די גייענדיקע מאַסע און האָבן זיך אין איר אַריינ־געהאַקט. די הערינג האָבן געבלאַנקט, ווי מיליאַסן שטערן, אַרום בענאָנים שיפל. ס'האָט גאָר אויפן זינען נישט געקאָנט קומען פונ־

אנדערצונעמען די נעץ בײַ אזאַ מענגע װאַלפיש. בענאָני האָט זיך געװאָרגן פון אױפרעגונג. פלוצלינג האָט ער דערזען, װי די גאַנצע בוכטע קאָכט, און איבער איר שטײט אַ װײַסע כמאַרע פון פױגל. די בוכטע איז געװען געפּאַקט מיט הערינג. בענאָני האָט אַ געשרײַ געטון עטלעכע אָפּגעהאַקטע װערטער צו זײַנע מענטשן. און אַלײן האָט ער בליצשנעל זיך גענומען װאַרפן אַהין און אַהער. מ'האָט גענומען די נעץ פונאַנדערװיקלען. מ'האָט זי פאַרצױגן אין דער ברײט פון דער בוכטע פון אײן ברעג צום צװײטן. ער האָט די הערינג אַרױסגעשפּאַרט סאַמע אױף דער יבשה. אָט װי די גרױסע נעץ איז צונוץ געקומען?

דער שרעקלעכער גערודער, װאָס די װאַלפיש און די פײגל האָבן געמאַכט, איז נאָך אַלץ געשטאַנען איבער דעם ים, אָנװײַזנדיק די ריכטונג פון דער צװײטער סטאַדע הערינג.

בענאָני איז אײַנגעטונקט געװען אין שװײס ביזן לעצטן פאָדים, און די קני האָבן זיך בײַ אים אונטערגעבױגן, װען ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין שיפל, װי האָט געהײסן דורכפאָרן לענגאױס די נעץ, כדי אַכטונג צו געבן, צי פאַרצאָמט זי גוט די בוכטע.

„צוריקגערעדט, איז אפשר גוט. װאָס מיר זענען אָפּגעפאָרן פון יענעם אָרט". — האָט ער אַ טראַכט געטון.

ער האָט תיכף ומיד אָװעקגעשיקט צװײ מענטשן מיט אַ בריװ צו מאַקן, כדי אָנצוזאָגן װעגן זײַן גרױסן פאַנג. ער האָט געגעבן צו װיסן אױך װעגן דער קװאַליטעט פון די הערינג, װאָס איז באַשטאַנען פון אַ גוטן געמיש; װעגן דער טיף פון דער בוכטע, װאָס איז געװען אַזאַ, אַז עס איז נישט געװען װאָס מורא צו האָבן, די הערינג זאָלן באַקומען אַ בײַ־טעם פון דעם שלײַמיקן גרונט. חוץ דעם האָט ער מודיע געװען, אַז אין דער דאָזיקער געשעעניש זעט מען אַ פינגער פון גאָט: די הערינג האָבן זיך אומגעקערט אין סאַמע פיאָרד און האָבן זיך אַלײן פאַרשפּאַרט אין דער בוכטע פשוט פאַר אים אין די אױגן... „און װאָס איז שײַך צו דער גרױס פון דעם פאַנג, דערװעג איך מיך נישט אָנצורופן קײן צאָל, װעלכע איז באַװוסט מער נישט װי דעם, װאָס װײסט

דעם חשבון פון די שטערן אין הימל. אָבער די צאָל איז זייער גרויס. מיט דער גאַנצער אכטונג בענאָני האַרטוויגסען, מיין נאָמען".

מאַק אַז פאַר אים איצט אויך, ווי אַלע מאָל, געווען אַ גוטער פריינט, און האָט אַליין פון זיך פונאַנדערגעשיקט דעפּעשן אויף מזרח און אויף מערב, כדי צוצוציען פאַר בענאָני קונים. און יעדן טאָג זענען אין פיאָרד אָנגעקומען זעגלשיפן און דאַמפּערס און האָבן אַראָפּגעלאָזן די אַנקערס לעבן בענאָנים נעץ. עס זענען אויך געקומען פישער-שיפן פון אייגענעם דאָרף, כדי צונעמען הערינג פאַר די נעצן-העקלער ביים פישפאַנג אויף די לאָפּאָדענישע אינזלען. און מיט זיי האָט זיך בענאָני נישט זייער גערעכנט, און כמעט אומזיסט אַוועקגעגעבן אַ מעסטל נאָך אַ מעסטל.

אין דער שטילער בוכטע האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומבאַקאַנטע ביז איצט באַוועגונג. עס האָבן זיך באַוויזן אָנגעפּאָרענע סוחרים זייגערמאַכער-יידן, שטריק-טענצער און פרויען פון לייכטער אויפפירונג פון די שטעט. — גלייך ווי עס וואָלט זיך אָנגעהויבן אַ יאַריד. אויף די נאַקעטע, וויסטע ברעגן איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנץ קליין שטעטל פון קאַסטנס, ביידלעך, דעכלעך און שפּייכלערס. און ביי אַלעמען אין די הענט האָבן געבלאַנקט, ווי די שופּן פון הערינג, זילבערנע מטבעות.

# IV

אין פרילינג האָט מאַק אַליין געזאָגט צו בענאָנין:

— אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן, ליבער האַרטוויגסען, דו וואָלסט געדאַרפט חתונה האָבן.

געהערט דאָס, האָט זיך בענאָני געמאַכט כלומרשט פאַר אַ נעבעכל און האָט געענטפערט:

— קיינער וועט מיך נישט נעמען.

— אָבער דו דאַרפסט. פאַרשטייסט זיך, אַ שידוך טון, וואָס זאָל פּאַסיק זיין פאַר דיין לאַגע און פאַר דיין צושטאַנד. נישט

גלאַט אַזוי זיך. — האָט מאַק ווייטער געפירט זיינס. — איך קען אײנע אַ פּאַסיקע פאַר דיר פּערזאָן. נו, לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן. נאָר זאָג מיר אָט וואָס: דו האָסט עפּעס פיל היזק געהאַט אין דיינע געשעפטן מיט מיר?

— היזק?

— ס'איז עפּעס מאָדנע. ביי דיר דאַרף זיין געלט, אָבער דו גיסט עס מיר נישט אָפּ אויף צו היטן.

— ביי מיר איז שוין גאָרנישט גאָט ווייסט וואָס פאַר. אַן עשירות

— הייסט עס, אַז דו האַלטסט דאָס געלט אין קאַסטן. דאָס איז מאָדנע. פּונקט ווי דיינע זיידעס האָבן זייער געלט אַריינגע-לייגט ביי מיינע זיידעס, אַזוי וואָלסטו אויך געדאַרפט דיין געלט האַלטן ביי מיר. איך זאָג עס נישט צוליב עפּעס וואָס, נאָר גלאַט אַזוי זיך, מיר זענען דערצו נישט געוווינט.

בענאָני האָט נישט זיכער געענטפערט:

— די מעשה איז, וואָס די אַלטע האָבן מיך שוין צופיל אָנגעשראָקן.

— אַזוי גאָר? מסתמא האָט מען דיר דערציילט וועגן די באַנקראָטן נאָך דער מלחמה? מיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער סוחר און האָט נישט באַנקראָטירט. איך בין אויך אַ סוחר נישט פון די קליינע און בין אויך נישט באַנקראָט. און וועל מיט דעם אויבערשטנס הילף נישט זיין.

— איך האָב מיך טאַקע סיי־ווי געקליבן קומען צו אייך מיט מיינע פאַר גראָשן. — האָט בענאָני געזאָגט.

דעמאָלט איז מאַק ווידער אַוועק צום פענסטער און האָט געגומען, ווי זיין שטייגער איז, טראַכטן, אומגעקערט זיך צו בענאָ-נין מיט רוקן. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן רעדן:

—דאָס גאַנצע דאַרף קומט צו מיר, און איך בין ווי אַ לייבלע-בער פאָטער פאַר דעם דאָזיקן עולם. זיי גיבן מיר אַוועק זייערע פאַר גראָשן, ביז זיי וועלן זיי דאַרפן האָבן, און איך גיב זיי אַרויס אַ קוויטאַנציע מיט מיין חתימה: סירילונד, די און די דאַטע, דאָס יאָר, פערדינאַנד מאַק. גייט אַריבער אַ מער-וויניקער קורצע

צייט, קומען זיי צו מיר צוריק און בעטן זייער געלט. „און אַט זענען די צעטלעך", — זאָגן זיי. רעכט. איך צייל זיי אָפּ דאָס געלט. זייט אזוי גוט! דעמאָלט זאָגן זיי: „דאָס איז צופיל. ס'איז נישט געווען אזוי פיל". — „דאָס איז פּראָצענט". — זאָג איך.

— יאָ, פּראָצענט. — חזרט בענאָני איבער נישט חילנדיק.

— פאַרשטייט זיך, עס קלויבט זיך אָן א פּראָצענט. איך לייג דאָס געלט אַריין אין מסחר. און פאַרדין דורך דעם אויך געלט, — ענטפערט מאַק און דרייט זיך אום פון פענסטער — און דאָס איז שייך צו דיר, האַרטוויגסען, האָסטו דאָך א גרויסע סומע. דיר וועל איך ארויסגעבן נישט קיין פשוט צעטל, נאָר א פּייער־לעכע התחייבות, א היפּאָטעק. איך זאָג עס נישט צוליב עפּעס וואָס, נאָר סתם, אזוי טו איך. מיט גרויסע קאַפּיטאַליסטן קאָן מען זיך נישט באַגיין אזוי ווי מיט קליינע. זיי דאַרפן האָבן א פאַר־זיכערונג. מסתמא איז דיין סומע נישט אזא, אז איך זאָל זי דיר קאָנען צו יעדער רגע אַרויסלייגן פון דער קעשענע און אָפּגעבן, דעריבער וועל איך דיר ארויסגעבן א היפּאָטעק אויף סירילונד, אויפן הויף מיט אַלע פעלדער און אויף מיינע שיפן.

— איר לאַכט! — האָט בענאָני אויסגעשריגן א צעמישטער.

אָבער ער האָט זיך גלייך געכאַפּט פאַרגלעטן זיין אומאַכטונג און האָט צוגעגעבן: — איך וויל זאָגן, אז איר דאַרפט אזוי נישט רעדן, דאָס איז שוין באמת צופיל.

פון די קינדערשע יאָרן אָן האָט בענאָני כסדר נאָר געהערט וועגן דער עשירות און דער גרויסקייט פון מאַק פון סירילונד. דער האַנדלס־לאָקאַל אַליין מיט די שפּייכלערס, דער מיל, דעם בראָנפן־לאַגער, דעם האַפן פאַר די שיפן, דער שמידעריי זענען שוין ווערט געווען פיל מאָל מער פאַר דער באַשיידענער סומע, וואָס ער האָט אָנגעקליבן. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן דעם הויף מיט דער ערד, מיט די פייגל־אינזלען, מיט די יאַגאָדע־זומפּן, מיט די פלאַטפאָרמעס צו טרוקענען פיש. לסוף די שיף מיט די צוויי מאַסטבוימער און צוויי זעגל־יאַכטן.

און בענאָני איז אינגאנצן מטושטש געוואָרן, ווען מאַק האָט אים ווייך און נאָכגיביק געענטפערט:

— איך זאָג נאָר, אַז בײַ מיר איז אַזאַ מנהג. אַזוי אַז די וואָלסט געקאָנט זײַן גאַנץ רויק פאַר דײַן געלט. נאָר לאָמיר וועגן דעם מער נישט רעדן.

בענאָני האָט אַרויסגערעדט שטאַמלענדיק:

— טײַערער הער מאַק, דערלויבט מיר אַביסל אַ טראַכט צו טון. ווען די אַלטע וואָלטן מיך אַזוי נישט אָנגעשראָקן... נאָר אויב איר... איך וואָלט, אדרבא, זייער געוואָלט.

— לאָמיר וועגן דעם מער נישט רעדן. ווייסטו וועגן וואָס איך האָב געטראַכט די גאַנצע צײַט, וואָס איך בין געשטאַנען דאָ בײַם פענסטער? וועגן מײַן טויף-טאָכטער פרײַלין ראָזע באַרפוד. זי איז מיר עפּעס גלאַט אַזוי זיך געקומען אויפן זינען. די האָסט נישט געטראַכט אַביסל וועגן איר, האַרטוויגסען? אַ מאָדנער עולם, אָט די יוגנט! נאָך ווײַנאַכט איז זי אַוועקגעפאָרן אויף דרום און האָט דאָרט געוואָלט פאַרברענגען בײַ אַ יאָר, און איצט האָט זי זיך פּלוצלינג צוריק אומגעקערט אַהיים. מסתּמא האָט זי עפּעס צוריק אַהער 'אַ צי געטון. נו, דערווײַל זײַ געזונט, האַרטוויגסען. גיב אַ טראַכט וועגן דעם געלט, אויב די ווילסט. נאָר טו ווי די אַליין געפינסט פאַר בעסער.

אָבער אַרויסגעקומען איז אַזוי, אַז דער גוטמוטיקער בענאָני האָט דורכגעלאָזן אַ טאָג נאָך אַ טאָג און מאַכן דאָס געלט נישט געבראַכט. „זאָל ער זיך מיישב זײַן! — האָט, אפּנים, אין סירילונד זיצנדיק געטראַכט מאַק, דער דאָזיקער גליטשיקער פיש אין יעדן האַנדל. — זאָל ער זיך נישט אײַלן מיט קיין תּשובֿה”, — האָט ער זיכער געטראַכט, מחמת ער האָט זיך קיין טראָפּן נישט באַאומרויקט צו שיקן נאָך בענאָנין.

און בענאָנין האָט גאָט מיט קיין שׂכל נישט באַליידיקט. ער האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען מאַקס רמזים אויף דעם פּאַסטאָרס טאָכטער ראָזע. אָפּגעטראַכט עטלעכע טעג מיט נעכט נאָכאַנאַנד, קערנדיק דעם ענין אַזוי און אַזוי אויף אַלע זײַטן, האָט ער באַשלאָסן אָפּנאַרן מאַקן און לעבן מיטן אייגענעם שׂכל. ניין, ער האָט גאָרנישט אַזאַ עשירות, ווי מאַק וויל אים אײַנשמועסן. פונוואַנען האָט זיך עס גענומען בײַ אים געזאָלט? אַהאָ, בענאָנין האָט

מען נישט אומזיסט אַמאָל געהאַלטן פאַר אַ דורכגעטריבענעם יונג.

ער האָט זיך אָנגעטון אין צוויי רעקלעך און אין דעם יום-טובדיק העמד און איז אַוועק דורכן קהלשן וואַלד דורך די בערג. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן גלייך צום פּאַסטאָרס הויף. נאָר פריער פאַר דעם האָט ער משער געווען, אַז דער פּאַסטאָר גופא דאַרף זיין אין דער שכנישער קירכע, וועלכע געהערט צו זיין פּאַראַפיע.

ער איז אַריין אין קיך און האָט אויסגעטראַכט, אַז ער איז דאָ בלומרשט געשעפטלעך און דאַרף זיך אַריבערשיפן אויף יע-נעם זייט דורכגוס. אפשר וועט אים דער פּאַסטאָר געליען זיין שיפל.

— דער פּאַסטאָר איז נישטאָ אינדערהיים. — האָבן די דינסטן געענטפערט.

— איז אפשר דעם פּאַסטאָרס פרוי, אָדער פריילין ראָזע אינדערהיים? זאָגט, אַז בענאָני האַרטוויגסען לאָזט זיי גריסן.

דאָס שיפל האָט מען אים דערלויבט צו נעמען, אָבער נישט דעם פּאַסטאָרס פרוי, נישט פריילין ראָזע זענען נישט אַרויס און האָבן נישט געזאָגט: „גוט מאָרגן. גוט מאָרגן, האַרטוויגסען, קום זשע אַריין אין די צימערן!"

„אָט איז אַרויסגעקומען גאָרנישט מיט מערנישט!" — האָט בענאָני געטראַכט.

ער איז אַריבערגעשוווּמען אויף יענער זייט דורכגוס, אַביסל אַרומגעקראָכן איבערן וואַלד און איז צוריקגעקומען אין קיך באַ-דאַנקען פאַרן שיפל.

און אויך דאַסמאָל איז געווען דאָס זעלביקע, די הערשאַפטן האָבן זיך נישט באַוויזן.

„איז טאַקע גאָרנישט אַרויסגעקומען! — האָט בענאָני גע-טראַכט, גייענדיק אַהיים דורך די בערג. אין פיל הינזיכטן איז ער געווען אַזוי האַרט, ווי קיזלשטיין, נאָר פאַר די גרויסע לייט איז ער געווען געפאַלן און מטושטש. — וואָס זאָל איך טון?—האָט ער ווייטער געפירט זיין געדאַנק, טראַכטנדיק וועגן ראָזען, — זאָל איך חתונה האָבן לויט מיין לאַגע און פאַרמעגן, אָדער זאָל איך

נעמען אַ כּלה עמעצן פֿון מיינע פֿריערדיקע חברטעס און ווידער ווערן אַ גאָרנישט ?"

אינדערהיים האָט ער געהאַט פֿיל אַרבעט. ער האָט געדונ־גען פֿיר סטאָליאַרעס, וואָס האָבן אים געבויט אַ שפּייכלער פֿאַר די נעצן. אָבער אויף דער נשמה איז אים פֿונדעסטוועגן נישט ליב־טיקער געוואָרן; אדרבא, די אומצופֿרידנקייט זיינע איז אַלץ מער געוואַקסן, ער האָט אָנגעהויבן חושד זיין אַלעמען. אים האָט זיך געדאַכט, אַז מענטשן הויבן אים ביסלעכווייז ווידער אָן צו רופֿן פּשוט בענאָני, און נישט הארטוויגסען.

מיט וואָס האָט ער עס געקאָנט פֿאַרדינען אַזאַ גרינגשעצונג? איינמאָל האָט מאַק צו אים געזאָגט;

— דו בויסט אַ שפּייכלער, און דאָס איז אָן איבעריקע זאַך, דו וואָלסט ביי מיר אויך געקאָנט האָבן אָן אומזיסטן אָרט, ווי פֿריער. אָט אַ ניי שטיבל צובויען צו דיין הויז דאָס וואָלט נישט געשאַדט. אויב דו ווילסט חתונה האָבן לויט דיינע מיטלען, דאַרפֿסטו האָבן אַ פּאָר איבעריקע צימערן. די דאַמען האָבן עס ליב.

זיי האָבן וועגן דעם גערעדט אַביסל געגויער, און פּלוצלינג האָט זיך בענאָני פֿאַרגעשטעלט, אַז דאָס קנאַפּסטע, וואָס ער קאָן איצט טון, איז שענקען מאַקן פֿולן צוטרוי און אַריבערגיין אַהיים נאָכן געלט. אין וועג האָט ער ווידער אַמאָל אַלץ איבערגעוואויגן: ביי דעם קאָלאָסאַלן משכּון, וואָס מאַק גיט אים, האָט ער נישט וואָס אומרויק צו זיין פֿאַר זיין געלט, אדרבא, ער וועט דורך דעם ווערן מאַקס געהיימער שותּף און דער מיטבאַזיצער פֿון סי־רילונד. אָ, דאָס געלט! אַז עס איז דאָ מזל, קאָן עס אפֿילו אַ קבצן פֿאַרוואַנדלען אין אַ פֿריץ!

ער האָט געבראַכט זיין רייכטום אין אַ זאַק. אין אים איז געווען פֿיל זילבער. בענאָני האָט שוין נישט געוואָלט פֿאַרקלענערן די סומע: וויבאַלד אַז מאַק האַלט אַזוי פֿון זיין עשירות, דאַרף מען דעם כּבוד היטן. דעריבער האָט ער אויסגעסקראָבעט אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען, ביז עס האָט זיך באַקומען אַ קיילעכדיקע סומע פֿון פֿינף טויזנט דאָלאַר.

— גאָט מײַנער! האר פון דער וועלט! — האָט מאַק אויס־געשריגן, כדי אונטערצוחנפענען אים.

— איר זאָלט מער שוין נישט נעמען פאַר אומגוט, וואָס אזא נישט פּאַסיקע מאָרבע. קיין בעסערע האָב איך נישט.—האָט בענאָני באַמערקט, אָן אָנגעבלאָזענער פון גאווה.

מאַק האָט אים שוין נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פון די הענט.

— אָבער פאַרוואָס אזוי פיל זילבער? — האָט ער געזאָגט. פּאַפּירלעך זענען דאָך איצט אַל־פּאַרי.

— ווי זאָגט איר?

— אַל־פּאַרי. דאָס הייסט, אַז זיי זענען גלײַך ווי זילבער. דו ווייסט עס דאָך אַליין. נו, פונדעסטוועגן איז זילבער פּאָרט בעסער.

— איך האָב געמיינט, אַז אַלע געלטער, וועלכע איך וועל ברענגען, וועלן זיין גלייך גוט, סיי זילבער, סיי פּאַפּירלעך. — האָט בענאָני געזאָגט אביסל א באַליידיקטער.

מאַק האָט מער נישט געוואָלט אונטערהאַלטן זיין בארימע־ריי, און קורץ אָפּגעענטפערט: „פאַרשטייט זיך!" האָט ער גענומען ציילן. דאָס האָט געפאָדערט פיל צייט, די דאָלארס האָט מען צענויפגעלייגט אין סלופּיקעס, פון וועלכע מען האָט צענויפגעשטעלט קופּעס, וועלכע מען האָט צוריק געשאָטן אין זאַק אַריין. לסוף האָט מען די פּאַפּירלעך אויך איבערגעציילט, און מאַק איז פּיי־ערלעך צוגעטראָטן צום עסק און האָט אָנגעשריבן א לאַנגן שטר חוב.

— באַהאַלט וואָס בעסער דעם דאָזיקן דאָקומענט. — האָט ער פילבאַדייטיק געזאָגט צו בענאָנין.

אָבער דאָ איז איינגיכן פאָרגעקומען א מאָדנע זאַך. דעם פּאַסטאָרס מאָכטער ראָזע איז לאַ־די וואָס זי איז געקומען צו גאַסט קיין סירילונד, נאָר זי האָט פּראָסט און פּשוט גענומען קוקן אויף בענאָנין מיט אַ פרײַנטלעכן און א פאַרטראַכטן בליק, גלייך ווי זי וואָלט באמת געטראַכט וועגן אים. איינמאָל איז זי געקומען אויפן ברעג און האָט געזאָגט:

— מיר האָט זיך פאַרוואָלט אַ בליק טון אויף דיין נייעם שפּייבלער.

— ער איז עס נישט ווערט, אַז איר זאָלט אויף אים קוקן, — האָט בענאַני געענטפערט, תּיכּף מטושטש ווערנדיק פון פרייד. נאָכדעם, אַז ער איז אַביסל צו זיך געקומען, האָט ער צוגעגעבן: — איך וועל דאָס הויז אויך איבערבויען.

— וואָס רעדסטו? עפּעס אַ גרויסן אָנבוי ווילסטו מאַכן?

— איך האָב געהאַט בדעה צוצובויען איין זאַל און אַ קליין קעמערל צום שלאָפן. — האָט בענאַני פאַרזיכטיק געענטפערט.

— גאַנץ ריכטיק, — האָט פריילין ראָזע געענטפערט פריינטלעך — מסתּמא קלייבסטו זיך חתונה האָבן?

— ס'ווענדט זיך אָן דעם...

— איך ווייס, אמת, נישט, אַ וועלכע איז דיין צוקונפטיקע ווירטין, נאָר איך אויף דיין אָרט, וואָלט אַ שלאָפצימער אויך גע־בויט אַ גראָמס און אַ ליכטיקס.

— יאָ, — האָט בענאַני מסכּים געווען — איר וואָלט וועלן אַזוינס?

— יאָ.

בענאַני איז שוין גאָר אינגאַנצן ביי זיך האָפערדיק געוואָרן, און ווען ראָזע האָט זיך צוגעקליבן אַוועקצוגיין, האָט ער געפרעגט:

— טוט זשע מיר שוין דעם כּבוד און קומט אַ בליק טון, ווען אַלץ וועט זיין פאַרטיק.

האָט בענאַני אויסגעבויט אַ זאַל און אַ גרויס שלאָפצימער און האָט אפילו עטוואָס איבערגעבאַפט די מאָס און דאָס שלאָפ־צימער אויסגעבויט פון איין גרויס מיט דעם זאַל. ווען ראָזע איז געקומען אַ בליק טון, האָט זיך בענאַני דערשראָקן, ווי אַ האָז: ווי, אויב פלוצלינג וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ס'איז נישט גוט? אָבער זי האָט ווידער געזאָגט פריינטלעך, אַז טאַקע פונקט אַזוי האָט זי זיך אַלץ פאַרגעשטעלט.

און דאָ איז געווען די רעכטע צייט צו זאָגן איר אַזאַ מין ווערטל, אָבער ער האָט זיך נישט באַשלאָסן. נאָר אין אָוונט איז ער אַוועק קיין סירילונד צו מאַקן און האָט אים געבעטן רעדן

פאר אים, אויב ער מיינט, אז ס'קאָן דערפון עפּעס ארויסקומען.

מאק האָט זיין שליחות אָפּגעגעבן אין עטלעבע קורצע און קלאָרע ווערטער; האָט צו זיי ביידן א שמייכל געטון און איז ארויס פונם צימער.

זיי זענען געבליבן אליין.

— איך דארף דיר, בענאָני, זאָגן, אז איך טראכט נישט, אז פאר דיר זאָל דערפון ארויסקומען עפּעס גוטס, — האָט ראָזע אים אָפּן געמאָלדן — איך בין א לאנגע צייט געווען א כלה פאר איינעם א מענטשן דאָרט אויפן דרום. דאָס איז עס די סיבה, וואָס איך פלעג אזוי אָפט אוועק פון דערהיים.

— וועט איר אפשר מיט אים מאַקע חתונה האָבן?

— ניין, דאָס וועט נישט זיין. קיינמאָל וועל איך מיט אים קיין חתונה נישט האָבן.

— דעמאָלט וואָלט איר אפשר מיט מיר חתונה געהאַט? נאָר אזא בין איך שוין, ווי איך בין, א פּראָסטער מענטש. אזוי אז מען קאָן גאָר דערויף נישט האָפן.

ראָזע האָט א טראכט געטון, לאנגזאַם צונויפציענדיק די ברעמען.

— מילא, מירן פּרווון, אפשר, בענאָני. מיין טויף-פאָטער זאָגט, אז איך דארף דיך נעמען. אָבער איך מוז דיר זאָגן, — האָט זי צוגעגעבן שמייכלענדיק—אז דו ביסט נישט מיין ערשטע ליבע.

— ניין, ניין, איך מיין עס אפילו נישט! און דאָס איז פאר מיר גאָרנישט וויכטיק. — האָט בענאָני געענטפערט.

אזוי איז עס געבליבן.

די וויטעדדיקע וואָכן האָט מען פיל גערעדט וועגן דער דאָזיקער אומגעווינלעכער געשעעניש. אפשר איז עס מאַקע געווען א פינגער פון גאָט, נאָר אלץ איינס איז דאָס געווען א וואונדערלעכע זאך. און ביים שמש אין הויז האָט מען אפילו אָפן געזאָגט: „א פינגער פון גאָט? אין אלץ זענען שולדיק די הערינג. וואָלט דער דאָזיקער בענאָני נישט רייך געוואָרן פון הערינג, וואָלט ער קיינמאָל ראָזען נישט באַקומען.

מילא, איז דאָך בײם שמש געװען אַ זון, פֿאַר װעלכן ראָזע דעם פּאַסטאָרס װאָלט געװען אַ סך אַ גלײכערער שידוך.

# V

אַזױ זענען אַריבער עטלעכע װאָכן. ראָזע איז אָפֿט געװען בײ מאַקן אין סירילונד, און בענאָני האָט זיך יעדעס מאָל געזען מיט איר. מענטשן האָבן זײ נישט אױסגעװאָרפֿן אײנער מיט דעם אַנדערן. ס׳איז נישט אָנגענומען געװען אױפֿצוװאַרפֿן אַ פֿאַרל, װאָס לײקנט גאָרנישט נישט אָפּ, אָבער ראָזע מיט דעם בריװטרעגער בענאָני האָבן זיך, אדרבא, אָפֿן מודה געװען, אַז זײ זענען חתן־כּלה.

בענאָני האָט זיך פֿאַרנומען װײטער מיטן פֿאַרענדיקן זײן הױז און זײן שפּײכלער, האָט אַרומגעשאַלעװעט דאָס הױז מיט ברעטער און אָנגעפּאַרבט, װי בײ אַנדערע גבירים; און לײטן האָבן גערעדט, קוקנדיק אױף זײן שטוב פֿון דער זײט פֿון ים: „אָט איז בענאָנים פּריצישע הױז.״

אין סירילונד איז געװען אַ װעראַנדע, און בענאָני איז אַלץ אַרומגעגאַנגען און האָט געטראַכט, צי זאָל ער אפשר אױך מאַכן אַזאַ װעראַנדע, אַביסל אַ קלענערע, פֿאַרשטײט זיך, אָן שום שני־צעבעך, נאָר פּשוט, עס זאָל זײן אַן אָרט, װו מען זאָל קאָנען אַװעקשטעלן אַ פּאָר בענקלעך צוזיצן זיך. לכתּחילה האָט ער מבוח דעם גערעדט מיט אײנעם פֿון די פֿאַרבערס.

— איך האָב אַזױ פֿאַרריסן די נאָז, אַז איך װיל מיר דאָ אײנאָרדענען אַ פֿאַרמאַכט דעכל, אַזױ זיך, גאָר אַ פּראָסטינקס. — האָט ער געזאָגט.

דער מאָלער, אַ דאָרפֿישער בחור, האָט גאָרנישט נישט פֿאַרשטאַנען. אַ דעכל?

— לײטן רופֿן עס װעראַנדע. — האָט בענאָני דערקלערט און זיך אָפּגערוקט אָן אַ זײט.

— אױף װאָס דאַרף מען עס האָבן?

— דאָס ביסטו טאַקע גערעכט. נאָר פּשוט, גלאַט אַזוי זיך, פון פאַרגעניגן וועגן. עס זאָל זיין אַן אָרט פונוואַנען אַ בליק צו טון.

צי האָט זיך אָקאָרשט דער פאַרבער נישט פונאַנדערגעלאַכט? בענאָני האָט זיך גלייך אַנטשלאָסן. לאַכן זיך אין פנים אַריין וועט ער נישט דערלויבן. ער האָט גערופן די סטאָלערס, דערקלערט זיי מיט איבעריקער אַנטשלאָסנקייט, וואָס וויל ער אַזוינס, אָנגעמערקט די הויך, אָנגעוויזן אַלץ, וואָס מ'דאַרף.

— דאָס דאַרף זיין אַזאַ אָרט, ווו מען זאָל זומער קאָנען זיצן און טרינקען קאַווע. — האָט ער געזאָגט.

די סטאָלערס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר מער פאַרשטענדיקע, זיי זענען געווען אָנגעקומענע פון דער פרעמד און האָבן שוין עפּעס וואָס געזען אויף זייער לעבן.

— מענטשן מיט פאַרמעגן האָבן שטענדיק וועראַנדעס.—האָבן די סטאָלערס געזאָגט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אין עטלעכע טעג אַרום איז בענאָני געקומען מיט אַ נייעם אויסטראַכטעניש. אין סירילונד איז נאָך געווען אַ טויבנשלאַק אויך. ער איז געשטאַנען אינמיטן הויף אויף אַ הויכן סלופּ און איז געווען אָפּגעפאַרבט מיט ווייסע פאַרב, און אויפן שפּיץ פונם הייזעלע גופא האָט געבלאַנקט אַ מעשענע קויל. די דאָזיקע פייגל האָבן אַריינגעטראָגן אַ גרויסע באַלעבונג, און די הינער האָט מען בשום אופן נישט געקאָנט גלייכן צו די טויבן.

— אויב מיר וועט אַמאָל איינפאַלן צו פאַרפירן ביי זיך אמתע טויבן, וועל איך נישט האָבן ווו זיי אַהינצוטון. — האָט בענאָני געזאָגט.

ער האָט אַ רוף געטון די סטאָלערס מיט זיך און האָט זיי באַוויזן, ווו אַוועקצושטעלן דעם טויבנשלאַק.

די וואָכן זענען געפלויגן. דער הערבסט האָט זיך דערנענטערט. בענאָני איז אַלץ געווען פאַרעסקט אינדערהיים און איז נישט אַרויסגעפאָרן מיט דער נעץ. די סטאָלערס און די פאַרבער זענען אַוועקגעפאָרן, נאָכדעם ווי זיי האָבן אַריינגעשטעלט קאָלירטע שויבן. דער כיטראַק בענאָני האָט עס אויסגעטראַכט פון זיין אייגענעם

קאָפּ. די שויבן זענען געווען בלויע, רויטע און געלע.

נאָר אַז די בעל-מלאכות זענען זיך פונאַנדערגעפאָרן, איז בענאָנין געוואָרן אומעטיק. ער איז אַוועק צו ראָזען און האָט גע־זאָגט, אַז ער האָט שוין קיין כוח נישט מער צו לעבן איינער אַליין, און צי מיינט זי נישט, אַז ס׳איז שוין צייט זיי צו שטעלן חופּה? אָבער ראָזע האָט זיך נישט געאײַלט צו פאַרשקלאַפן זיך. חופּה שטעלן קאָן מען אין פריילינג אויך. קיינער טרייבט נישט.

דערווייל האָט בענאָני ביסלעכווייז געפּישערט ביי די ברעגן. נאָר ווען די בוכטע האָט זיך גענומען פאַרדעקן מיט אייז, איז צו שווער געוואָרן דורכצורייסן זיך, און דער פיש־פאַנג האָט אויפ־געהערט. בענאָני האָט דעמאָלט נישט געהאַט וואָס צו טון, סיידן גיין אַלע זונטיק אין דער קירך. אָך, עס זענען געווען אַזעלכע טעג, ווען ער וואָלט צופרידן זיין, צוריקצונעמען זיך פאַרן רענצל מיטן לייב. נאָר איצט האָט עס שוין געטראָגן איינער אַ באַלעבאָס פון דעם פּאַסטאָרס הויף, אַ מענטש מיט אַ משפּחה, וואָס האָט קיין כבוד פון קיינעם נישט געהאַט.

פלעגט בענאָני קומען אין דער קירך. ער טראָגט צוויי רעקלעך און הויבע שטיוול מיט לאַקירטע כאַליעוועס. ער האָט נישט געבויגן דעם רוקן, נאָר געהאַלטן זיך גלייך, ווי אַ סטאַטוע, און די תּפילות האָט ער געזונגען נישט מיד ווערנדיק. פאַרברענ־גענדיק אָבער מיט לייטן אויפן קירכן־בערגל, האָט ער זיך גע־האַלטן נישט ווי אַ נאַר, וואָס דערקענט נישט קיין מענטשן, אָרע־מערע פאַר זיך; ער האָט אָבער אויך אומזיסט נישט געפירן צו־ליב אַבי וואָס פאַרא שמועס.

— איך מיט מאַקן... — פלעגט ער זאָגן. — גלויבט מיר אויפן וואָרט, מיר האָבן נעכטן באַקומען אַ דעפּעש, הערינג גייט פון ים!

דעם לענסמאַנס שרייבער איז, נאָכדעם ווי ער האָט פאַר־געלייענט די מעלדונגען, צוגעגאַנגען מיט פראַגעס:

— אפשר פאַראַן ידיעות מכּוח הערינג?

בענאָני האָט געענטפערט:

— איך מיט מאַקן זענען נעכטן געווען אויפן דאַמפּער און זיך נאָכגעפרעגט.

נאָך אַ פראגע, און בענאָני האָט געענטפערט.

— פון מאָרגן אָן הויב איך אָן ביסלעכווייז צו גרייטן זיך! און דער עולם האָט זיך געקליבן אַרום און געהערט, שאָקלענדיק מיט די קעפּ.

— נו, איז דאָס אַ טייוול, אָט דער בענאָני! באַקומט דעפּעשן מבוח הערינג שיר נישט פונם רבונו של עולם אַליין!

און בענאָני האָט אַריינגערוקט די האַנט אין זיין געדיכטער גריווע און געשמייכלט, באַווייזנדיק שטאַרקע געלע ים-פערדישע רייסציין. ניין, דאָס איז שוין איבערגעכאַפּט די מאָס, דאָס איז אַ גוזמא. נאָר, גאָרנישט, אַביסעלע געניטקייט האָט ער פונדעסטוועגן.

דעם לענסמאַנס שרייבער איז מיט אים צוזאַמען אַוועק פון דער קירך. זיי זענען איצט געווען גלייכע. בענאָני איז געווען רייך, נאָר יענער איז, אויב איר ווילט, אפשר געווען אַביסל איידעלער אין רעדן און באַנעמען זיך. אגב, ערשט נאָכדעם, ווען בענאָני איז געוואָרן אויס באַגלויבטער און רעכטע האַנט פונם לענסמאַן, האָט דער אַלטער געמויט נעמען אַ שרייבער פון די שטאָטישע.

זיי האָבן אַביסל גערעדט וועגן בענאָנים הויז, וועגן זיין וועראַנדע, ס׳אַרא וואַזשנע זי איז אַרויסגעקומען, וועגן דעם טויבנשלאַק, וועגן חתונה. בענאָני האָט אַביסעלע פון אויבן אַראָפּ זיך געוויצלט איבערן ווייבערשן מין, איבער די דאַמען; ווער קאָן זיי פאַרשטיין? וואָס אַזוינס האָט זי אין אים געפונען? ער איז דאָך אַ פּשוטער שקיפּער פון זעגל-שיף! און ער האָט ראָזען אָנגערופן זיין ליב פריינטל.

— איך דאַרף, הייסט עס, מאַכן דעם אויספיר, — האָט דעם לענסמאַנס שרייבער געזאָגט — אַז איר וואָלט איצט נישט מסכים געווען מיט איר צו שיידן זיך פאַר קיין גליק אין דער וועלט נישט?

— אפילו פאַר דאָס אַלץ, וואָס איר זעט דאָ, — האָט בענאָני געענטפערט, אָנווייזנדיק אויף זיין הויז — שיידן זיך מיט איר? דאָס איז אוממעגלעך. איך האָב באַזיגט איר האַרץ.

— און אַז איר שפּאַצירט און רעדט מיט איר, רעדט איר

פונקט אַט אַזוי, ווי מיר איצט, — וועגן פּשוטע זאַכן, וועגן אַלץ, וואָס עס קומט אויפן זינען?

— איך רעד מיט איר פונקט אַזוי פראָסט און נישט אויפן שטייגער פון די געלערנטע, ווי מיט אייך. — האָט בענאַני געענטפערט.

— ווונדערלעך! — האָט דעם לענסמאַנס שרייבער געזאָגט.

זיי זענען דערגאַנגען ביז בענאַנים הויז און אריין. נאָך עטלעכע קעלישקעס האָט זיך באַוויזן קאַווע און צובייסן, און דערנאָך האָט מען זיך ווידער גענומען פאַר די קעלישקעס. בענאַני האָט געוואָלט פיין מכבד זיין אַזאַ גאַסט, זיין גלייכן, וואָס ער האָט סוף־כל־סוף טאַקע געפונען. און דער זאַל האָט גענומען קלינגען פון זייער הויכן שמועס, דעם לענסמאַנס שרייבער איז געווען אַ יונגער מאַן, האָט געטראָגן שטאָטישע קליידער און אַ געקראָכמאַלעט קעלנערל. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט כּדבעי אויסגעלערנט אַלע געזעצן ביי דעם לענסמאַן, אַזוי אַז מיט אים איז וויכטיק געווען צו לעבן בשלום.

— איך האָב מיך איצט אויסגעריבן אין פיל זאַכן, און וואָס שייך צו קאַנצעלאַרישע ענינים, זענען ביי מיר אַלע פּראָטאָקאָלן אויפן קאָפּ. איך געדענק אַלץ אויסנווייניק, — האָט ער גערעדט — נאָר מיט ראָזע באַרפוד, ריכטיקער מיט פרייליין באַרפוד וואָלט איך נישט געוואָלט אָנהויבן אַ שמועס.

— זי וואָלט דיך נישט איינגעביסן, — האָט בענאַני געענטפערט — אָנהויבן אַ שמועס? ליבער מענטש, איך נעם זי אויף די הענט און הויב אויף. מען דאַרף זיך נאָר קאָנען נעמען. נו, פאַרשטייט זיך, איך פיר מיך, ווי עס פאָדערט זיך מיט אַזאַ וויכטיקער דאַמע, און שטעל זי פּאָרזיכטיק צוריק אַוועק אויף דער פּאָדלאָגע. אמת, רעדן פאַר איר ווי אַ פויער, אָדער אויפפירן זיך ווי אַ חזיר, טאָר מען נישט. טו אַ בליק, אָט האָט זי מיר געשענקט אַ טאַבאַק־בייטעלע, דאָס האָט זי מיר געשענקט.

זיי האָבן באַקוקט דאָס בייטעלע, וואָס איז אויסגענייט געווען מיט זייד און פּאַטשערקעס. אָבער דאָ האָט בענאַני גוט אָנגעלייגט, אַז ער האָט דאָס בייטעלע באַקומען אַ מתּנה פון ראָזען.

אינדעראמתן האָט ער עס גאָר אַליין געקויפט אין בערגען, ווען ער איז אַהינגעשוווּמען אויף דעם צוויי-מאַסטיקן זעגלשיף.

דאָס בייטעלע האָט געמאַכט אַן איינדרוק, און ביי בענאָנין האָט זיך צעפלאַמט דער חשק נאָך אויסצובארימען זיך, כדי צו באַווייזן, וואָס פאַרא ליב פריינטל גאָט האָט אים צוגעשיקט.

— ווען איך וואָלט דיר נאָר קאָנען באַווייזן אַלץ, וואָס זי האָט מיר אָנגעשענקט! — האָט ער געזאָגט. — פאַראַן קעלנערלעך, און שאַלן, און נאָז-טיכלעך, און אַלץ איז אויסגענייט מיט זייד און מיט פאַטשערקעס. אַלע קעסטלעך און קאַסטנס זענען ביי מיר פול אָנגעפּאַקט.

— וואונדערלעך! — האָט דער שרייבער אויסגעשריגן.

און בענאָני האָט ווייטער גערעדט:

— אָט רעדט איר אַלץ מכוח געלערנטקייט און אַנדערע זאַכן דאָרט. אָבער וואָס אַזוינס וועט איר זאָגן וועגן דעם, ווער עס איז געלערנטער פאַר אונז ביידן? איינמאָל האָט זי מיך פשוט איבערגעשראָקן.

— ווי אַזוי?

בענאָני האָט זיך דערמאָנט אַ צופאַל, וואָס האָט אויף אים בשעת מעשה געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק, אָבער ער האָט נישט געאיילט צו דערציילן וועגן דעם. ער האָט אָנגעגאָסן נאָך צו גלעזלעך, זיי האָבן אויסגעטרונקען, בענאָני האָט אויף זיך ארויפגעצויגן אַ געהיימניספול און אַ פייערלעך פנים. די מעשה איז אַזאַ: מען האָט אין ים געפונען אַ פלעשל מיט אַ צעטעלע, און דריי מענטשן פון די עקסטע שכערן זענען געקומען צו שווימען אין אַ שיפל מיט דעם פלעשל. מען איז אַוועק צום לערער, האָט ער גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען. מען איז אַוועק צום פּאַסטאָר, האָט ער אויך גאָרנישט נישט פונאַנדערגעקליבן. דעמאָלט האָט מען באַשלאָסן צו גיין דערמיט צו מאַקן...

— איר ווייסט אַליין, צי זענען פיל אַזעלכע זאַכן פאַראַן, וואָס מאַק זאָל זיי נישט פאַרשטיין, אָבער דאָ איז ער אויך געבליבן שטיין. איך בין אַליין געזעסן אויף דער סאָפע אין זיין זאַל, ווען מען האָט געבראַכט דאָס פלעשל, און מאַק האָט זיך

געוועזט גענומען לייענען. „וואָס אַזוינס זאָל דאָס באַדייטן?" — האָט ער געזאָגט. נאָכדעם האָט ער מיך געפרעגט. איך האָב גאָרנישט געקאָנט ענטפערן, מאַק האָט געטראַכט, געלייענט, ווידער גע־טראַכט, אפילו די הענט האָבן ביי אים גענומען טרייסלען זיך. איך האָב שוין געוועןן אָנגעהויבן צו טראַכטן, צי איז אָפּטמאָל אין דעם צעטל נישטאָ עפּעס אַזוינס, וואָס מאַק וויל באַהאַלטן פאַר זיך אַליין. „דאָס איז וועגן הערינג", — האָב איך אַ טראַכט געטון. — „אפנים, ערגעץ ווו גייט אַ גרייליכער פאַנג". וואָרום איר ווייסט דאָך אַליין, אַז מאַק האָט איבער אַלע קעפּ אַ קאָפּ. אָבער איך האָב עס אומזיסט וועגן אים אַזוי אַ טראַכט געטון. ער האָט פּלוצלינג אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערלאַנגט אַ געשריי אַרויף־צו: „ראָזע!" און ראָזע איז אַראָפּ אונטן.

פויזע. די געשעעניש האָט זיי ביידן אינגאַנצן פאַרשלונגען. דעם לענסמאַנס שרייבער האָט נאָך אַ קורצן שווייגן געפרעגט:

— און זי האָט איבערגעלייענט? איך זע שוין, איך בין דאָך נישט אַזאַ נאַר. זי האָט איבערגעלייענט דאָס צעטעלע?

בענאָני האָט אַביסל צייט געשוויגן, כּדי צו פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק:

— זי האָט שוין איבערגעלייענט! — האָט ער אַרויסגערעדט פּילבאַדייטיק.

— עס קאָן נישט זיין!

— פאַר איר איז דאָס אַלץ איינס, וואָס איבערלייענען אַני מאמין, אָדער עפּעס אַן אַנדער קליינקייט.

— וווּנדערלעך! — האָט דער שרייבער געזאָגט.

— איבערגעלייענט פּינטל און פּינטל, ווי אויף איר מאַמע לשון. איך בין פשוט געוואָרן מטושטש. מיר האָט זיך שוין שיר נישט פאַרגעשטעלט, צי איז זי נישט אָפּטמאָל פון יענער וועלט, אָדער צי נישט פון גהינום אַרויס.

— און וואָס איז געהען אין צעטעלע?

— וועגן עפּעס מענטשן, מיט וועלכע עס האָט זיך געטראָפן אַ קאַטאַסטראָפע.

זיי האָבן נאָך געטרונקען, ווי ס'געהער צו זיין, נאָך דער־

דאָזיקער שרעקלעכער דערציילונג און האָבן פארגעסן וועגן דעם פלעשל, וואָס מען האָט געפונען אין ים. דער שמועס איז אריבער אויף דער נעץ, אויף דער זעגל-שיף „פינטוס", און אויף דער נסיעה קיין בערגען.

— וואָס איז שייך די הערינג, — האָט בענאָני געזאָגט — פאַר-לאַנג איך נישט קיין בעסערס, ווי כאַפּן נאָך אַזאַ סטאַדע. אַרום דער נעץ, וואָס איז געפּאַקט מיט הערינג, ווערט געשאַפן אַ גאַנצע שטאָט. עס פאָרן זיך צונויף יידן, און גאָלדשמידן, און אמתער יאַ-ריד. אָט קאָן איך דאָ אפילו קיין גאָלדענע רינגען נישט באַקו-מען, איידער עס קומען אָן די הערינג, מיט פוסטע הענט אליין קאָן מען גאָרנישט נישט מאַכן.

נאָר דעם וויכטיקסטן טריומף זיינעם האָט בענאָני געלאָזן צום סוף: מאקס דאָקומענט אויף פינף טויזנט טאָלער, די היפּאָ-טעק. ער האָט גאָרנישט נישט געהאָט קעגן דעם, אַז די דאָזיקע נייעס זאָל זיך פאַרשפּרייטן, און מיט דעם אויסרייד, אַז מען דאַרף דאָס פּאַפּיר באַווייזן אַ געניטן מענטשן, האָט ער עס אַרויס-געשלעפּט און פונאַנדערגעלייגט פאַר דעם שרייבער.

יענער האָט לאַנג געשוויגן און אויסגעשטודירט דאָס פּאַפּיר.

— וואָס וועט איר זאָגן דערויף? — האָט בענאָני געפרעגט.

דער שרייבער האָט געענטפערט:

— פּונקט ווי גאָלד.

— איך האָב אליין אויך אַזוי געטראַכט. און ווי מיינט איר, סירילונד מיט אַלע פעלדער איז ווערט פינף טויזנט דאָלאַר?

און בענאָני האָט גענומען איבעררעכענען די אַלע פעלדער, וואָס איצט איז ער אליין געווען זיין מיטבאַזיצער. ער איז שיר נישט צעשוואָלן געוואָרן פון וויכטיקייט.

דעם לענסמאַנס שרייבער האָט ווייטער געשטודירט דאָס פּאַ-פּיר און לסוף האָט ער געזאָגט:

— נאָר מען דאַרף עס איבערלייענען אויפן טענג און באַשטע-טיקן. אַזוי פאָדערט זיך לויטן געזעץ.

# VI

די הערינג, וואָס בענאָני האָט וועגן זיי נביאות געזאָגט זענען אַלע נישט געקומען, און ער האָט נישט געקאָנט קויפן קיין קדושין-רינגען. ס׳איז נישט געווען אַזוי, ווי ס׳וואָלט באַדאַרפט צו זיין. בענאָני איז אַוועק קיין סירילונד און האָט געזאָגט צו ראָזען:

— וואָס וואָלסטו זאָגן וועגן דעם, אז מיר זאָלן שטעלן חופּה? — אַזוי ווי זי האָט נישט געענטפערט: „מילא, לאָמיר חתונה האָבן!" און איר פּנים האָט באַקומען אַזאַ איינגעשלאָסענעם קאַלטן אויסדרוק, האָט ער געפרעגט: — טאָ וואָלטן מיר אפשר געלאָזט מאַכן אַ מעלדונג אין דער קירך?

— ס׳איז נאָך דאָ צייט, — האָט זי געענטפערט — דו וועסט דען אויף ווינטער נישט פאָרן אויף די לאָפּאָדן-אינזלען?

— כ׳האָב מיך נישט געקליבן.

ער איז געווען אַביסל באַליידיקט. אַ מענטש מיט זיין פּאַרמעגן פאָרט נישט אַליין פיש כאַפּן. איבעריקנס, זי האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט געזאָגט אַ נאַרישקייט, און האָט זיך געמיט צו פאַרריכטן:

— איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט פאָרן מיט דער זעגלשיף פון מאַקן.

— ניין, מאַק האָט מיר גאָרנישט נישט געזאָגט.

— כ׳ווייס. און דו אַליין ווילסט מיט אים נישט רעדן?

אַ באַליידיקטער נאָך מער, האָט בענאָני געענטפערט:

— איך נויטיק מיך נישט אַזוי.

זי האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיינער, כדי צו פאַרגיטיקן אים. אָך, ס׳אַראַ מאָדנער מענטש זי איז, זיצט זיך דאָ לעבן אים, שמייכלט מיט איר זאַפטיקן וווּנדערלעכן מויל און זאָגט נישט: „קום, לאָמיר שוין שטעלן חופּה!"

ווער קאָן אים פאַרשטיין, דעם דאָזיקן דאַמישן עולם!

ער האָט זי אַרומגענומען אַרום האַלז און אַ קוש געטון. זי

האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט. דאָס איז געשען דאָס צווייטע מאָל שוין.

— איך וועל דיר קויפן אַ גאָלדענעם רינג און אַ גאָלדענעם צלם. — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, יאָ, נאָר איילן זיך איז נישטאָ וואָס.

— ליבער גאָט, וואָס טוט זיך מיט דיר אַזוינס? — האָט ער געפרעגט, קוקנדיק אויף איר. — צי דען איז ביי דיר אַלץ נישטאָ וואָס צו איילן זיך?

די גרויע אויגן אירע האָבן גענומען טונקל ווערן, גלייך ווי די זון וואָלט פאַרגאַנגען. זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז פון אים אָפּגעטראָטן אויף עטלעכע טריט.

— מיט מיר טוט זיך גאָרנישט נישט... און קיין הערינג וועט היינטיקס יאָר אפשר גאָרנישט זיין?

— מ'ווייסט נישט, ווי ס'וועט אויסקומען. נאָר אויב הערינג וועט זיין, וועל איך פאָרן. איך פאַרשטיי אַזוי, אַז דיר ווילט זיך עס.

ווידער האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלביקע. זי האָט זיך געזעצט לעבן אים, כדי איינצונעמען אים מיט ווערטער. כאַפּנדיק זיך, אַז די דאָזיקע טאַקטיק ברענגט אים געוויסע נוצן, האָט ער זיך גענומען פון צייט צו צייט, מיט פּאַסיקע הפסקות איינמיטן, ברוגזן, נויטנדיק זי שלום צו מאַכן אמאָל דורך אַ ליבלעך וואָרט, אמאָל דורך אַ גלעט איבערן האַנט. ראָזע איז קאַרג געווען אויף לאַסקעס, און נאָר דעמאָלט האָט זי אַרויסגעוויזן צו אים צערט-לעכקייט, ווען זי איז געווען גענויט דערצו.

— באַשטים כאָטש דעם טאָג, — האָט בענאָני געזאָגט — מיר דאַרפן דאָך באַשטימען דעם טאָג פון דער חתונה.

זי האָט געזען, אַז זי וועט זיך נישט אַרויסדרייען, און האָט באַשטימט אָפּצוציען אַזוי לאַנג, וויפל ס'וועט זיך נאָר לאָזן, און עפּעס געזאָגט מכוח אַ יאָר, אָדער נאָענט דערצו. ווי מיינט ער, אויב אין אַ יאָר אַרום, רעכענענדיק פון קינפטיקער ווייַנאַכט? אַ נייע באַליידיקונג.

— איך וועל דיר צו די פיס נישט פאַלן, — האָט בענאַני געזאָגט.

לסוף האָבן זיי זיך צונויפגערעדט ביידע, מאַכנדיק הנחות, און ראָזע האָט טאַקע אָפּגעצויגן דעם טערמין במעט ביזן מיטן פון קומענדיקן יאָר. ס'איז געבליבן צו וואַרטן נאָך אַ גוטן האַלבן יאָר, במעט אפילו זיבן חדשים...

איידער בענאַני איז געגאַנגען אַהיים, איז ער אַריין צו מאַקן אין געוועלב. מאַק אַליין מיט צוויי יונגען האָבן אויסגעשטעלט פּרייזן אויף די נייע סחורות, וואָס מען האָט אויסגעשריבן צו ווײַנאַכט. אויף דער ערד זענען געשטאַנען גרויסע אָפענע קאַסטנס, פון וועלכע זיי האָבן אַרויסגענומען צייג און פאַרשידענע זאַכן און פונאַנדערגעלייגט אויף די פּאָליצעס. אין געוועלב איז געווען זייער קאַלט, די טינט איז געוואָרן פאַרגליווערט און פאַרוואַנדלט אין אַ קאַשע, אַזוי אַז מאַק האָט זי אָנגעוואַרעמט מיט זיין אָטעם יעדן מאָל, ווען ער האָט געדאַרפט אָנשרייבן אַ ציפער. ער איז געווען אין הענטשקעס, אָבער די יונגען האָבן ביידע געאַרבעט מיט נאַקעטע הענט.

צייטנווייז איז אין קלייט אַריין אַ קונה.

בענאַני האָט געבעטן אַ לוח אויפן קומענדיקן יאָר. ער האָט אים דורכגעקוקט, אונטערגעצייכנט די ליקוי-חמה און לבנה, די יאָרידן אין די צפון-פּראָווינצן און האָט געמאַכט אַ לאַנגן שמריך וויט אין יאָר אַריין, ערגעץ אַרום מיטן זומער. „מיטוואָך, — האָט ער אַ טראַכט געטון, — דער טאָג פונם הייליקן סילוועסטער, פּונקט צום מולד.“

— ווי-זשע וועט טאַקע דער עולם היי-יאָר בלייבן אָן הערינג? — האָט מאַק געפרעגט, אַריינגייענדיק אין בענאַנים אינטערעסן.

אמת, מאַק איז געווען זיין גרויסער בעל-חוב, אָבער מיט אַ פריינטלעך וואָרט פון אים האָט ער זיך, פּונקט ווי פריער, שטאַרק גרויס געהאַלטן, אַזוי געאַכט איז ביי אַלעמען געווען דער-אָ אַלטער אַריסטאָקראַט. אַך, דער דאָזיקער מאַק פון סירילונד! ער האָט שטענדיק געטראָגן אין זיין נישט-געקראָכמאַלעטער

מאנישקע א בריליאנטענע נאָדל, און אויף די פיס — פּראַקטישע שטאָטישע שיך מיט שאַרפע נעזלעך. ער האָט שוין פיל יאָרן געפאַרבט די האָר און די באָרד.

— נישטאָ און נישטאָ קיין הערינג, — האָט בענאָני געענט-פערט — אפשר קאָן מען מיט אייך אביסל שמועסן אין קאָנטאָר?

— וואַרט א רגע.

צי האָט מאַק אפשר געוואָלט געווינען צייט, עטלעכע מי-נוט אויף טראַכטן. ער האָט קיינמאָל גלייך נישט געענטפערט, אזא רגילות האָט ער געהאַט... ער האָט ווייטער אויסגעשטעלט פּרייזן אויף די סחורות און געמאַכט באַמערקונגען אין דעם לאַנגן חשבון פונם סוחר. ער איז שוין געווען אריבער צו א נייער רובריק, נאָר פּלוצלינג האָט ער איבערגעריסן דאָס שרייבן, — אפנים, ער האָט שוין גענוג באַטראַכט.

— נו, אָט בין איך איצט גרייט דיר צו דינען. — האָט ער געזאָגט און איז אריין פאַר בענאָנין אין קאָנטאָר.

— נעמט מיר נישט פאַר אומגוט, — האָט בענאָני אָנגעהויבן, — נאָר מען זאָגט, אַז די היפּאָטעק דאַרף מען באַשטעטיקן.

— באַשטעטיקן? צו וואָס.

— אַזוי איז דאָס געזעץ.

— ווער זאָגט עס אַזוי?

— דאָ איינער... איך ווייס נישט. נאָר אַזוי זאָגט מען.

מאַק האָט זיך אויף א רגע געענדערט אין פּנים, נאָר תיכף האָט ער געענטפערט קורץ און קאַלט:

— רעכט, מאָ באַשטעטיק. וואָס גייט עס מיר אָן?

— נעמט נישט פאַר אומגוט. די מעשה איז, וואָס דאָס קאָסט געלט.

— נאַרישקייט. איך וועל באַצאָלן די צינזן.

— אָט, איז א דאַנק אייך. מער ווי דאָס האָב איך נישט געוואָלט וויסן. און חוץ דעם, אַז דאָס זאָל זיין מיט אייער הסכמה.

קעגן זיין געוווינהייט האָט מאַק געענטפערט עפּעס צו-שנעל:

— ניין, דאָס איז נישט אַזוי. לגמרי נישט מיט מיין הסכמה. נאָר איך מוז דערויף איינגיין. המם... ווען איך וואָלט דאָס געלט

נישט געהאַט שוין אָפּגעשיקט אויף דרום, וואָלסטו עס תיכּף באַקומען צוריק.

בענאָני האָט זיך דערשראָקן און האָט אַרויסגעמורמלט:

— טייערער הער מאַק... מענטשן זאָגן אָבער...

— זאָלן מענטשן זאָגן, וואָס זיי ווילן, אויף מיין שטר איז, אַפּנים. נישטאָ מיין חתימה: „סירילונד, דעם און דעם טאָג און יאָר, פערדינאַנד מאַק"? און אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן, האַרט־וויגסען: ס'איז מיר גאָרנישט נויטיק, אַז אַלע זאָלן שטעקן די נאָז אין מיינע עסקים. איך האָב דאָס פיינט.

— אָבער זיי זאָגן, אַז דעם דאָקומענט דאַרף מען באַשטע־טיקן, — האָט זיך בענאָני געהאַלטן פאַר זיינס. ער האָט באַמערקט, ווי מאַק האָט זיך געענדערט אין פּנים און האָט דערפילט, אַז ער דאַרף זיין געהיט.

מאַק איז אַוועק צום פענסטער און האָט גענומען טראַכטן, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— רעכט, גיב מיר דאָס פּאַפּיר, איך וועל שוין אַליין באַ־זאָרגן, אַז מען זאָל עס באַשטעטיקן.

— איך האָב עס נישט מיט זיך.

— טאָ ברענג צו טראָגן די טעג.

און מאַק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. דאָס האָט באַדייט אַז דער שמועס איז געענדיקט.

גייענדיק אַהיים, האָט בענאָני גיפּטיק און קלוג משער געווען, וואָס איז די סיבה, וואָס מאַק איז קעגן דער באַשטעטיקונג פונם דאָקומענט? אַלע ווייסן דאָך, אַז ער נעמט געלט אומעטום, און ווי נאָר ביי עמעצן באַווייזן זיך עטלעכע איבעריקע גראָשן, ברענגט מען זיי צו אים און מען לייגט זיי אַריין אין זיינע געשעפטן.

## VII

ער האָט פאַרבראַכט אינדערהיים ביי אַ האַלבע שעה, ערשט עס איז אַריין איינער פון מאַקס יונגען, מאַרטין, ער האָט געזאָגט:

— מאַק בעט אייך קומען צו אים אין קאַנטאָר.

— צוליב וואָס? וואָס דאַרף ער?

— דאָס קאָן איך נישט זאָגן. ער איז געשטאַנען און האָט גערעדט מיט דעם פּאַסטאָרס ראָזע.

— מיט ראָזען? זי איז דאָך מיין כּלה, מאַרטין. וואָס־זשע זאָגסטו פאַר מיר דעם פּאַסטאָרס ראָזע?

דער יונג איז געוואָרן אַביסל צעטומלט.

— וועגן וואָס זשע האָבן זיי גערעדט?

— דאָס קאָן איך נישט זאָגן. עפּעס וועגן דער זעגל־שיף. כּלומרשט איר דאַרפט פאָרן מיט דער זעגל־שיף אויף די לאַפּאַ־דענס אויפקויפן פיש.

פּויזע.

— איך וועל באַלד קומען. — האָט בענאָני געזאָגט.

— און נאָך האָט ער געהייסן זאָגן אייך, אַז איר זאָלט מיט זיך ברענגען עפּעס אַ דאָקומענט.

געבליבן אַליין, האָט זיך בענאָני אַוועקגעזעצט טראַכטן. ווילט זיך, הייסט עס, ראָזען אַנדערש נישט ווי אַרויסשטרן אים? ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, צוליב וואָס. און ווידער, הייסט עס, וועט אים אויסקומען צו זיין קאָמאַנדיר אויף דער זעגל־שיף? דעם אמת געזאָגט, וועט אינדערהיים אויך נישט פריי־לעך זיין איינעם אַליין אין די לאַנגע ווינטערדיקע חדשים, און חוץ דעם, קאָן ער דאָך דעמאָלט אַריינפאַלן אין די אמתע ער־טער און קויפן גאָלדענע חפצים, דער עיקר, די רינגען, וועגן וועל־כע ער האָט אַזוי פיל געטראַכט.

ס'איז געוואָרן גאָר פינסטער. בענאָני האָט אָנגעצונדן אַ ליכטל, אַרויסגענומען דעם דאָקומענט און אַריינגערוקט אין קע־שענע. איידער ער האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט און איז אַרויס, האָט ער ווידעראַמאָל אַרויסגענומען דאָס פּאַפּיר פון קעשענע און נאָכ־אַמאָל איבערגעלייענט. אַלץ איז געווען געזעצמעסיק און ריכטיק. אין דעם גאַנצן גרויסן בויגן האָט מען נישט געקאָנט געפינען קיין שום פעלער. אפילו דעם קלענסטן. אָבער אַזעלכע דאָקומענטן

לאָזט מען דאָך נישט ארויס פון די הענט? דעם דאָקומענט דארף מען האלטן ביי זיך.

ער האָט אוועקגעלייגט דאָס פאפיר אויף א זיכערן אָרט אין קאסטן, פארלאָשן דאָס ליכט און אוועקגעלאָזן זיך קיין סירילונד.

אין דעם האלב־פינסטערן קאָרידאָרל, וואָס פאר דעם געוועלב, האָט ער אָנגעטראָפן מאקן, וואָס האָט זיך וועגן עפעס געשושקעט מיט איינער פון זיינע דינסטן. אך, דער־אָ אלטער מזיק, ער איז נאָך אלץ אזא, מיט אויגענעס און א בעל־תאווה, ווי א קאָטער אין דער פינסטער.

— ביטע, הארטוויגסען, — האָט מאק געזאָגט און איז אוועק פאָרויס אין קאנטאָר — איך האָב גאָר פארגעסן היינט, ווען דו ביסט דאָ געווען... איך האָב טאקע געפילט, אז איך האָב עפעס פארגעסן... ס'רעדט זיך וועגן דער זעגל־שיף. דו וואָלסט נישט געקאָנט נעמען אויף זיך די קאָמאנדע אויף היי־יאָר?

זיי האָבן וועגן דעם אביסל געשמועסט. וועגן הערינג הערט זיך גאָרנישט, אזוי אז מאק וואָלט גאָרנישט נישט פארלוירן, אויב ער וועט אוועק צו די לאָפאָדענס אויפן אלטן „פינטוס".

— און איר אליין וועט דען נישט פאָרן?

— כ'וואָלט עס בעסער דיר איבערגעגעבן, און דו וואָלסט שוין איינגעהאנדלט סחורה אויך פאר די יאכטעס, מחמת דיר קאָן איך אָנגעטרויען וויפל טויזנטער דו ווילסט.

בענאָני האָט זיך דערפילט געחנפנט און איז געווען גערירט. ווידער וועט ער זיין אדמיראל אויפן „פינטוס". ער איז שוין אויף אים געווען אין פיל ימען, אין וועסט־פיאָרד, און אין פאָלדען, און אין הוסטאדוויקען; מסתמא וועט ער אויף אים געפינען דעם וועג אויך צו די לאָפאָדענס. און וואָס שייך צום אויפקויפן פיש, איז ער אין מסחר נישט אזא תם ווי מאק, און ער קויפט איין פיל ביליקער איידער אנדערע, מחמת ער האָט א גראָשן, און מיט אים איז נישט לייכט דורכצוקומען. מילא, ער וועט זיך פרווון, אויב מאקן איז אזוי געפעלן. נאָכדעם האָט ער זיך צונויפגערעדט וועגן געהאלט אויך.

ווען בענאָני האָט זיך געקליבן אוועקצוגיין, האָט מאַק גע-זאָגט:

— אַך, יאָ, דו האָסט מיט זיך געבראַכט דעם דאָקומענט?

— פאַרגעסן. נו, וואָס זאָגט איר דערצו! די גאַנצע צייט גע-טראַכט וועגן דעם און לסוף פאַרגעסן.

— נו, וועסטו ברענגען אַ צווייטן מאָל, ווען דו וועסט קומען.

איצט האָט בענאָני ווידער געהאַט אַ געשעפט, און ער האָט זיך גענומען גרייטן צו דער נסיעה אויף די לאָפאָדן-אינזלען, ווי צו אַ נסיעה אַרום דער ערד. יעדעס מאָל, ווען עס איז געווען אַביסל לינדער דאָס וועטער, האָט ער זיך אויסגעפונען עפעס אַן עסק אויפן „פינטוס", וואָס האָט זיך געוויגט אויף די כוואַליעס, אַ שוואַרצער און אַ מיאוסער, נאָר אַ גרויסער און אַ וואַזשנער, ווי אַן אַמתער אייז-ברעכער. וואָס באַדייטן ביידע יאַכטעס צוזאַמען אַנטקעגן איין „פינטוס"! זיי זענען געשטאַנען לעבן דער זעגלשיף ווי צוויי קליינע שאָלעכצן, אָנגעלאָדענע ביז סאַמע דער וואַטערלי-ניע מיט הערינג. די הערינג זענען אויך געווען באַשטימט פאַר די לאָפאָדן-אינזלען, ווען דאָרט וועט אויספעלן צוציונג פאַר די נעצן. אָבער די באַציונג צו די צוויי יאַכטעס איז געווען אַזאַ גרינגשעצי-דיקע, אַז איינע האָט געפירט ווילאַדס פון האַפן און די צווייטע אָלע-פויערל.

בענאָני איז אַרומגעגאַנגען איבער דער פּאַלובע פון „פינטוס", האָט געקוקט אַרויפצו, אויף די זעגל-שטריק, האָט זיך איינגעקוקט אין הימל, גלייך ער וואָלט שוין געשוואומען אונטער די זעגלען, האָט אויסגעפאָרשט דעם קאָמפּאַס און די קאַרטעס, גערייניקט און געפּוצט די קעלערן. נאָר פאַרוואָס-זשע איז ער עפעס געקומען אויף דער שיף נאָר אין אַ לינד וועטער? אָ! דער כיטראַק בע-נאָני האָט עס געטון נישט פּשוט, נאָר ער האָט דערביי געהאַט אַ פּניה: זיין נייער געלער נישט-דורכנעצעוודיקער קאָסטיום האָט פאַר שטאַרקע פרעסט נישט געטויגט, ער האָט זיך געפּויסט און אָנגע-שטעלט, ווי אַ פּלאָקן, און געפּלאַצט. אָבער דער זעלביקער קאָסטיום האָט אין אַ לייכט פרעסטל געהאַט אַ פּרעכטיקן אויסזען, געגלאַנצט אויף דער אויבערדעק, ווי אַ גאָלדענער, און אַזוי זיך

אויסגעטיילט אויפֿן וואַסער־פּאָן, אַז מען האָט אים געזען אפֿילו פֿון די פֿענסטער פֿון סירילונד...

— פֿאַרוואָס ווילסטו מיך אַרויספּטרן? — האָט בענאָני גע־פֿרעגט ביי ראָזען.

— איך וויל דיך, מיינסטו, אַרויספּטרן? — האָט זי געענט־פֿערט — וואָס האָסטו אויסגעטראַכט?

— ווי מיר ווייזט אויס, איז עס ענלעך דערצו.

זי האָט אים איבערצייגט אַז נישט, און ער האָט זי ווי־דער געלאָזן צורו. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט געוועזן געוואָלט פֿאָרן אַהיים, נאָר מאַק האָט זי איינגעבעטן פֿאַרבלייבן, כּדי צו העלפֿן אים אין געוועלב, ווען עס וועט זיך אָנהויבן דער גרויסער פֿדיון פֿאַר ווייגאַכט. זי האָט נאָך דערציילט, אַז זי האָט געבעטן מאַקן, ער זאָל זיך ווענדן נאָך הילף צו בענאָנין אויך.

— ער האָט מיר וועגן דעם קיין וואָרט נישט געזאָגט.

— וועט ער היינט זאָגן... נו, איצט זעסטו שוין, אַז איך וויל דיך גאָרנישט אַרויספּטרן.

בענאָני האָט געפֿלאַטערט, ווי אַ יינגל, פֿון די דאָזיקע ליבּ־לעכע רייד און האָט זי אַרומגענומען. דאָס האָט ער זי געקושט דעם דריטן מאָל — וואָס קאָן שוין זיין ווייניקער!

— דו ביסט פּונקט ווי אַ בלומעלע, ווען מען רירט זיך צו דיר צו. — האָט ער געזאָגט.

מאַק האָט אים באמת געבעטן צוהעלפֿן אין געוועלב פֿאַר יום־טוב. בענאָני האָט כּלל נישט געדאַרפֿט אַרבעטן מער, איי־דער ער אַליין וועט געפֿינען פֿאַר נויטיק. ס'איז נאָר וויכטיק, ער זאָל דאָ זיין און אויף אַלץ אַכטונג געבן אַלס מאַקס רעכטע האַנט. דערביי האָט מאַק ווידער געפֿרעגט וועגן דער היפּאָטעק.

— איך האָב זי אַנוסטן געזוכט, אָבער עפּעס נישט געפֿו־נען. — האָט בענאָני געענטפֿערט.

— נישט געפֿונען?

— איך וועל נאָך גוט אַ זוך טון. זי האָט זיך, אַפּנים, ערגעץ פֿאַרוואַלגערט.

האט בענאני פארשפארט זיין הויז אויף א שלאס און איז אוועק אויף דער ארבעט צו מאקן.

אין תוך גענומען איז דאס געווען א גרויסער כבוד ארומצוגיין הינטערן ווארשטאט, הינטער דער דאזיקער אפצוימונג, נאך פון קינדערווייז אן באקאנטער, וווהין ער האט עד היום נאך נישט געהאט קיין געלעגנהייט א פוס ארייננצושטעלן, היות, ווי עס איז געגאנגען צו יום-טוב צו, איז אין געוועלב פון טאג צו טאג געווארן אלץ מער קונים. אין דער אונטערשטער אפטיילונג, ווו מען האט געהאנדלט מיט בראנפן, איז פון פרימארגן ביזן אוונט געווען אן ענגשאפט. בענאני האט אונטערגעהאלפן, ווו מען האט געדארפט: האט זיך צוגעקוקט, ווי עס טוען די געניטע אנגעשטעלטע און אלעמאל עפעס וואס אפגעלערנט זיך, ער האט זיך אפילו אנגעשטעקט מיט דער קרעמערישער שפראך און האט דעם גאנצן טאג, נאר געטון און געשאטן: „ערשטע סארט, צווייטע סארט, נעטא, ברוטא."

אבער דיביידע יונגען. וועלכע האבן גרינדלעך געוווסט דעם געשעפט, זענען געווען גוט ברוגז אויף דעם דאזיקן פרעמדן, דעם בריווטרעגער בענאני, וואס האט זיך אזוי אפט געפלאנטערט ביי זיי אונטער די פיס און אזוי זעלטן געבראכט וועלכע עס איז נוצן. דערפאר האבן זיי זיך אויך געלאזן אויף פארשידענע קונצן: זיי האבן גלייך דערקענט די קונים, ווי נאר יענע זענען אריין אין טיר, האבן זיי גלייך געטראפן, נאך וואס ווער עס איז געקומען, און געמאכט אזוי, אז בענאני האט זיך גענדארפט אראפלאזן אין קעלער מיט די, וואס האבן געוואלט פאטעקע, טראן, אדער טאבאק-בלעטער, און אליין זענען זיי פארבליבן אויבן און האבן פארקויפט צייג, גרויפן, און פארשידענע עס-זאכן. אזוי ארום פלעגט בענאני אויף לאנג נעלם ווערן פון געוועלב. די פארשאלטענע פאטעקע האט זיך אזוי שלעכט געגאסן אין דער ווינטערדיקער קעלט!

ראזע האט נאך נישט גענומען קיין אנטייל אין דער ארבעט, נאר איינמאל אין א הייסן שבתדיקן פרימארגן איז זי אראפ אין געוועלב און האט זיך געשטעלט ביי דער קאסע. זי איז געווען אין א מארדער-פוטערל און האט אנגעטון הענטשקעס אויף די קליינע

הענטלעך. אַלע פרויען, וואָס זענען געקומען אין געוועלב, האָבן זי געקענט און זענען געווען גליקלעך און דאַנקבאַר, ווען זי האָט זיי געפרעגט, ווי לעבט זיך זיי. דערצו איז זי נישט געווען אַזוי פּינקטלעך אין האַנדל, און איז נישט געשטאַנען אום אַן איבערי-קע פּאָר סענטימעטער צייג, אָדער אום אַ פּאָר קנעפּלעך, וועלכע זי האָט צוגעגעבן אַ הכרעה אויפן טוך.

— ווי גוט ס'איז, וואָס דו ביסט צו אונז געקומען. — האָט בענאָני צו איר געזאָגט.

די יונגען זענען ביידע געווען אויסער זיך פון צאָרן. אַ פּיי-נער הילף קאָן זיין פון דער פּאָר פּאַרליבטע. ס'וואָלט בעסער געווען, ווען דאָס פּאָרל זאָל זיך געזעגנטערהייט אַוועק אהין, פונוואַנען זיי זענען געקומען. אָט האָבן זיי זיך איצט אַוועקגעשטעלט מיט זייע-רע שמועסן סאַמע ביי דעם קאַסטן מיט קאַווע, און אים מוז מען גאָר יעדע רגע אַרויס און אַריינרוקן.

— און ווי גוט עס איז, וואָס דו האָסט אָנגעטון דאָס פּו-טערל. — האָט בענאָני געזאָגט — ס'איז אויך גוט, וואָס דו האָסט די הענט פאַרדעקט.

אָ, וואָס ראָזע זאָל נישט טון, איז אַלץ גוט!

נאָר אָט איז געקומען אַ מענטש נאָך „ליכטיקייט”. און ליכ-טיקייט איז אין קעלער, ווייל דאָס איז מער נישט ווי טראָן פאַרן לאָמפּ, ביידע יונגען האָבן זיך דורכגעקוקט, און איינער פון זיי, סטען, האָט זיך דערוועגט צו זאָגן צו בענאָנין:

—אפשר וואָלט איר זיין אַזוי גוט געבן דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס ער דאַרף?

— ניין, ניין, — האָט דער מענטש געזאָגט און האָט זיך פאַר-שעמט — איך וויל נישט, אַז האַרטוויגסען זאָל צוליב מיר קריכן אין קעלער. בעסער וועל איך שוין בלייבן אָן ליכטיקייט.

זאָגנדיק אַזוי, איז ער גרייט אַ גרוב זאָל זיך פאַר אים עפענען מחמת חרפה.

אָבער נאָך אַזוי פיל אויסדרוק פון אַכטונג האָט בענאָני גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז ער זאָל פאַר דעם מענטשן אָנ-זייען טראָן.

— איך טו עס פון פארגעניגן װעגן, — האָט ער געזאָגט — װייז אהער דיין געפעס.

דער מענטש האָט זיך דעם גאנצן װעג ביזן קעלער אַלץ געשעמט און פארענטפערט.

— איך האָב פשוט קיין חרפה און קיין בושה נישט, — האָט ער געזאָגט — גייט נישט, הארטװיגסען, בעסער װעל איך זיצן מיט דער משפחה אין דער פינסטער דעם גאנצן יום-טוב.

דאָס מאָל איז בענאָנין אויסגעקומען לאַנג צו פארבערענגען אין קעלער. די טרפהנע יונגען האָבן הויך, אז אַלע זאָלן הערן, געפרעגט ביי די קונים: „אפשר דארף עמעצער עפעס האָבן פון קעלער, איז דאָרט איצט בענאָני". און איינעם נאָכן אנדערן האָבן זיי ארויסגעשיקט אראָפּ. בענאָני האָט שוין אָנגעהויבן צו פארשטיין זייערע קונצן און האָט פאר זיך געטראכט: „נו, זאָל אָקאָרשט דער דאָזיקער סטען פרוּװן נאָכאַמאָל שיקן מיך אהער אָנשטאָט זיך."

ארויסגעקראָכן לסוף פונם קעלער, אויף דורך און דורך אָן אָנגעגומענער מיט דעם ריח פון טראָן און טאבאק, האָט ער גע-קאָנט א רגע אָפּרוען, און האָט זיך אװעקגעשטעלט לעבן ראָזען, באפנדיק א װאָרט מיט איר װעגן דאָס און יענץ.

נאָך עמעצער האָט באדארפט האָבן סחורה פון קעלער.

— איך האָב איצט קיין צייט נישט, — האָט סטען געזאָגט.

אָבער דאָס מאָל האָט ער נישט געטראָפן דאָס אָרט, מחמת ער האָט געדענקט נאָר דעם בריװטרעגער און דעם באגלויבטן בע-נאָני, און נישט דעם רייכן קאפיטאן און דעם פישהענדלער — נאָר אפשר װאָלט בענאָני װעלן פארנעמען זיך מיט דעם קונה?

בענאָני האָט אויף אים א בליק געטון און געענטפערט:

— דו װאָלסט זיך שוין, אגב, געדונגען א לאָקיי, װאָס זאָל דיר אויסשמארקען די נאָז.

סטען איז רויט געװאָרן װי א בוראק, און האָט דערויף קיין װאָרט נישט געענטפערט. און בענאָני האָט זיך אויף אַלעמען ארומגע-קוקט און פאראכטלעך אָנגעהויבן צו לאכן. מיט א געלעכטער האָט ער א בליק געטון אויף ראָזען אויך. אָבער ביי איר אויף דער נאָז

איז אויף אַ רגע געבליבן ליגן אַ קנײטשעדיגע. בענאַני האָט שוין חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך אַזוי גראָב אויסגעדריקט, און דאַנקען גאָט, וואָס ראָזע האָט נאָך בכלל געהערט די ווערטער, מיט וועלכע ער האָט זיך צו איר געווענדט.

אויף אַ רגע איז מאַק אַרויס פון קאָנטאָר, און אַלע דאָרפסלייט, וועלכע זענען געשטאַנען פאַרן וואַרשטאַט, האָבן זיך מיט אכטונג פאַרנייגט פאַר דעם גביר. בענאַני האָט זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר ראָזען און פאַר אַנדערע: ער האָט גענומען מאַקן אָן אַ זייט און אַליין אָנגעהויבן רעדן וועגן דער היפּאָטעק.

— איך האָב זי נישט געפונען, — האָט ער געזאָגט — אפנים, פאַרלוירן.

מאַק האָט אָן צוטרוי געענטפערט:

— נו, פאַרשטייט זיך, דאָס נישט.

— אפשר האָב איך זי איבערגעלאָזן ביי אייך אויפן שרייבטיש?

מאַק האָט אַ טראַכט געטון און געזאָגט אַלץ אָן צוטרוי און מיט חשד:

— ניין, דו האָסט זי אַריינגעלייגט אין קעשענע.

— אָבער אויב זי איז פאַרלוירן געוואָרן, דאַרף איך באַקומען אַן אַנדער פּאַפּיר. — האָט בענאַני געזאָגט.

עפּעס אַ פונקעלע האָט אַ בליץ געטון ביי מאַקן אין די אויגן, און ער האָט געענטפערט:

— וועגן דעם וועלן מיר נאָך באַוויזן צו רעדן.

ווען מאַק האָט זיך צו אים אומגעקערט מיטן רוקן און איז אַוועק, האָט בענאַני געזאָגט בבזיון הויך:

— וייל פאַר מיר איז עס דאָך ריינע פינף טויזנט דאָלאַר!

זאָלן מענטשן וויסן, אַז ער רעדט מיט מאַקן נישט וועגן עפּעס נאַרישקייטן!

אָט ס'אַראַ ביטראַק דער דאָזיקער בענאַני איז געווען! ער איז דאָ געשטאַנען און האָט זיך געמאַכט כלומרשט ער איז אומרויק, וואָס איז מיט דער היפּאָטעק, בשעת ער האָט אויסגעצייכנט געוווסט, אַז ער האָט זי איבערגעגעבן דעם לענסמאַנס שרייבער

מיט א פאראָרדנונג זי צו באַשטעטיקן נאָך אויף נאָענסטן טענג, אויב ער אַליין וועט דעמאָלט נישט זיין אין דאָרף.

— נו, בענאָני, — האָט דער עולם פארן ווארשטאַט געשאָקלט מיט די קעפּ — פינף טויזנט דאָלאַר! ?

און ער איז זיך ארומגעגאַנגען און האָט זיך געבלאָזן מיט זיין רייכקייט. פאַרוואָס בעט עס ראָזע ביי אים גאָרנישט? ער וואָלט איר, אויב שוין יאָ אַזוי, געקאָנט אָפּקויפן דאָס גאַנצע געוועלב, און ער האָט איר ווידער פאָרגעשלאָגן, ווי פיל מאָל פריער, זי זאָל זיך פון די סחורות אויסקלויבן, וואָס איר ווילט זיך. אָבער ראָזע האָט זיך מיט זיין פאָרשלאַג נישט באַנוצט. דעמאָלט האָט ער אַליין אויסגעזוכט א שטיקל זייער דין לייוונט, פונקט פון דער זעלביקער סאָרט, וואָס זיינע יום-טובדיקע העמדער.

— ווי געפעלט דיר אָט דער מאַטעריאַל ?

זי האָט א בליק געטון אויפן לייוונט, נאָכדעם אויף אים און ווידער אויפן לייוונט.

— ווי געפעלט מיר דער מאַטעריאַל ?

— אויב דו ווילסט, נעם דאָס גאַנצע שטיקל און פאַרשרייב אויף מיין חשבון. איך מיין, אז אויף אַזוי פיל האָב איך נאָך קרעדיט.

— ניין, א דאַנק. אויף וואָס דאַרף איך עס ?

— דאָס קאָן דיר דען נישט צונוץ קומען אויף מאַנופאַקטור ?—האָט ער געפרעגט. און מיט דעם וואָרט מאַנופאַקטור האָט ער געמיינט אונטער-וועש, העמדער.

ביידע יונגען האָבן זיך דורכגעקוקט און אָנגעבויגן איבער זייערע קעסטלעך. ראָזע האָט נישט געענטפערט ; זי האָט א שמייכל געטון פון דרך-ארץ וועגן, נאָר איבער דער נאָז איז ביי איר ווידער געוואָרן א קנייטשעלע.

בענאָני האָט דאָס לייוונט צוריק אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָליצע. אָנשטענדיקייט האָט אויך א מאָס, און ס'דאָזיקע קנייטשעלע איז געווען שוין צו א שטרענגס. וויבאַלד אז ער האָט געברויכט אַזא איידל וואָרט, דאַרף מען נישט מאַכן אַזא מינע, אַז ער דריקט זיך אויס בלומרשט, פּויעריש.

און מאַק איז געשטאַנען ביים פענסטער פון זיין קאָנטאָר און האָט אַלץ געטראַכט וועגן דער היפּאָטעק. ער האָט שטילינקערהייט צוגעפּייפט, און איין אויג איז ביי אים געווען פאַרמאַכט, גלייך ווי זיך אָנגעצילעוועט. דער דאָזיקער כיטראַק בענאָני וויל באַשטעטיקן די היפּאָטעק, נאָר ער קאָן זי נישט געפינען, ער האָט זי פאַרוואָרפן? אַך, ס'אַרא בענאָני! ער וואָלט זי יעדנפאַלס געדאַרפט אַ זוך טון ביי זיך אין קאַסטן. נישקשה, ער וואָלט זי געפונען! און דאָס פּאַפּיר וואָלט אויפן גלייכן וועג אַריבערגעוואַנדערט צום ריכטער אויפן טיש בשעת דעם טענה.

פּלוצלינג עפנט מאַק אָפּ די טיר און רופט צו זיך דעם אָנגעשטעלטן סטענען.

— טראָג אַוועק אַ האַלב פּעסל יאַגדעס אויפן ערשטן פּאָסטדאַמפער, וואָס וועט גיין אויף דרום, — האָט ער געזאָגט — דאָס איז אַ באַשטעלונג. און זאָל דער באַנדער גוט אַרומקוקן דאָס פּעסל, צי איז עס גאַנץ. אַדרעסירן ווידער צום קרייז-ריכטער אין באָדע, ווי מיט דריי יאָר צוריק.

## VIII

ס'איז אָנגעקומען ערב ווייַנאַכט, און בענאָני איז איינגערעדן געוואָרן צו מאַכן צו גאַסט, נאָר ראָזע איז אַוועקגעפאָרן אַהיים. זי האָט זיך פאַרזעגנלעך מיט בענאָנין נישט געזעגנט, נאָר געבעטן מאַקס ווירטשאַפטערין איבערצוגעבן אים אַ האַרציקן גרוס.

אין דעם גרויסן פּאַראַדנעם זאַל ביי מאַקן איז די שטימונג געווען נישט זייער קיין יום-טובדיקע. בענאָני איז געווינט געווען צו עפּעס אַנדערש. אַמאָל, ווען ער פלעגט זיצן איינער אַליין ערב-ווייַנאַכט, האָט ער צווישן איין קעלישעק און דעם צווייטן געזונגען מזמורים פון תהילים און געזאָגט תפילות. דאָ אָבער איז געווען אַ טרויעריקע פּוסטקייט. עס זענען אפילו קיין שטולן נישט געווען, נאָר בסך-הכל צוויי קאַנאַפּעס. מחמת די שטולן האָט מען אַרויסגעטראָגן אין עס-צימער צו וועטשערע.

לויטן אַלטן מנהג, האָט מאַק געהייסן אָנצינדן די לוסטרע מיט דער מאה קריסטאַלענע הענגלעך, און אַליין האָט ער אַרומגע־שפּאַצירט איבערן צימער אין שטעק־שיך, אויסגענייטע מיט קליינע פּאַציערקעס, פּאַמעלעכקע געדרויכערט אַ לולקע מיט אַ לאַנגן צי־בעק. ער האָט נישט גערעדט, ווי געכטן און אייערנעכטן וועגן מקחים אויף פיש, וועגן האַנדל, נאָר לכבוד דער יום־טובדיקייט פונם אָוונט, געפירט אַ שמועס וועגן פאַרשידענע קלייניקייטן, דער־ציילט געשיכטעס, אויסגעלייענטע פון צייטונגען און וועגן זיין זיידן, וואָס האָט אַמאָל געוווינט אין האָלאַנד. פון צייט צו צייט האָט ער בענאָנין צוגעגאָסן ווין און אַליין אויסגעטרונקען אַ פּאָר גלעזלעך.

נאָר אָט האָט די ווירטשאַפטערין ברייט אָפּגעעפנט די טיר אין עס־צימער, וואָס ס'האָט באַדייט: „ברוכים הבאים, צו וועטשע־רע." מאַק איז אַוועק פאָרויס, נאָך אים בענאָני. דאָס איז אויך געווען פונקט אַזוי ליכטיק, ווי אין דעם ערשטן צימער. אויף דער סטעליע האָט געברענט אַ לוסטרע, און אין דער לענג פונם לאַנגן טיש—פיר פּאָר לייכטער.

די ווירטשאַפטערין האָט אויפגעעפנט די טיר אין קיך אריין אויך און האָט אַ רוף געטון:

— ביטע, קומט איר אויך אַהער.

פּאַמעלעך, מיט שטאַט, האָבן געגומען אריינגיין אַלע אָנגע־שטעלטע און אַרבעטער: די אַרבעטער פון הויף, צוויי שמידן, די אַרבעטער פונם האַפן, דער בעקער, דער באָנדער, די געוועלבּ־יונגען,ביידע מילנער, כמעט אַלע מיט די ווייבער, נאָר אָן קינ־דער. נאָכדעם די קעכין, די מילכיקערין, און דאָס שטוב־מיידל עלען. לסוף צוויי ווייסע, ווי מילך, זקנים, וואָס מען האָט דאָ אויסגעהאַלטן, פרעדעריק מענזאַ און מאַנס.

פון די דאָזיקע צוויי זקנים איז מאַנס דער ערשטער אריינ־געפאַלן אין סירילונד. ער האָט דאָ געזאָלט בלייבן אויף די דריי וואָכן, וואָס מען האָט אים באַשטימט. דאָס איז נאָך געווען אַמאָל־אַמאָל, פערדינאַנד מאַקס ווייב האָט נאָך דעמאָלט געלעבט, און די טאָכטער עדוואַרדאַ איז נאָך געווען גאָר אַ קליין מיידעלע. נאָר

ווען די דריי וואָכן זענען אריבער, האָט מאָנס געמאָלדן, אז ער וויל נישט אריבערגיין צו אַן אַנדער בעל-צדקה, און געקומען צו מאַקן און צו מאַדאַם מאַק אָן אַ היטל און גענומען בעטן, מען זאָל אים דערלויבן דאָ צו בלייבן. „קאָנסט בלייבן!" — האָט מאַק געזאָגט. אָ, מאַק איז נישט געווען אַזאַ, וואָס זאָל טרייבן מענטשן פון שטוב — אַ גרויסער פריץ! האָט מאָנס גענומען ארומגיין איבערן הויף, געהאַקט האָלץ, רעדנדיק צו זיך אַליין, און ס'האָט זיך אים געלעבט גוט. סיי עסן, סיי קליידונג איז געווען צוגענוג. מאָנס איז געווען אַ פעסטער, געבויגענער זקן, אַן אמתער לאַנגבערדיקער משה רבנו מיט אַ נאָז ווי אַ העקל, אַ שטילער, און האָט קיינעם נישט אָנגערירט, ווי אַ קליין קינד. ס'זענען אריבער אַ יאָר צוועלף, מאַקס פרוי איז געשטאָרבן, די טאָכטער עדוואַרדאַ איז געוואָרן אַ גרויסע, און ביי מאָגסן זענען שוואַך געוואָרן די הענט און דער רוקן; ער האָט שוין קיין כּוח נישט געהאַט אָנצושלעפּן האָלץ פאַר אַלע אויוונס, דעמאָלט האָט ער געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט פרעדעריק מענזען, אויך אַזאַ אָרעמער אַלטער זקן, כּדי צו האָבן הילף אין דער אַרבעט און דערצו פשוט אַ חבר, עס זאָל נישט אַזוי אומעטיק זיין אין האָלץ-שפּייכלער. און פרעדעריק מענזאַ איז אויך אַזוי אריינגעקומען אָן אַ היטל צו מאַקן און צו עדוואַרדאַ מאַק און גענומען בעטן אַ דערלויבעניש צו פאַרבלייבן ביי זיי. און מאַק איז געווען אַלץ דער זעלביקער וואָס פריער. „בלייב"! — האָט ער געזאָגט. פון דעמאָלט אָן האָבן אין סירילונד געלעבט צוויי מושב-זקנימניקעס. זיי זענען שטענדיק געווען צוזאַמען, געפּאָרעט זיך מיט דעם האָלץ, און וואָס ווייטער אַלץ מער אריינגעפאַלן אין קינדהייט. מאָנס איז געווען אַ נידעריקער, אַ ברייט-פּלייציקער, און געגאַנגען וויגנדיק זיך פון איין זייט אויפן צווייטן, פאַרקערט, פרעדעריק מענזאַ איז געווען אַ מאָגערער און אַ לאַנגער ווי אַ שטעקן. דערפאַר, אפּנים, איז די טאָכטער ביי אים געווען אַזאַ פיינע און אַ שלאַנקע, אַז מען האָט זי גענומען פאַר אַ הויז-מיידל קיין סירילונד. און נאָכדעם האָט זי חתונה געהאַט פאַר דעם אונטער-מילנער...

אַ וועטשערע האָט מען דערלאַנגט פון דער ברייטער האַנט.

און פאר אלעמען האט מען אוועקגעלייגט זילבערנע לעפל און גאפל, — סיי פאר די רייכע, סיי פאר די אָרעמע.

— וואס איז עפעס נישטאָ דער אויפזעער פון לייכט-טורעם מיט דעם ווייב? — האט מאק געפרעגט.

— מיר האָבן זיי גערופן.

— בעט זיי נאך אמאָל.

עלען דאס שטוב-מיידל, אזא דינינקע און א לעבעדיקע, האט מאָמענטאל זיך אוועקגעלאָזן דורך דער טיר רופן דעם אויפזעער מיטן ווייב. קיינער האט זיך נישט צוגערירט צום עסן, ביז זיי זענען געקומען, מען האט נאר אויסגעטרונקען צו גלעזעלעך, וואס עס האט פאר אלעמען אָנגעגאָסן דער קליינט משרת סטען.

דער אויפזעער פון לייכט-טורעם און זיין ווייב זענען געווען א באשיידן נישט באדייטנדיק פאָרפאָלק. אָנגעטאן לויט זייערע קליינע מיטלען, אין אָפגענוצטע אלטמאָדישע קליידער און אָפגעטעמפט פון לאנגן נישט-פריילעכן לעבן און פון טויטלעכן ליידיק גיין אויפן לייכט-טורעם. און ווי שטארק האָבן זיי איינע די אנדערע דערעסן, און ווי שווער איז זיי געווען איינע די אנדערע ארויסצוזייזן באטש וויפל נישט איז אויפמערקזאמקייט און דערלאנגען איינע די אנדערע א געריכט.

אראפ טיש איז געזעסן די פרוי פון דעם אונטערמאָנער; איר האט מען איבערגעגעבן די השגחה אויףביידע מושב-זקנימניקעס, מחמת זיי זענען געווען זייער שוואכע. מיט א יאָר צוואנציק צוריק האט זי דאס געפראנטעוועט אזא יפה-פיה אין די סירילוניר זאלן. אָבער איצט איז זי גאנץ דיק געוואָרן און האט זיך אָנגעהאָדעוועט א צווייענדיקע גאָמבע, נאר פונדעסטוועגן איז זי נאָך געווען א שיינע, און די פארב פון פנים האט זי דערהאלטן א פרישע, די אלטקייט האט זי נישט אָנגערירט. ווייטער איז געזעסן יאקאָבינע, אָלע-פּוערלס ווייב. זי האט געשטאמט פון דרום, פון העלגאלאנד, א שארפאויגיקע ברונעטין, און די האר האָבן זיך ביי איר געקרייזלט ווי דראָבנער באראשעק. און דערפאר האט מען זי טאקע גערופן בראמאפוטרא. קיינער וואלט נישט

געגלויבט, אַז ס'דאָזיקע צונעמעניש האָט איר איינמאָל אין אַ גליק-לעכער רגע נעגעבן סוכאר דער אויפזעער...

מאַק איז געזעסן און האָט באַטראַכט אַלעמען אַרום טיש. ער האָט יעדערן געקענט. און כמעט אַלע מיידלעך און פרויען האָט ער געקענט אפילו זייער גוט, און יעדן ערב-ווייַנאַכט איז ער אָט אַזוי געזעסן, געקוקט אויף די באַקאַנטע פּנימער און אַריינ-געלאָזן זיך אין זכרונות.

און די מילנערין האָט אוודאי אויך עפּעס וואָס זיך דער-מאָנט, שווער אָטעמענדיק מיט דער פולער ברוסט. און צי האָט אָפּמאָל אויך בראַמאַפּוטראַ נישט דערפּאַר טאַקע געבלינצלט מיט די אויגן און געטרייסלט דעם געקרייזלטן קאָפּ, אין וועלכן עס האָבן זיך געווידמעט שטיפערישע געדאַנקען? ווען מען האָט אָנגעגאָסן נאָך בראָנפן, האָט זי אויסגעטרונקען איר גלעזל, גאָר אויפגעהערט צו פאַרשטיין, וואָס מיט איר טוט זיך, און אויסגע-צויגן די פיס ווייט אונטערן טיש. נאָר וואָס איז שייך מאַקן, וואָלט קיינער נישט קיין טראַכט געטון, קוקנדיק אויף זיין איינגעשלאָסע-נעם, ערנסטן פּנים, ווי גוט און אָנגענעם ער קאָן זיך אַרומנעמען און ווי צאַרט ער קאָן קוקן. מיט געהעריקע הפסקות האָט ער געהויבן זיין גלעזל און געזאָגט צו סטען דעם קלייט-משרת:

— זע זשע, נישט פאַרגעס אָנצוגיסן דעם עולם די גלעזלעך.

ווען ער האָט אָבער באַמערקט, אַז דער אָרעמער שר-המשקים באַווייזט נישט אַליין אַראָפּצושלינגען רויק אַ ביסן, האָט ער געענדערט זיין פאַראָרדנונג און געהייסן דעם אַנדערן קלייט-משרת, מאַרטינען, ער זאָל אָנגיסן ווייַן פאַר די, וואָס זיצן אויפן צווייטן זייט טיש. יאָ, ביי מאַקן איז אַלץ געווען אין אָרדנונג, און אַ שמועס האָט ער אויך געפירט וועגן פשוטע זאַכן, וואָס האָבן געקאָנט זיין אינטערעסאַנט פאַר זיינע געסט.

נאָר די אַלטע, פרעדעריק מענזאַ און מאָנס, האָבן לחלוטין גאָרנישט נישט געהערט, נאָר געקייט לאַנגזאַם און טעמפּ, ווי חיות. מאָנס האָט זיך אַלץ מער און מער אַריינגערוקט מיטן קאָפּ אין זיין וואָלענעם שאַל, און די אַקסלען האָבן זיך ביי אים אויפ-געהויבן ווי אַ באַרג; פרעדעריק מענזאַ, פאַרקערט, האָט זיך אַלץ

געצויגן ארויף, א מאָגערער און גראָטן אין א שפּאַרבער. נאָר אויך אזוי פארלוירן דעם שכל ווי יענער. זיי זענען פונקט ווי מתים וואָס זענען ארויס פון קבר, זייערע פינגער באַוועגן זיך פּאַמעלעך ווי ווערים. דערזען אויפן טיש עפּעס אַזוינס, וואָס ער קאָן נישט דערלאַנגען, הויבט זיך פרעדעריק מענזא אויף און ציט זיך, כּדי צו נעמען די נאַשעריי צו זיך. „וואָס איז? וואָס ווילסטו?"—פרעגט שטילינקערהייט די טאָכטער און טוט אים א שטופּ. נאָכדעם רוקט זי אים אַריין אין האַנט עפּעס א ביסן, און ער באַנוגנט זיך דערמיט אויך. מאָנס קוקט מיט ליבשאַפט אויפן טעלער מיט געזאַלצן פלייש און נעמט זיך אין דעם פּאָרקען. מען קומט אים גלייך צו הילף און מען דערלאַנגט אים א שטיקל. מאָנס קוקט אויף ס'דאָזיקע שטיקל, וואָס האָט זיך לכתחילה עפּעס נישט געלאָזט נעמען, און אָט איז עס איצט ביי אים אין די הענט. ער באַשמירט עס פעט מיט פּוטער און נעמט עסן. אין דער צווייטער האַנט רוקט מען אים אַריין א שטיקל ברויט. זיינע ווערימאַרטיקע פינגער כאַפּן עס און האַלטן שטייף, אין עטלעכע מינוט ארום ווערט דאָס פלייש פאַרשוווּנדן. מאָנס זוכט עס, גלאָצנדיק די אויגן אויפן טעלער, נאָר עס איז נישטאָ. „דו האַלטסט אין האַנט ברויט", —זאָגט די מילנערין. און מאָנס באַרויקט זיך און הויבט זיך אָן צו שטאָפּן מיטן ברויט. „נעץ עס פריער איין אין טיי," זאָגט מען צו אים שטילינקערהייט, ווייל אַלע ווילן קומען צו הילף די דאָזיקע לעבעדיקע מתים און האַווירן זיי. עמעצער באַמערקט פּלוצלינג, אז ביי דעם אומגליקלעכן אין האַנט איז נעבעך בלויז א שטיקל טרוקן ברויט, און איילט זיך צו דערלאַנגען אים פּוטער און אַנדערע געשמאַקע זאַכן. גלייך ווי א צעשעדיקטער ריז. ווי א באַרג, זיצט מאָנס און זעטיקט זיך אָן. און דערשלונגען דאָס שטיקל ברויט, ענטגילטיק אָפּגעטעמפּט, קוקט ער ווידער אויף זיין האַנט און זאָגט פונקט ווי ווען א מענטשן, „ער איז אַוועק? — „ער איז אַוועק?—חזרט איבער פרעדעריק מענזא, ווי א פּאַפּוגאַ.

די דאָזיקע צוויי זקנים מיט אויסגעשמירטע און פעטע פּנימער מיט שמוציקע הענט, שטינקנדיקע פון אַלטקייט, האָבן פאַרשפּרייט ארום זיך אַראָפּ מיש אַן אייגנאַרטיקע עקלדיקע אַט-

מאָספער און בהמהשע שטימונג, וועלכע איז אַריבער אויך ווייטער אויף ביידע זייטן טיש. ווען דאָס וואָלט געווען נישט ביי מאַקן אַליין אין עס-צימער, וואָלטן זיך אפשר אָנגעהויבן מיאוסע זאַכן. קיין פאַרשטענדיק וואָרט הערט זיך נישט צווישן די געסט אויפן עק טיש, ביי אַלעמען זענען די געדאַנקען פאַרנומען מיט איין זאַך, ווי אַזוי צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן די זקנים.

לסוף ווערט מאָנס מיד פונם עסן. ער זיצט אויסגעגלאָצט די אויגן אויף די ליכט, וואָס אויפן טיש, און נעמט פון זיי לאַכן.

— הא-הא-הא. — צעגיסט ער זיך, און זיינע אויגן זענען ענ־לעך צו אַ פאָר געשווירן. איצט איז ער צופרידן, כאַפּט עס דער טייוול!

— הא-הא-הא. — העלפט אויך פרעדעריק מענזאַ צו מיט אַ פעסט ערנסטן אויסזען און קייט ווייטער.

— נעבעך, — רעדט מען אַרום — זיי האָבן אויך זייערע פריידן.

נאָר ביי דער מילנערין איז נאָך אויף אַזוי פיל פאַרבליבן פאַרשטאַנד, אַז עס איז איר מיאוס.

אין ערגעץ אין דער גאַנצער שטוב קיין איין קינד נישט.

מען האָט דערלאַנגט זיסע זאַכן און כערעס. אַלץ איז גע־ווען אויף דער דאָזיקער וועטשערע!

— ביי אַלעמען זענען אָנגעגאָסן די קעלישקעס? — האָט מאַק געפרעגט. — נו, טאָ לאָמיר זיי, ווי דער מנהג איז, אויסטרינקען פאַרן געזונט פון מיין טאָכטער, דער בראָנעטע עדוואַרדאַ!

אָט דאָס איז געווען ריכטיק, איידל און פאָטערלעך! אַך, דער-אָ מאַק, ווי זשע האָט מען געקאָנט נישט אַכטן אים!

בענאָני איז די גאַנצע צייט געזעסן און קיין אויג נישט אַראָפּגענומען פונם באַלעבאָס, ווי ער האָט געהוסט אין האַנטוכל, און נישט איבער דעם גאַנצן טיש; ווי ער האָט געאַרבעט מיט דעם גאָפּל. בענאָני איז אויך נישט געווען פון די וואָס צוויי פאַר אַ גראָשן: אומעטום האָט ער אַלץ עפּעס איבערגענומען, און ווי ער זאָל נישט זיין, האָט ער פון אומעטום אַוועקגעטראָגן עפּעס אַ

נוצלעכע קענטשאפט. דעריבער, ווען מאַק האָט זיך מיט אים אָנ-געקלאפּט מיט די גלעזלעך, איז ער שוין געווען אַזוי פיל אויפגע-קלערט, אַז ער האָט געקאָנט ענטפערן ווי די גְעבילדעטע, ווי אַן אַנדער פריץ. יאָ, בענאָני איז געווען אויף דעם ריכטיקן וועג פון אויסגלייכן זיך אין אַלץ מיט מאַקן.

דער באַלעבאָס האָט געטרונקען אויך מיט דעם אויפזעער פון לייכט-טורעם און מיט זיין ווייב, די איינציקע סירילונדער שכנים פון דער זייט פונם ים — „פאַר אייער געזונט!" — און די אַלטיטשקע פריצטע האָט זיך פאַרשעמט און איז רויט געוואָרן, הגם איר איז שוין געווען אַריבער פופציק יאָר, און זי האָט געהאַט צוויי אויסגעגעבענע טעכטער מיט קינדער. דער אויפזעער פונם לייכט-טורעם האָט אויסגעדרייט צו מאַקן זיין צעקנייטשט פּנים און אַ קוק געטון אויף אים מיט אַן אויסזען אָן אַ שום זינען: „אהאַ, אַזוי איז עס!" ער האָט גענומען זיין גלאָז און נישט געאיילט זיך אויסצוטרונקען. אָבער ווי משונה זיין האַנט האָט געציטערט! אפשר דערפאַר, וואָס מאַק האָט אים געהאַלטן פאַר אַ מענטש, מיט וועלכן מען קאָן זיך קלאפּן מיט די גלעזלעך? נאָכדעם האָט ער זיך ווי-דער געלאָזט פאַרזונקען ווערן אין דער גלייכגילטיקייט פון אַ אידיאָט.

דערנאָך האָט מאַק אויסגעטרונקען פאַר דעם געזונט פון אַלע זיינע געסט. ער האָט קיינעם נישט געוואָלט אויסטיילן, און קיינעם נישט אויסמיידן. אַלע האָבן געאַרבעט געוויסנהאַפטיק, און ער האָט אַלעמען געדאַנקט. אַ פריילעכער יום-טוב אַלעמען!

ער האָט שוין איינמאָל געקאָנט רעדן! פונוואַנען נאָר האָבן זיך ביי אים גענומען די ווערטער? די געסט זענען געווען גערירט. בראַמאַפוטראַ האָט זיך געלאָזט זוכן דאָס נאָזטיכל. אַמאָליקע יאָרן האָט דער שמיד נישט געוואָלט צושטיין צו דעם דאָזיקן טאָסט, מחמת אין אים האָט געלעבט אַן „אייביקע" שנאה. מילא, דאָס איז געווען אַן אַלטע געשיכטע, און אַזוי פיל מענטשן זענען אין איר גע-ווען פאַרמישט, סיי זיין יונגע ווייב, וועלכע איז שוין לאַנג גע-שטאָרבן, סיי מאַק אַליין, און נאָך איינער אַן אָנגעפאָרענער, וועלכן מ'האָט גערופן לייטנאַנט גלאַן, אַ יעגער. דאָס איז געווען מיט פיל

יאָרן צוריק: דאָס ווייב זיינס איז געווען איבער די אויגן פאַרליבט אין גלאַנען, אָבער מאַק האָט זי כסדר געגוויט און זי האָט זיך אונטערגעגעבן אים. דער שמיד האָט זי נאָך נישט פאַרגעסן. מען האָט איר גערופן עוואַ, זיין ווייב. און זי איז געווען אַזאַ קליינינקע. נאָר מער האָט ער שוין נישט געדענקט. דאָס לעבן איז געגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, ווי פריער, און אָט איז ער איצט געזעסן דאָ און האָט געטרונקען און געווונטשן אַ גליקלעכן יום־טוב מאַכן... און די „אייביקע" שנאה איז פאַרלאָשן געוואָרן...

— נו, זענען אַלע צופרידן? — האָט מאַק געפרעגט.

אַלע זענען אויפגעשטאַנען. עלען דאָס שטוב מיידל האָט גלייך גענומען אַריבערטראָגן די ווייסע באַגילדעטע שטולן צוריק אין זאַל אַריין. עהין איז אויך מאַק אַוועק, איינלאַדנדיק מיט זיך דעם אויפזעער מיט דעם ווייב און בענאַנין. די איבעריקע געסט האָט מען פאַרגעלייגט פאַרברענגען דעם אָוונט אין עס־צימער און אויסטרינקען אַ גלעזל צי צוויי פונש. דאָרט איז שוין געגאַנגען אַ לעבעדיקער שמועס נאָך די אויסגעטרונקענע קעלישקעס בראָנפן און וויין.

— אפשר וואָלט איר אונז אַביסל געשפילט, מאַדאַם שעבינג? — האָט געזאָגט מאַק, אָנווייזנדיק אויף נישט קיין גרויסע פאָרטעפיאַן פון מאָצאַרטס צייטן.

ניין, זי שפילט נישט, ווי קומט זי? שפּיכן? ווי אַזוי קאָן עס גאָר העד מאַק שפּאַסן אַזוי!

— אָבער איר פלעגט דאָך אונז פריער שפּילן, אַמאָליקע יאָרן?

— ניין, ניין, וואָס רעדט איר? ווען? פאַרצייטן. אָט די טעכטער, זיי שפּילן אַביסל. אַליין אויסגעלערנט זיך, נאָך דער חתונה. זיי זענען זייער מוזיקאַליש.

— איר זענט פון אַזאַ איידעלער משפחה, אַ געבוירענע בראָדקאָרב, און איר ווילט זאָגן, אַז איר האָט זיך נישט געלערנט שפּילן? חוץ דעם האָב איך אַליין געהערט, ווי איר שפּילט.

— ניין, איך בין נישט פון קיין איידעלער משפחה. איך? אַך, איר שפּאַסט אַלץ!

— צו אייערע עלטערן האָט געהערט אַ גאַנצע פּאַראַפּיע. איר מיינט, איך ווייס נישט?

— מיינע עלטערן? זיי האָבן געהאַט עטלעכע הויפן, אמת, און אַ היפּש ביסל אַקערלאַנד. ניין, הער מאַק, דאָס זענען אַלץ מעשיות וועגן אַ גאַנצע פּאַראַפּיע. מיינע עלטערן זענען געווען פּויערים, מיר האָבן געהאַט אונזער הויף, עטלעכע פערד און קי, אָבער קיין זאַך אַזוינס, וועגן וואָס ס'זאָל כדאי זיין צו רעדן.

דער אויפזעער פונם לייכטטורעם איז דערווייל אַרומגעגאַנגען איבערן צימער, אָנגעטון די ברילן אויף דער נאָז און באַטראַכט די בילדער אויפן וואַנט. אים איז געווען ביז טיף אין דער נשמה אַריין גלייכגילטיק, וועגן וואָס זיין ווייב רעדט מיט מאַקן. גאָט מיינער, ס'איז אַ שרעק, ווי אָן אַ שיעור באַקאַנט איז אים איר קול! שוין דרייסיק יאָר, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט, אָפּגעלעבט זייט ביי זייט עלף טויזנט טעג!

מאַק האָט אויפגעהויבן דאָס דעקל פונם אינסטרומענט.

— ניין, ניין, — זאָגט מאַדאַם שענינג — איך האָב נישט געשפּילט, זינט איך בין יונג געווען. סיידן עפּעס אַ תפילה.

זי זעצט זיך אַ רוימע, ווי אַ צוויק, און הנדלט זיך. מאַק האָט אויפגעעפנט די טיר אין עסצימער אַריין, און נאָר לייכט אַ הויב געטון מיט דער האַנט — דאָרט איז תיכף ומיד שטיל געוואָרן.

ביי די ערשטע קלאַנגען פון דער מוזיק האָט דעם אויפזעער לייכט אַ דריי געטון. ער שטייט נאָך אַרום אַ רגע, זינגלאָז גלאָצנדיק אויף דער וואַנט, מחמת עקשנות, כדי נישט לאָזן זיך אַרויסשלאָגן פון זיין פּאָזיציע, נאָכדעם זעצט ער זיך אויף אַ שטול. אָבער דערביי סטאַרעט ער זיך זעצן צו דעם ווייב נישט אַנדערש ווי מיטן רוקן. מאַדאַם שענינג שפּילט אויסווייניק אַ כאָראַל.

ווען דער כאָראַל איז אויסגעשפּילט ביזן סוף און נאָכאַמאָל פון אָנהויב, קאָרטשעט זיך מאַדאַם שענינג צונויף און מער ווייזט זי מיט גאָרנישט נישט אַרויס, אַז זי איז דאָ.

— זייער דאַנקבאַר! — זאָגט צו איר מאַק. נאָכדעם פאַרמאַכט

ער ווידער די טיר אין עסצימער, כּדי די מענטשן זאָלן קאָנען פרײלעך מאַכן זיך אומגעשטערט.

מען האָט דערלאַנגט קאָניאַק, וואַסער אין צוקער-ראַפינאַד אויף אַ גרויסער זילבערנער טאַץ, און מאַק בעט די מאַנסביל נישט אָפּזאָגן זיך און פּאַרזוכן. ער גרייט צו צוויי גלעזלעך, איינס פאַר זיך און אַ צווייטס פאַר מאַדאַם שעניגג. נאָכדעם גייט ער צו צו דעם אויפזעער, כּדי מיט אים אויך אַביסל צו פאַרברענגען.

— יאָ, דאָס דאָזיקע בילד האָט מײַן זיידע געבראַכט פון האָלאַנד.

— און דאָרט-אָ איז אָן אָנזיכט פונם אינזל מאַלטע. — זאָגט דער אויפזעער, ווײַזנדיק אויף דער וואַנט.

— גאַנץ ריכטיק! — ענטפערט מאַק מיט התקרבות. — איר האָט, אפנים, דערקענט?

— יאָ.

— ווי אַזוי זשע האָט איר עס דערקענט?

— ס'איז פון אונטן אונטערגעשריבן.

— אָט וואָס, — זאָגט מאַק און הויבט אָן צו מיינען, אַז ער האָט אוודאי אַביסל אַ טעות געהאַט, וואָס ער האָט אַזוי נידעריק אָפּגעשאַצט דעם כּוח המשער פונם אידיאָט — און איך האָב גע-מיינט, אַז איר זענט געווען אויף מאַלטע און האָט דערקענט דעם אָרט.

איצט באַצייט זיך מאַדאַם שעניגג מיט גרינגשעצונג פון טיפסטן האַרצן צו די רייד פון איר מאַן. אָ, ווי באַקאַנט עס איז איר זײַן מאָגערער רוקן, מיט די סמאַרטשענדיקע לאָפּעטקעס! זי הויבט שטילינקערהייט אָן צו שפּילן, מער נישט ווי כּדי נישט צו הערן דעם דאָזיקן ביז צום ברעכן באַקאַנטן קול.

— איר זענט דאָך אַמאָל געווען קאָמאַנדיר אויף אַ שיף, — רעדט מאַק ווייטער — האָב איך געמיינט, אפשר זענט איר געווען אויף מאַלטע.

אויף דעם אויפזעערס פּנים איז דורכגעפלויגן אַ שאָטן פון אַ שמייכל.

— פאַרשטייט זיך, איך בין געווען אויף מאַלטע.

— באמת? וואָס רעדט איר?

— אָבער אויב איך זע אַ לאַנדשאַפט פון העלגאלאנד, דער־קען איך אים נישט נאָר דערפאר, וואָס איך בין געווען אין נאָרוועגיע.

— נו, געווים, הע־הע־הע, פארשטייט זיך, — ענטפערט מאַק, מיינענדיק, אַז מיט דעם דאָזיקן אידיאָט באַדאַרף מען זיין פאָר־זיכטיקער, ס׳לוינט מיט אים אפילו נישט צו רעדן.

און מאַק האָט אויסגעטרונקען מיט בענאָנין און גענומען מיט אים רעדן.

— זעסטו, מיין ליבער הארטוויגסען, דאָס אַלץ זענען ביי מיר ירושה־זאכן: אי דאָס מעבל, אי די צוקער־פושקע, אי די בילדער אויף די ווענט, אי דאָס זילבער, און אַלץ אין שטוב. דאָס איז דער חלק, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף סירילונד, דאָס איבעריקע איז אַריבער צו מיין ברודער מאַק אין ראָזענגאָרד. יאָ, יאָ. נאָך מיר וועט עס אַלץ פאַרקויפט ווערן אויף ליציטאַציע. דעמאָלט גענעץ נישט, הארטוויגסען.

— ס׳ווענדט זיך אָן דעם, ווער פון אונז עס וועט פריער שטאַרבן.

מאַק האָט דערויף נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. נאָכדעם איז ער ווידער אַריבער צו מאַדאַם שענינג, מחמת ער האָט נישט געוואָלט, זי זאָל די גאַנצע צייט זיצן איינע אַליין.

און בענאָני האָט פאַר זיך אַ טראַכט געטון: — „דאָס האָט ער מיר געזאָגט אַזוי זיך, אַבי נאָר עפּעס צו זאָגן. ער האָט דאָך אַ טאָכטער, וואָס וועט ירשענען זיין פאַרמעגן. צו וואָס זשע דאַרף ער מיך רייצן?“

— זעט איר, מאַדאַם שענינג, זינט עס איז געשטאָרבן מיין פרוי, שטייט זיך דאָ דער אינסטרומענט גלאַט אומזיסט. נישטאָ, ווער עס זאָל אויף אים שפּילן. אָבער איך קאָן אים דאָך נישט אַרויסוואַרפן. דאָס איז אַ טייערער חפץ.

מאַדאַם שענינג שטעלט אַ קלוגע פראַגע:

— אָבער אייער טאָכטער האָט דאָך מסתמא געשפּילט, בעת זי איז געווען אינדערהיים?

— ניין, זי קען נישט. די באַראָנעסע עדוואַרדע אינטערעסירט זיך נישט מיט אַזעלכע זאַכן. אָט איך און איר, מיין איך, אַמאָליקע צייטן, וואָלטן געלאָפן, גאָט ווייסט וווהין, אַבי צו הערן מוזיק. איבעריקנס, ראָזע באַרפוּד שפּילט אַביסל, ווען זי איז ביי מיר. זי איז זייער אַ מוזיקאַלישע.

דאָ איז ביי בענאָנין געבוירן געוואָרן אַ שטאָלצער און אַ פאַנטאַסטישער רעיון: ווי, דער באַראָנעסע אויף צו להכעיס וועט ער זיך צונעמען ביי מאַכן דעם פּאָרטעפּיאַן? זי פּאַסט אַקוראַט פאַר זיין הויז און זי וועט שוין נויטיק זיין אינמיטן קינפטיקן זומער. ווער קאָן וויסן, אפשר האָט עס מאַק אויך געזאָגט, האָבנדיק דערביי עפּעס אַ זייטיקע כוונה?

אין עסצימער איז געוואָרן געגנוג טומלדיק, אפנים מען האָט דאָרט אָנגעהויבן עפּעס אַ שפּיל. סיי די פרויען, סיי די מאַנסביל ראַהאָצען הויך, נישט געקוקט אויף דער ערפורכט צו דעם אָרט. עס הערט זיך אַ קלונג פון אַ גלאָז, וואָס איז געפאַלן אויף דער ערד.

— אייך אינטערעסירן די בילדער? — ווענדט זיך מאַק ווידער צו דעם אויפזעער פונם לייכטטורעם. — דאָס איז אַ לאַנדשאַפט פון שאָטלאַנדער ברעגן. ווי נאַקעט און טרויעריק דאָ איז.

— זייער אַן אייגנאַרטיקער פּייזאַזש. — זאָגט דער אויפזעער.

— איר מיינט? אָבער דאָ איז דאָך מער נישטאָ, ווי זאַמד און שטיינער. קיינע געוויקסן נישט.

— ניין, פונדעסטוועגן פאַראַן.

— דאָ?

— דער זאַמד איז פון זייער אַ שיינעם קאָליר, און אָט דאָס זענען באַזאַלטענע פעלזן. און בכלל אויף זאַמד און שטיינער וואַקסט אויך עפּעס וואָס.

— נו, פאַרשטייט זיך, עפּעס וואָס וואַקסט.

— די סאָסנע וואַקסט אויף די שפּיצבערג און פון טאָג צו טאָג ווערט זי רייכער און מעכטיקער. און אין אַ שטורמווינט בייגט זי זיך קיינמאָל נישט, שטייט זיך שטאָלץ און הודזשעט נאָר פונם הוראַגאַן.

— נו, יאָ, פון דעם שטאַנדפּונקט. — האָט מאַק אויסגעצויגן, באַוואונדערנדיק דעם אויפזעערס באַרעדעוודיקייט.

— פאַראַן אַ געוויקס, וואָס רופט זיך אַספאָדעל, — האָט דער אויפזעער ווייטער גערעדט. אַלץ מער פאַרוואונדערנדיק מאַכן. — אויף אַ הויכן שטאַם, אין ווּקס פון אַ מענטשן, וואַקסן אויס לילע בלומען. אָבער דאָרט, וווּ דער געוויקס געפינט זיך, וואַקסט שוין מער גאָרנישט נישט. דאָס איז אַ סימן, אַז דער באָדן איז פרוכט-לאָז, אַז אויף דעם אָרט איז זאַמד, מדבר.

— וואונדערלעך! און איר האָט געזען די דאָזיקע בלום?

— אָ, יאָ. אפילו אָפּגעריסן אויך.

— ווו?

— אין גריכנלאַנד.

— אַ וואונדערלעכע זאַך! — זאָגט מאַק ווייטער און פילט זיך אינגאַנצן אַרויסגעשלאָגן פון זיין פּאָזיציע דורך דעם דאָזיקן אי-דיאָט. — פאַר אייער געזונט, מאַדאַם שעניגג! — זאָגט ער אויס-גלייכנדיק זיך.

אין דער דאָזיקער רגע האָט דער וואַנטזייגער אין אַ לאַנגן הילצערנעם פוטלאַר אָפּגעסקריפּעט עלף מאָל.

— דערלויבט מיר צוגרייטן פאַר אייך נאָך אַ זופּ פּונש, מאַ-דאַם שעניגג. — האָט מאַק פאָרגעלייגט.

— ניין, איך בין אייך זייער, זייער דאַנקבאַר, אונז איז שוין צייט אַהיים, צו אונזער לאָמפּ, — האָט מאַדאַם שעניגג געענטפערט — דאָרט איז דאָך געבליבן מער נישט ווי עינאָר אַליין.

מען האָט נאָך אַ ביסל גערעדט אויף דער טעמע. מאַדאַם שעניגג האָט זיך אויפגעהויבן און שוין דערלאַנגט די האַנט צו זעגענען זיך. אָבער מאַק האָט זי אַ פרעג געטון וועגן איר זון, דעם טויב-שטומען עינאַרן, און זי האָט פאַרגעסן, וואָס זי האָט געהאַלט און צוריק זיך געזעצט.

פלוצלינג טוט דער אויפזעער אַ בליק אויפן זייגער, וואָס אויפן וואַנט, און זאָגט:

— אָ, ס'איז שוין עלף דער זייגער. איך מוז גיין אַהיים צו דעם לאָמפּ.

ער האָט עס געזאָגט אַזוי, גלייך ווי זיין ווייב וואָלט וועגן דעם קיינמאָל קיין וואָרט אפילו נישט געזאָגט; אָנגעהויבן פון סאַמע אָנהויב פונקט דאָס זעלביקע. — אויף אַזוי פיל זענען דער ווייבס ווערטער פאַר אים געווען אַ פוסטער קלאַנג. ער האָט דערטרונקען זיין גלאָז, דערלאַנגט מאַקן די האַנט און אַוועק צו דער טיר, ווו ער האָט זיך נאָך אַמאָל אָפּגעשטעלט קוקן אויף עפּעס אַ בילד. מאַדאַם שענינג, פון איר זייט, האָט זיך אויך כלל נישט געאײַלט, נאָר געענדיקט דערציילן מאַקן אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט, און נאָכדעם ערשט האָט זי זיך גערירט פון אָרט. דעמאָלט האָט זיך דער מאַן לאַנגזאַם אַהעקגעשלעפּט נאָך איר, און אויסשליסלעך דערפאַר, וואָס פונקט אין דער רגע האָט ער געענדיקט קוקן אויפן לעצטן בילד.

מאַק און בענאָני זענען געבליבן אַליין. דער טומל פון עס־צימער איז אַלץ געוואַקסן, איינע פון די פרויען האָט אַ קוויטשע געטון, און עמעצער איז שווער געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע.

— אפנים, מען איז דאָרט גוט פריילעך. — האָט בענאָני געזאָגט מיט אַ שמייכל, פונקט ווי ער אַליין האָט קיינמאָל קיין חלק נישט געהאַט אין אַזעלכע הוליאַנקעס.

אָבער מאַק האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט און באַשיינפערלעך קיין חשק נישט געהאַט צו פירן אַן אינטימען שמועס. ער פאַרמאַכט דעם פּאָרטעפּיאַן, בלאָזט אויפן דעקל אוןווישט עס מיט זיין באַטיסטן נאָזטיכל. זיכער, אַז ער האָט עס אַלץ געטון, כדי צו באַווייזן, ס'אַרא זעלטענער און טייערער אינסטרומענט דאָס איז!

— אפשר ווילסטו זיך צוגרייטן נאָך אַ גלעזל? — האָט ער פאָרגעלייגט בענאָנין.

— ניין, אַ דאַנק. — האָט בענאָני געענטפערט

פון עס־צימער האָט זיך דערהערט, ווי דער בעקער זינגט הויך. די חברים האָבן גענומען שרייען „שאַ", באַשולדיקנדיק אים, אַז ער איז שיכור, און ער האָט קעגן דעם גריילעך פּראָטעסטירט. צייטנווייז נאָר האָבן זיך אין דעם גרויסן טומל אויסגעטיילט איינציקע קולות.

— זיי מיר מוחל, אויף איין רגע, — האָט מאַק געזאָגט — גרייט זיך דערווייל צו אַ גלעזל. באַלד קום איך...

און מאַק איז אַרויס אין קיך, מסתמא, כדי אָפּצוגעבן דאָרט עפּעס אַ באַפעל. גייענדיק האָט ער זיך באַגעגנט מיט זייןווירטשאַפטערין, און בענאָני האָט געהערט, ווי ער האָט איר געזאָגט:

— אויב דער בעקער איז שוואַך געוואָרן, טאָ זאָלן אָלעפּייערל און דער באַנדער אים אָפּפירן אַהיים.

קיין פאָרוואורף, קיין בייז וואָרט בנוגע דעם אומגליקלעכן בעקער! נאָר דער ביטראַק בענאָני האָט צו זיך אַליין אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אַ טראַכט געגעבן: „אָט וועט ער פאַראַמאָל פּטור ווערן פון דריי מאַנען, און די ווייבער וועלן דאָ בלייבן!"

מאַק האָט ווייטער גערעדט מיט דער ווירטשאַפטערין:

— און איר האָט נישט פאַרגעסן וועגן מיין וואַנע?

— ניין.

דערפון האָט בענאָני פאַרשטאַנען, אז ס'איז שוין שפּעט און אז מאַק וועט באַלד וועלן גיין צו זיך אויבן. יאָ, מאַקס וואַנעס האָבן געהאַט אַ שם, און גענומען האָט ער זיי גאַנץ אָפט, אַזוי אז אַלע האָבן וועגן זיי געוווּסט. ביי אים אין וואַנע איז געווען אויסגעבעט אַ ווייכע פּערענע און אַ קישן, אויף וועלכע ער האָט זיך אויסגעצויגן באַקוועמלעך און אָנגענעם. יאָ, יאָ, האָט מען דאָס וווּנדערלעכע געשיכטעס אַביסל דערציילט וועגן זיינע וואַנעס און וועגן די, וואָס האָבן אים דערביי באַדינט! וועגן די זילבערנע מלאכים, וואָס אויף די ווינקלען פון זיין בעט אויך.

בענאָני האָט זיך געקליבן זעגענען, אָבער מאַק האָט אים, ווי אַ פריינטלעכער באַלעבאָס, גענויט אויסצוטרינקען נאָך אַ גלעזל. זיי האָבן נאָך אַביסל געשמועסט וועגן דאָס און יענץ, און בענאָני האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט, וואָס קאָן קאָסטן אַזאַ מין כלי ווי די מוזיק. אָבער מאַק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ פאַר אַ סימן, אז אין אַזאַ אָוונט וויל ער נישט רעדן וועגן קייגע פרייזן.

— יעדנפאַלס אַ היפּש ביסל, — האָט ער געזאָגט — מיינע עלטערן האָבן נישט געפרעגט וועגן מקח, ווען זיי האָט זיך עפּעס

פאַרוואָלט. דאָרט, אין קליינעם צימערל, שטייט אַן אַרבעט־טישל פון ראָזע האָלץ באַלייגט מיט זילבער און מיט שוואַרצן האָלץ. אַט דאָס וואָלט בדאַי געווען אַמאָל ווען עס איז באַהייזן דיר!

די ווירטשאַפטערין איז אַריין און האָט אַ צעמישטע גע־מאָלדן:

— דאָס זילבער... עס פעלן דריי גאָפּלען.

— אַט וואָס? — האָט מאַק נאָר געזאָגט. — אָ, דאָס איז, אפשר, אַן אַלטער שפּאַס. יעדן ערב־וויינאַכט שרעקן זיי אונז אַזוי. פאַראַ־יאָרן האָבן זיך דאָך די גאָפּלען געפונען?

— יאָ.

— זיי זענען געהוויינט, אַז איך אַליין זוך ביי זיי די גאָפּלען, זיי געפעלט עס, וואָס איך באַזוך זיי ביי זיך אין שלאָפצימער און משפּט זיי דאָרט. דאָס איז אַ מנהג פון פאַרצייטן אָן ביי אונז אין הויף.

אָבער די ווירטשאַפטערין האָט זיך נישט באַרויקט.

— יאַקאָבינע און די מילנערין האָבן אונז געהאָלפן וואַשן דאָס געפעס, — האָט זי געזאָגט — נאָכדעם האָב איך איבערגעציילט דאָס זילבער, און יאַקאָבינע האָט זיך פונאַנדערגעוויינט און געזאָגט, אַז נישט זי איז שולדיק. נאָך איר האָט זיך פונאַנדערגעוויינט די מיל־נערין אויך.

— אַזוי איז שוין דער מנהג, — האָט מאַק געענטפערט שמייכ־לענדיק — זיי זענען פונקט ווי קליינע קינדער. און דעם בעקערס ווייב וויינט נישט?

— ניין... איבעריקנס, איצט ווייס איך נישט.

— ביי מיר אויבן איז אַלץ גרייט?

— יאָ.

— נו, טאָ זאָל דעם בעקערס ווייב גיין די ערשטע.

די ווירטשאַפטערין איז אַוועק. מאַק האָט זיך שמייכלענדיק געווענדט צו בענאַנין און געזאָגט, אַז ווי אָנגענעם אים זאָל נישט זיין צו זיצן דאָ ביי אַ גלעזל פּונש, מוז ער דאָך ווענן עפּעס אַנדערש אויך טראַכטן, פאַרנעמען זיך מיטן משפּט. וואָס קאָן מען טון, מ'מוז אָפּהיטן די אַלטע מנהגים.

בענאני האט זיך געזעגנט, און מאק האט אים באגלייט ביז דער טיר. אין פארהויז האבן זיי זיך באגעגנט מיט דעם בעקערס ווייב, וועלכע איז געגאנגען אויבן.

## IX

אויף מארגן איז בענאני נאך געלעגן אין בעט, ווען מען האט צו אים אנגעקלאפט אין טיר. ער האט געמיינט, אז דאס האט די אלטע דינסט זיינע, אליין צום שכל געקומען, אנגעהויבן ארויסצווייזן אים אזא מין כבוד, אז זי קלאפט אן איידער זי גייט אריין, און ער האט א געשריי געטון:

— גיי אריין! זיי אזוי גוט!

אן אומבאקאנטער מענטש איז אריין.

— גוט מארגן! גוט יום-טוב, וואלט מען געדארפט זאגן.

דער מענטש האט מורמלענדיק עפעס זיך אנטשולדיקט און אויסגעטון זיין פיטערן היטל. ער איז געווען נישט קיין היגער, מיט א קליין העל בערדל, א מאגערער, מיט לאנגע האר און כמעט נאך א יינגל.

בענאני איז געלעגן און געקוקט אויף אים. נאכדעם האט ער געזאגט:

— זעץ זיך ערגעץ צו.

— א דאנק. אין דרויסן איז אזוי קאלט, אז איך בין שיר נישט דערפרוירן געווארן, — האט דער מענטש געזאגט — האב איך מיר א טראכט געטון: לאמיך גאר פרווון אריינגיין צו הארטוויג-בענען.

ער האט געריבן פלינק און גלאט, אן איבעריקן אונטער-לעקן זיך.

בענאני האט געפרעגט:

— דו קענסט מיך, אפנים?

— ניין, איך האב נאר געהערט וועגן אייך. מען האט מיר געזאגט, איך זאל גיין צו אייך.

— ווי רופט מען דיך?

— סווען יאָהאַן קיעלדסען. איך בין פון שטאָט, בין דאָרט אַ צייט געווען וועכטער, אַזוי אַז לייטן האָבן מיך גערופן פשוט סווען דער וועכטער. און געבוירן בין איך פון דרום.

— וואָס זשע האָט איר צו מיר פאַר אַן עסק?

בענאָני האָט נישט גאַנץ קלאָר פאַרגעשטעלט זיך, וואָס באַדייט עס אַ וועכטער, און איז יעדנפאַלס אַריבער אויף „איר".

— מיין עסק איז אַזאַ, אַז אַלע מענטשן מיר אין איין קול, איך זאָל גיין צו אייך. איך דאַרף פאַרדינען אַ ביסל געלט, האָט מען מיר געזאָגט: גיי נישט גלייך צו מאַקן, גיי פריער צו האַרט-וויגסענען, ער וועט מאַקן זאָגן פאַר דיר אַ גוט וואָרט.

— ביסטו ביי מאַקן נישט געווען?

— ניין.

בענאָני האָט זיך דערפילט גרויס דערמיט און האָט זיך אָנגענומען מיט שטאָלץ. אָט ווי מען זאָגט: „גיי צו האַרט-וויגסענען, ער וועט דיר קריגן אַרבעט ביי מאַקן"!

— נו, כ'בין נאָך גאָרנישט אַזאַ גרויסער פויגל, אַז מאַק זאָל פאַר דיר עפּעס טון, נאָר דערפאַר וואָס איך וועל אים זאָגן, נאָר, מילא, מיר וועלן זיך שוין זען ווי נישט איז איינצואָרדנען, ווי ביסטו אַהער געקומען?

— צו פוס. אַזוי בין איך מיר געגאַנגען די גאַנצע צייט. איך האָב אַ דימענט — אָט זע — שנייד איך גלאָז. איך האָב פון שטאָט מיטגענומען אַ גרויסן קאַסטן גלאָז און אין וועג האָב איך אַריינגעשטעלט דעם עולם שויבן. אָבער גלאָז האָט מיר געקלעקט נישט אויף לאַנג.

דער מענטש האָט אַ שמייכל געטון, בענאָני האָט אויך גע-טון אַ שמייכל.

— ווייס איך, אויך מיר אַן אַרבעט. — האָט בענאָני געזאָגט.

— אַז איך האָב געהאַט אָט דעם-אָ דימענט. איך האָב אים געפונען איינמאָל ביידערנאַכט, ווען איך בין געווען אַ וועכטער. דאַרף מען דאָך מיט אים עפּעס טון.

— געוויס, און איצט האָט זיך דאָס גלאָז געענדיקט?

— דאָס לעצטע שטיקל אַריינגעשטעלט היינט ביידערנאַכט,

דאָ אויפן עק דאָרף שטייט אַ קלייןביידל און אין מיר איז אויס־געשניטן אַ הערצל. האָב איך גענומען און אַריינגעשטעלט אין דעם אַ שויב.

בענאָני האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— אַריינגעשטעלט אַ שויב אין...?

— פשוט אַזוי זיך, ווייל ס׳איז נישט געווען, וואָס צו טון. די לבנה האָט געלויכטן אַזוי העל, און ס׳האָט זיך געוואָלט אָפּ־טון עפּעס אַ שטיק, נו האָב איך מיר אַריינגעשטעלט דאָס גלאָז און גוט פאַרקיטעוועט. ס׳קאָן זיין, אפשר נאָך ביי דעם לערער.

— האַ־האַ־האַ! — האָט זיך בענאָני געקאַטשעט. — ער וועט זיכער מיינען, אַז דאָס האָט מען פון אים אָפּגעלאַכט.

דער מענטש האָט זיך אויך פונאַנדערגעלאַכט. נאָכדעם האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט און געזאָגט:

— און איצט איז אין דרויסן געוואָרן אַזוי קאַלט, אַז איך בין געגאַנגען און האָב אָנגעקלאַפּט צו אייך, איך האָב די גאַנצע נאַכט פאַרבראַכט אויפן פראָסט. געווען ביי אייך נעכטן אין אָוונט, איז ביי אייך געווען פאַרשפּאַרט.

— איך בין געווען צו גאַסט ביי מאַקן, — האָט בענאָני גע־געבן צו דערקלערן — דו וואָלסט געדאַרפט אַריינגיין אַרום האַלבע נאַכט, ווען איך בין אַהיימגעקומען.

— בין איך אַוועק צוריק, צו יענעם ביידל. אונטערהייצן אפשר אין אויוון?

— זיי זיך נישט מטריח, באַלד וועל איך אַליין.

בענאָני איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, נאָר סווען דער וועכ־טער האָט אַ געשריי געטון:

— ליגט, ליגט!

און האָט זיך אַליין גענומען אונטערהייצן, אָט אַ מאָדנער מענטש! בענאָני האָט דערקלערט, אַז ער האָט פאַר אַזעלכע זאַכן אַ דינסט, נאָר זי איז נאָך נישט געקומען.

— אפשר צושטעלן אַ טעפּל? — האָט סווען דער וועכטער געפרעגט.

— דו וועסט דען קאָנען? באַלד קומט מיין דינסט, מסתמא.

סוֹען האָט צוגעשטעלט א טעפּל, און אז עס האָט גענומען זידן, האָט ער אין דעם אריינגעשאָטן צווי הויפנס קאַווע.

— שפּאָר נישט קיין קאַווע. — האָט בענאָני געזאָגט.

אין צימער איז ווארימער געוואָרן. בענאָני איז אויפגעשטאַנען און האָט געקראָגן עפּעס צוצובייסן. נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט, אז מען וואָלט באדארפט באווייזן דעם גאַסט, אז ער איז אריינגעפאַלן צו א מענטשן א געבילדעטן, און האָט זיך גענומען פלייסיק וואַשן. געענדיקט דערמיט, האָט ער ארויסגענומען בראָנפן אויך. זיי האָבן ביידע צוגעביסן און אויסגעטרונקען, און בענאָני האָט מיט פארגעניגן געהערט סוֹען דעם וועכטערס פריילעכע פּלוידעריי. ס'איז ארויסגעקומען זייער א פריילעכער אָנבייסן.

נאָכדעם איז געקומען די ארבעטאָרין. בענאָני האָט איר אויך דערלאַנגט א גלעזל לכבוד יום-טוב און געזאָגט, אז זי דארף באַדאַנקען דעם גאַסט פאַר זיין מי.

— גיס אָקאָרשט אָן נאָך וואַסער אין האַנטפאַס. — האָט בענאָני געזאָגט.

— פאַר מיר? איך האָב זיך שוין געוואַשן, — האָט זיך אָנגערופן סוֹען — איך האָב מיך נאָך געוואַשן אין וואַלד, אויפן וועג צו אייך, מיט שניי.

— און מיט וואָס האָט איר זיך אָפּגעווישט? — האָט די דינסט געפרעגט.

— מיטן רעקל.

— אַהאַ!

— און די האָר האָב איך פארקעמט מיט א שישקע פון א יאָדלע.

— קרוינעלעך מיינע. — האָט איר ווען געהערט? — האָט בענאָנים דינסט געזאָגט.

דער גאַסט איז בענאָנין גלייך געפעלן געוואָרן. אפילו דאָס, וואָס ער האָט גלייך דערציילט אָפנהארציק וועגן זיין נויט, האָט אים נישט געשאַדט. לפּחות, נישט קיין גביר מיט א פוזע, וועלכער קלינגט מיטן זילבער אין קעשענע און פארדרייסט די נאָז אנטקעגן בענאָנין. און ער איז אַזאַ דאַנקבארער, און דאַנקט אַזוי

פיין פאר יעדער טובה. ווען בענאָני האָט אים געזאָגט, ער זאָל נישט שפּאָרן קיין קאַווע, האָט סווען געענטפערט: „יאָ, יאָ, איך זע שוין, אַז כ׳בין אַריינגעפאַלן אין אַ רייך הויז!" און אַז בענאָני האָט אים צוגעזאָגט נעמען צו מאַכן און דאַרט פאַר אים זען זיך משתדל זיין, האָט סווען לכתחילה היים באַדאַנקט, און דערנאָך צ׳געגעבן, אַז לייטן האָבן אים טאַקע פאַרויס געזאָגט, אַז פּונקט אַזוי וועט עס זיין.

— און אויב מאַק וועט דיך נישט וועלן נעמען, וועל איך אַליין דיך נעמען. — האָט בענאָני געמאָלדן.

דאָס איז געווען פרי פאַרטאָג, און ער האָט שוין אויסגעטרונקען צוויי גלעזלעך, די נשמה האָט בײַ אים געשפּילט. ער האָט ווייטער געזאָגט:

— ס׳קאָן זיין, אַז איך אַליין וועל דאַרפן האָבן אַזוי פיל מענטשן, וויפל מאַק גופא האָט, אויב שוין יאָ אַזוי.

אָבער דאָ האָט בענאָני זיך באַרעכנט, אַז ער האָט אַביסל איבערגעבאַפּט די מאָס און האָט געאײַלט פאַרריכטן זיך:

— אָט הענגט מיין גרויסע נעץ. אויב הערינג וועלן זיך אַ שאָט טון, וועלן מיר קיין דרייסיק הענט אויך נישט קלעקן.

— איר וועט דען נישט פאָרן אויף די לאָפאָדען־אינזלען? — האָט סווען געפרעגט.

בענאָני איז צעטומלט געוואָרן. דער גאַסט האָט שוין געוווסט דאָס אויך, אַז ער שווימט אויף דער זעגל־שיף איינקויפן פיש פאַר דריי שיפן, און ער האָט געענטפערט קורץ און שאַרף:

— אויב איך וועל באַשליסן מכוח די לאָפאָדענס, וועל איך דיך מיטנעמען.

X

בענאָני איז אַוועק אויף די לאָפאָדען־אינזלען; אַלע פישער האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אַהין. אין דאָרף איז גאָר קיין מאַנסביל נישט געבליבן. בענאָני איז געפאָרן אויף דער זעגל־שיף, און האָט

סווען דעם וועכטער געגומען מיט זיך, ווי ער האָט געזאָגט. ביידע מאַקס יאַבטעס זענען אויך אַוועק: איינע האָט געפירט ווילאַדס פון האַפן אין די צווייטע—אַלע־פּויערל. אין דער סירילונדער בוכטע זענען פאַרבליבן נאָר עטלעכע פּשוטע שיפלעך און אַ גרויסער ים־באָט, אויף וועלכן מען האָט געפירט די פּאָסט פון דעם פּאָסטדאַמפּער.

בענאַנין האָט זיך פונדעסטוועגן אייגגעגעבן זעגענען זיך מיט ראָזען. דעם לעצטן טאָג פאַרן אָפּפאָרן איז געווען אַזוי פיל עסק און קלאָפּאָט, אַז ער האָט נאָר באַוויזן אויף דער גיך זעגענען זיך מיט איר און זאָגן, אַז ער וועט איר זיין געטריי ביזן קבר. אויפן וועג האָט ער זיך נאָכאַמאָל אויסגעדרייט און אַ געשריי געטון, אַז ער וועט איר אומבאַדינגט קויפן אַ רינג און אַ צלם. נאָכדעם איז ער אַרויס פון דער בוכטע, און ראָזע איז געשטאַנען אין סירילונד ביים פענסטער און האָט אים נאָכגעקוקט. אָבער ס'איז שוין אַריבער ביי אַ האַלבע שעה, און ס'קאָן זיין, אַז ביים פענסטער זעט זיך שוין נישט קיין מענטש, נאָר אַן אַרויסגעהאָנגענער בגד.

ביי מאַקן אין סירילונד איז קיין נייעס נישט פאָרגעקומען, נאָר ביי דעם שמש פון קירך אַרענטסען, וואָס האָט געוווינט אין דעם שמש־הויף איז עפּעס יאָ פאָרגעקומען: אין איינעם אַ שיינעם טאָג אין פעברואַר איז אַהיימגעקומען זיין זון, וואָס האָט שטודירט די געזעצן. איצט האָט ער סוף־כּל־סוף געענדיקט זיין שטודיום. און ביי דעם יונגן אַרענטסען זענען געווען אַזעלכע ווייסע הענט,— און דערצו קיין איינציקע האָר אויפן קאָפּ נישט,—אַז דער עולם האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט פיל געלערנט. מען האָט זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס אַכטונג. אינדערהיים האָט מען אים אָפּגעגעבן אַ צימער און נאָך אַ צימער פאַר אַ קאַנטאָר, און ער האָט זיך גענומען גרייטן אָנצוהויבן פירן דאָ פּראָצעסן אויף אַ נייעם שטייגער, אויף דעם שטייגער פון געלערנטע. איצט וועט שוין קיינער נישט דאַרפן ליידן קיין עוולות אין אַ משך פון יאָרן, יעדער וועט גלייך קאָנען באַקומען זיין רעכט, אָ, דאָ איז זיכער פאָרגעשטאַנען אַ היפּש ביסל אַרבעט, —מיט דעם אַלטן לענסמאַן איז שווער געווען אויסצוקומען!

און דער אלטער קירך-שמש מיט דעם ווייב וועלן דאס איצט האבן א רויק לעבן! א גאנץ לאנג לעבן האבן זיי זיך געפייניקט, און געארבעט, און קיין רגע נישט גערוט. אלע זעקס עלטערע קינדער צוזאמען האבן זיי נישט אזוי פול געקאסט, ווי־פיל דער איינער, דער זיבעטער יינגסטער זון ניקאלאי. די שיין פון דער משפחה, דער יוריסט. גאט מיינער! וויפל האבן זיי זיך מקריב געווען און געפייניקט פאר אים, אפגעזאגט זיך פון עסן און פון קליידן און אפגעגעבן די לעצטע גראשנס, אפילו געליען פאר אים געלט און פארזעצט די מטלטלין, און אט האט זיך לסוף דער זון צוריק אומגעקערט און וועט זיי באלוינען פאר אלץ. ביי דער טיר פון קאנטאר איז געווען צוגעשלאגן א טאוועלע מיט זיין פאמיליע און אנגעוויזן די שעהן, ווען מען קען אים דערווישן אינדערהיים.

ביז וואס ווען האט זיך דער יונגער ארענטסען ארומגעשפא־צירט איבער די וועגן און באזוכט די שכנים, כדי נישט ארויס־צושטעלן זיך פאר קיין בעל-גאוה. ער האט אומעטום מיט זיך געבראכט פריילעכקייט, האט זיך ארויסגעוויזן, ווי א גוטמוטיקער און א לייטזעליקער, און האט געפלוידערט, דערציילט געשיכטעס צום לאכן. ער איז געגאנגען אין קירך אויך און האט זיך גע־שאפן א גרויסן קרייז באקאנטע. נאר אזוי ווי אין דער צייט פון יאר זענען פון דעם דערוואקסענעם עולם איבערגעבליבן אין דארף נאר די ווייבער, איז צו אים אין קאנטאר קיינער נישט געקומען. מיט געשעפט האט מען געמוזט ווארטן ביז פרילינג, ווען די פישער וועלן זיך אומקערן אהיים. און ביז דעמאלט איז דער דארף דערוואייל געווען אן געלט אויך.

איינמאל האט דער יונגער ארענטסען פארבלאנדזשעט קיין סירילונד, ער איז לאנג ארומגעגאנגען איבערן הויף, געשטאנען אביסל צייט, באטראכט די טויבן און אויסגעפייפט זיי עפעס אזוינע לידלעך. אזוי ווי דאס איז געווען סאמע אונטער די פענסטער פון הויז, האבן אים דערזען אי ראזע באראפוד, אי מאק. נאכדעם איז ער אריין אין שטוב, אבער דעם הוט האט ער אויסגעטון ערשט אין צי־מער גופא, מחמת דער קאפ איז ביי אים געווען אינגאנצן גאר ט קאלער.

— ברוך-הבא אין געבורטס-אָרט, געבילדעטער און אזוי ווייטער. — האָט מאַק אים פריינטלעך באַגריסט און ער האָט אים פאָטערלעך אָנגערופן פשוט ניקאָלאַי.

מען האָט געשמועסט וועגן פערשידענע זאכן, און ראָזע, וועלכע מען האָט אמאָל געהאַלטן פאַר זיין כלה, איז אויך געווען דערביי, אָבער ער האָט אויף זיך נישט ארויסגעצויגן קיין פייערלעכקייט צוליב דעם. ער האָט נאָר פריילעך געפּלוידערט, ווי אַלע מאָל. און מאַק האָט געפרעגט וועגן זיינע פלענער אויף דער צוקונפט, האָט ער געענטפערט, אַז דערווייל האָט ער נאָר איינאיינציקן פּלאַן — זיצן אינדערהיים און וואַרטן אויף קלאָטניקעס.

— מענטשן דארפן זיך קריגן און קומען צו מיר. — האָט ער געזאָגט.

דאָזע האָט אים גוט געקענט און האָט פריינטלעך געשמייכלט, הגם זי איז געווען אַביסל באַליידיקט, וואָס אירע תנאים האָבן ביי אים נישט ארויסגערופן קיין ערנסטערע שטימונג.

— אָבער דאָס איז דאָך שרעקלעך, דו האָסט אינגאַנצן קיין האָר נישט. — האָט מאַק געזאָגט.

— אינגאַנצן?—האָט דער יונגער ארענטסען רויק געענטפערט— גאָר אַ נייס.

אָבער ראָזע האָט אים פריער אויך געזען מיט אַ פּליך. פאַר איר איז דאָס קיין נייס נישט געווען. אוי-וויי! פאַר דידאָזיקע יאָרן האָט זי ביי יעדער נסיעה אירע אויפן דרום אין אים געפונען אַלץ מער און מער ענדערונגען. און יעדעס מאָל איז ער אַלץ מער און מער אינערלעך געפאַלן, געוואָרן אַלץ פוסטער, אַלץ מער געפּלוידערט און אַלץ פוילער. דאָס שטאָטישע לעבן האָט קאַליע געמאַכט דעם דאָזיקן פויערישן בחור.

— נאָר ווי ווייניק האָד עס זענען מיר נישט געבליבן דאָ,— האָט געזאָגט דער יונגער ארענטסען, אַדורכפירנדיק די הענט איבער זיין אָפּגעפּאָלירטן שאַרבן — האָבן זיי זיך ביי מיר אַלע געשטעלט קאַפּויר אַנוסטן. יאָ, זיי האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר. דאָס איז געווען, ווען איך בין נאָר וואָס געווען געקומען.

מאַק האָט אַ שמייכל געטון, אויך ראָזע האָט געטון אַ שמייכל.

— דער ערשטער, וואָס איך האָב באַגעגנט, איז געווען דער לאָפּאַר גילבערט. איך האָב אים תּיכּף דערקענט און געפרעגט, וואָס ער מאַכט, ווי איז ער אין געזונט, — „נישקשה, מען לעבט,— האָט ער געענטפערט. — און אָט ראָזע איז געוואָרן אַ כּלה פאַר בענאָני דעם בריוווטרעגער". — פאַר בענאָני דעם בריוווטרעגער? — האָב איך געפרעגט. — פאַר מיר! אָבער גילבערט האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט מיך נישט געשמיצט. נו, באַרעכנט זשע אַליין, חי־גרוים איז געווען מיין שרעק, אַז ער האָט מיך נישט געשמיצט.

געוואָרן אַ נישט קיין אַנגענעמע פּויזע.

— און אָט דעמאָלט־אָ, — האָט דער יונגער אַרענטסען ווייטער גערעדט — האָבן זיך עס די האָר ביי מיר געשטעלט קאַפּויר.

ראָזע איז לאַנגזאַם אַפּגעטראָטן צום פענסטער און האָט גענומען קוקן אין דרויסן.

מאַק וואָלט, אייגנטלעך, געדאַרפט אָפּשטעלן דעם אויפגעקומענעם עזות פּנים, אָבער ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט אַלץ פאַרויסגעזען, און גלייך געבאַפט זיך, אַז קריגן זיך מיט ניקאָלאַי אַרענטסען, דעם קענער פון די געזעצן, טויג נישט. ניין, אדרבא, גאָר פאַרקערט. אים האָט זיך אָבער אויך נישט געוואָלט אונטערהאַלטן דעם שמועס אין אַזאַ אינטימען טאָן, און ער האָט געזאָגט:

— נו, איר האָט אוודאי וועגן וואָס צו שמועסן.

און ער איז אַרויס פון צימער.

— ניין, מיר האָבן גאָרנישט וועגן וואָס! — האָט אים ראָזע נאָכגעשריגן.

— הער אָקאָרשט, ראָזע, קער זיך אום אַהער. — האָט דער יונגער אַרענטסען זי געבעטן.

אַליין האָט ער זיך נישט אויפגעהויבן פון אָרט און האָט אויף איר אפילו נישט געקוקט, ער האָט זיך נאָר אַרומגעקוקט אין מאַקס זאַל, גלייך ווי ער וואָלט אַהער אַריינגעפאַלן דאָס ערשטע מאָל אין לעבן.

— דאָ זענען פאַראַן נישט קיין שלעכטע אַלטע גראַווירעס אויף די ווענט.—האָט ער געזאָגט מיט אַ פּנים פון אַ מבין.

קיין ענטפער.

— נו, קום-זשע אהער, לאָמיר רעדן, אויב דו ווילסט.--האָט געזאָגט דער יונגער ארענטסען, אויפהויבנדיק זיך.

ער איז צוגעגאַנגען צו א בילד אויף דער וואַנט און אויפמערקזאַם גענומען עס באַטראַכטן, אַזוי זענען זיי געשטאַנען גאַנץ לאַנג אומגעקערט איינע צו די אַנדערע מיטן רוקן.

— דאָס איז בפירוש נישט שלעכט. — האָט ער געזאָגט, ווי צו זיך אַליין. א שאָקל טוענדיק מיטן קאָפּ אויפן בילד. נאָכדעם איז ער פּלוצלינג אַוועק צום פענסטער און האָט אריינגעקוקט ראָזען אין פּנים.

— דו וויינסט? מסתמא, איך האָב עס געוווסט.

זי איז אַוועק פון פענסטער און אַראָפּגעלאָזן זיך אויף א שטול.

ער איז לאַנגזאַם אַוועק נאָך איר און האָט זיך געזעצט אויף א צווייטן.

— דאגה נישט, ראָזינקע, טייערע, — האָט ער געזאָגט — עס לוינט נישט.

דאָס מיטל האָט נישט געווירקט. דעמאָלט האָט ער אָנגענומען אַן אַנדערן.

— אָט זיץ איך דאָ און רעד, און רעד, און דו ווילסט מיך אפילו נישט הערן. מען האַלט מיך שוין גאָר פאַר א גאָרנישט, זיי אַזוי גוט באַווייז כאָטש מיט וואָס עס איז, אַז דו באַמערקסט נאָך, אַז איך בין דאָ.

פּויזע.

— ניין, באמת, וואָס איז עס אַזוינס! — האָט ער אויסגעשריען און איז אויפגעשטאַנען. — איך קום אהער צופאָרן אין מיין היימאַט און אַזוי ווייטער, כ'אייל קודם-כל מיך צו דיר...

ראָזע האָט אויף אים געקוקט, אויפגעעפנט דאָס מויל.

דער יונגער אַרענטסען האָט געשריען:

— נו, קוים קוים אויסגעשלאָגן פון דיר א פונק, דו האָסט א שמייכל געטון. אָ, גאָט, סוף-כל-סוף זע איך דיין פלאַמענדיקן שמייכל, דיינע העלע נישט געפאַרבטע ליפּן.

— דו ביסט פון זינען אראָפּ. — האָט ראָזע אויסגעשריען.

— יאָ, — האָט ער תיכּף ומיד מסכּים געווען און דערלאַנגט אַ שאָקל מיטן קאָפּ - אַראָפּ פון זינען, גלייך ווי איך בין געקומען אַהיים, ווייסט, וואָס מען האָט מיר דערציילט וועגן דירל אַז דו ביסט פאַרקנסט מיט בענאָני דעם בריוומרעגער, דו אַליין האָסט עפּעס געהערט ענלעכס דערציו? דו זאָגסט, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען. ניין, איך בין דערשלאָגן. האַלבמויט, אָדער אַן ערך אַזוי פיל, ווי דאָס. איך גיי גאַנצע טעג און זוך אַלץ, וואָס זאָל איך אַזוינס צו-טראַכטן, — אָבער וואָס איך זאָל נישט צוטראַכטן, טויג אַלץ אויף כּפּרות. ווען איך בין היינט אַהערצו געגאַנגען, האָב איך געבעטן גאָט נאָר וועגן איין זאַך, און געבעטן האָב איך סך-הכּל וועגן דעם, אַז גאָט זאָל מיך דערהאַלטן ביים שכל. דער בריוו— — טרעגער בענאָני! און איך? דו זאָגסט, אַראָפּ פון זינען! יאָ, יאָ. איך בין משוגע און קראַנק. איך שטיי דאָ אַנטקעגן דיר, נאָר אין דער אמתן וואָלט איך געדאַרפט גאָר ליגן אין בעט, קוים וואָס איך האַלט מיך אויף די פיס. יאָ, יאָ, איך בין אַזוי קראַנק, אַז אפילו אַ שטיין וואָלט אויך געשטאָרבן!

— גאָט מיינער, — האָט ראָזע אויסגעשריען אין פאַרצווייפלונג — נו, זאָג אַליין, איז פאַראַן עפּעס אַ זינען אין דיינע ווערטער?

ער איז, אפנים, אַביסל איבעראַשט געוואָרן פון דער אויפ-ריכטיקייט פון איר אויסגעשריי, איבערן פנים איז ביי אים אַדורך אַ שאָטן, און ער האָט אָנגעהויבן רעדן מיט אַ רויקערן טאָן.

— נו, זאָג איין וואָרט, וועל איך אייגנהענטיק מיט דעם הוט פאַרדעקן די רעשט פון מיינע האָר, און באַזייטיקן זיך.

ראָזע איז אַביסל צייט געזעסן, געטראַכט, נאָכדעם אויפגע-הויבן דעם קאָפּ און געזאָגט:

— איצט איז אַלץ איינס, אָבער איך מיין פאָרט, אַז דיין טאָן... דו וואָלסט זיך געקאָנט באַציען אַביסל ערנסטער, ס'קאָן זיין, אפשר האָב איך דיר געדאַרפט אָנשרייבן וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען... יאָ, ביי אונז איז געווען תּנאָים. מען מוז דאָך אַמאָל מאַכן אַ סוף דערצו. מילא. אַלץ איינס שוין.

— וואָס איז דאָ צו דאגהן! לאָמיר בעסער אַ שמועס טון

מפּוח דעם. דו ווייסט דאָך, אַז מיר זענען די בעסטע שונאים אויף דער וועלט.

— נישטאָ מער וועגן וואָס צו שמועסן, מיר האָבן אַזוי אויך וועגן דעם גענוג געשמועסט, דאַכט זיך, שוין פערצן יאָר זענען אַוועק, זינט מיר האָבן גענומען שמועסן.

— יאָ, אין תוך גענומען, איז דאָס אַ פּאַבלהאַפטע פּינקט-לעכקייט! מאַך אָקאָרשט אַ קליינינק עקסקורסיע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט און זוך דאָרט אויף אַזאַ פּינקטלעכקייט.— איך וועט מיך, אַז דו וועסט אַזוינס נישט געפינען, איצט קער איך מיך צוריק אום אין מיין געבירטיקער היימאַט...

— צו שפּעט. און דאָס איז טאַקע גוט.

דעמאָלט איז ער געוואָרן ערנסטער און האָט געזאָגט:

— הייסט עס, דאָס האָבן אויף דיר דער טויבנשלאַק אין דער גרויסער שפּייכלער אַזוי געווירקט?

— יאָ, — האָט זי געענטפערט — אי דאָס, אי יענץ, איך לייקן נישט. אגב, ער אַליין אויך אַביסל. נאָר מען האָט דאָך געדאַרפט מיט עפּעס וואָס ענדיקן. און ער וויל מיך אַזוי, איז שוין אַלץ איינס.

פּויזע. ביידע זענען געזעסן און האָבן געטראַכט, יעדער פאַר זיך. פלוצלינג האָט זיך ראָזע אומגעקערט און אַ קוק געטון אויפן זייגער.

— איך וויים נישט... — האָט זי אַרויסגערעדט.

— איך וויים. — האָט ער געענטפערט, נעמענדיק זיך פאַר דעם הוט.

— אַנישט קאָן נאָך מאַק אַ טראַכט טון, אַז מיר האָבן שוין דאָ גאָר געטון אַ שידוך.— האָט זי פיל באַדייטנדיק געזאָגט. נאָר פלוצלינג האָט זיך אין איר דערוועקט אַ בייזקייט, און זי האָט געפרעגט:

— זאָג מיר. דו וואָלסט געקאָנט מאַכן אַ סוף צו דידאָזיקע אומגליקלעכע עקזאַמענעס, נאָך מיט אַ דריי-פיר יאָר צוריק, ווי לייטן זאָגן?

— יאָ, — האָט ער פויל געענטפערט — אָבער דעמאָלט וואָלט

אונזער געטריישאַפט אַלט געווען בלויז עלף יאָר.

זי האָט געמאַכט אַ מידע באַוועגונג און זיך אויפגעהויבן.

ער האָט זיך געזעגנט, נישט דערלאַנגענדיק די האַנט, און געזאָגט:

— איך ווייס, אַז דאָס האָט שוין איצט קיין באַדייטונג נישט, אָבער ווי אַז איך וואָלט זיך אַ סטאַרע געטון און באַקומען אַ מאַיאָנטעקל?

— דו? דו וואָלסט זיך אַ סטאַרע געטון?

— ניין, זאָל גאָט היטן, דאָס איז בכלל נישט קיין פייערלעכע מעלדונג עפּעס. איך רעד סתם אַזוי: פון היינט אָן וועט זיך מיין ערגייציקייט נישט באַפרידיקן ווייניקער, ווי מיט אַ טויבנשלאַק און אַ שפּייכלער!

# XI

צו פּאַסכע צו האָבן זיך פיל פישער אומגעקערט אַהיים צו גאַסט אויף אַ וואָך. זיי האָבן געבראַכט די משפּחות וווּנדערלעכע לאָפאָדענער פיש, אַזוינע שטאָקפיש, אַז אויף איין שיפל וואָלט געקלעקט פאַר גאַנצע צען משפּחות. חוץ דעם האָבן זיי געבראַכט גרוסן פון אַלעמען, וואָס זענען פאַרבליבן אויף די אינזלען. אַזוי ווי בענאָני האָט אַליין נישט געקאָנט קומען צו פאָרן, מחמת ער האָט געדאַרפט איינקויפן פיש פאַר דריי שיפן, האָט ער אַהיים אַוועקגעשיקט סווען דעם וועכטער אויף אַ שאַלופּע, און דעם זעלביקן סווענען גופא האָט ער אָנגעטרויט איבערצוגעבן אַ גאָלדענעם רינג און אַ צלם פאַר ראָזע באַרפוד. אָבער ראָזע איז געווען אינדערהיים, אַזוי אַז דער שליח האָט געדאַרפט מאַכן אַ וויטן וועג אין דער שכנישער פאַראַפיע, כדי איבערצוגעבן די מתנה. צו דעם פעקל איז אויך בייגעלייגט געווען אַ בריוו.

סווען דער וועכטער איז געקומען אויפן פּאַסטאָרס הויף דעם ערשטן טאָג פּאַסכע. אויך אַהער האָט ער געבראַכט זיין בייגלעבקייט און האָט געזונגען פאַר די הויפלייט, ווען מען האָט

אים געבעטן. ער איז געווען אזא בלאָנדער, א ווייסהויטיקער, און די פּוחות האָבן אזוי געשפּילט אין זיין יונגן קערפּער. ער האָט געשלעפּט וואסער אויפן קיך און אין שטאַל.

איינמאָל איז ראָזע אריינגעגאנגען אין שטיבל צו דער די·נערשאפט, בשעת ער האָט געזונגען.

— זינג ווייטער, כ׳בעט דיך, זינג, — האָט זי געזאָגט.

סווען דער וועכטער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און ווי·דער גענומען זינגען זיין וועכטער-לידל:

אָ, אונזער ברודער שטענדיק
צעגראָבט און רייסט די אינד —
דער חושך ז׳פול מיט שרעקן,
די אומרו וואקסט פון ווינט.
הים, גאָט, דעם שווימער אוים!
קער אום אין פּאָטערס הויז.
דער זייגער פינף שלאָגט אוים.

— איבריקנס, איך דאַרף אייך זאָגן, — האָט ער אָנגעהויבן צו פּלוידערן — אז דאָ אין די דערפער זינגט מען נישט. אמתע חיות. מען באַגעגנט עמעצן און מען פרעגט, צי קען ער זינגען, — איז גאָרנישט. ס׳איז וויפל מאָל געווען פּשוט א פּאַרדרוס.

— און דו זינגסט, אפנים, אַלע מאָל? — האָט איינע פון די מיידלעך געפרעגט.

— פאַרשטייט זיך, איך בין קיינמאָל נישט אומעטיק. איך לאַך און איך פרייַ מיך. וויפל מענטשן אויף דער וועלט לעבט זיך ערגער איידער מיר, טאָ זאָלן זיי טרויערן. אָבער איך דאַרף זאָגן: הארטוויגסען קען זינגען.

— גאָר אזוי? — האָט ראָזע פלוצלינג א פרעג געטון.

— ווי דען, ער זאָגט תפילות, און נאָכדעם זינגט ער תהילים, און קיינער קאָן נישט אויסזינגען העכער פאַר אים.

— אויף די לאָפּאָדענס זינגט ער אויך אָפט?

— ווי זשע דען. הארטוויגסען זינגט. און נאָך ווי!

— גיב אים איבער א גרוס און באַדאַנק פאַר דער מתנה — האָט ראָזע געזאָגט.

סווען דער וועכטער האָט זיך פאַרנויגט. אָ, דערדאָזיקער סווען! ער איז געווען פון די שטאָטישע און האָט געוווסט, ווי מען דאַרף זיין איידל. ער האָט זיך פאַרנויגט און געזאָגט:

— אַדאַנק. מסתמא וועט אַ בריוועלע אויך זיין?

— ניין, כ'בין מסופק, — זאָט ראָזע געענטפערט — אַ בריוו? ניין, מיר האָבן דאָ נישט וועגן וואָס צו שרייבן.

— נו, יאָ, געוויס. — האָט סווען דער וועכטער מסכים געווען נישט גאָר אָן פאַרוווּנדערונג.

יאָ, ראָזע האָט באמת נישט געוווסט, וואָס זאָל זי שרייבן צו איר חתן. זי האָט אָנגעמאָסטן דעם רינג, ער איז געווען פונקט אויף איר פינגער. נאָר די האַנט איז געוואָרן עפּעס אַזאַ שווערע פון דעם דיקן רינג. אפילו די גאַנצע האַנט האָט איר אויסגעוויזן ווי עפּעס אַ פרעמדע. נאָכדעם האָט זי באַקוקט דעם צלם. דאָס איז געווען אַ גרויסער גאָלדענער צלם, — דעמאָלט איז געווען די מאָדע צו טראָגן אַזעלכע אויף אַ שוואַרצער סאַמעטקע. נאָר זי האָט שוין פריער געהאַט אַ צלם, אַ קליין צלמל, וואָס מען האָט איר געשענקט צו דער קאָנפירמאַציע. דעם ערשטן טאָג פאַסכע האָט זי פונדעסטוועגן אָנגעטון אי דעם צלם, אי דעם רינג. נאָר שפּעטער האָט זי אויסגעטון און באַהאַלטן. דעם בריוו האָט זי איבערגעלייענט נאָר איין מאָל. אין עצם האָט זי זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז ער זאָל קאָנען זיין אַן אַנדערער, נאָר מער האָט זי אים נישט געלייענט.

ס'קאָן זיין, אַז זי האָט פאָרט געדאַרפט בענאָנין אָנשרייבן עטלעכע ווערטער און באַדאַנקען אים, מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס זאָל זיין צופיל פון איר זייט. און אין אָוונט האָט זי זיך געזעצט און אָנגעשריבן מיט אַ שיינער האַנטשריפט, אַז זי שיקט „אַ האַרציקן גרוס דעם טייערן בענאָני, הגם עס איז שוין אַזוי שפּעט אין אָוונט" און אַז. וו. „איך האָב אָנגעמאָסטן דעם רינג, ער פאַסט אויף מיין פינגער, און אין צלם האָב איך אַריינגעצויגן אַ שוואַרץ סאַמעטן סטענגעלע" און אַז. וו, „ביי אונז אין שטוב איז אַלץ אין אָרדנונג, און איצט שלאָף איך שוין גאָר. דיין ראָזע".

אינדערפרי האָט זי די דאָזיקע שורות געוואָלט איבערגעבן

סווענען, נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז שוין אַוועק.
סווען דער וועכטער האָט נאָך געהאַט אַ בריוו פונם קאַפּיטאַן
האַרטוויגסען צו מאַכן קיין סירילונד, און עס איז שוין געגאַנגען
דער דריטער טאָג פּאַסכע, אַזוי אַז ער האָט זיך געדאַרפט צו-
איילן.

סווען דער וועכטער איז ווידער אַוועק דורך דעם קהלשן
וואַלד, זינגענדיק און רעדנדיק צו זיך אַליין וועגן דאָס און יענץ,
און האָט געהויבן מיט די אַקסלען. אין וועג האָט ער נישט גע-
מעדליעוועט און איז אָנגעקומען קיין סירילונד, ווען עס איז נאָך
געווען ליכטיק, הגם די טעג זענען געווען זייער קורצע. ער האָט
איבערגעגעבן מאַכן דעם בריוו, און האָט באַקומען אַ באַפעל אי-
בערצונעכטיקן, כּדי צו באַקומען אַן ענטפער.

בענאָנים בריוו צו מאַכן איז געווען וועגן די פרייזן אויף
פיש, לעבער, רויגן און זאַלץ; וועגן דעם, וויפל לאַדונג מען האָט
גענומען, און ווי זענען די אויסזיכטן אויף ווייטער. ער האָט שוין
פאַרקויפט אפילו מאַטעריאַלן צום פיש-פאַנגען פאַר אַ גוטן פּרייז.
צום סוף האָט בענאָני, ווי אַ מענטש, וואָס קלויבט זיך חתונה
האָבן, נאָכגעפרעגט מכּוח דער פּאָרטעפּיאַנע אין פּאַראַדנעם זאַל
און מכּוח דעם אַרבעט-טישל פון ראָזן האַלק, וואָס אין קליינעם
צימערל. אפשר וואָלט אים מאַק אָפּגעטראָטן די דאָזיקע הפצים,
און וואָס איז דער לעצטער פּרייז פאַר זיי. היות אויף די לאָפאָ-
דען-אינזלען קאָן מען נישט קויפן קיין מוזיק, נישט קיין אַר-
בעט-טישל פון ראָזן האָלץ, נאָר סיידן אַ פּשוטן סאָסנאָוון, ביי
וועלכן עס פּאַסט פאַר ראָזען נישט צו נייען, וואָלט מאַק אים דער-
מיט געטון אַ גרויסע טובה. מיט אַכטונג ב. האַרטוויגסען פון זעגל-
שיף.

מאַק האָט זיך געזעצט שרייבן אַן ענטפער: אים איז, פאַר-
שטייט זיך, אַ גרויסער שאָד צו שיידן זיך מיט דער פּאָרטעפּיאַן
און מיט דעם אַרבעט-טישל, נאָר אויס פריינטשאַפט צו בענאָנין
גופא און אויך מחמת דעם, וואָס זיין ליבער טויפטאָכטער זענען
די דאָזיקע זאַכן געפעלן, און ווער ווייסט, צי וואָלט אפשר אָן
זיי נישט געקאָנט אויסקומען, על כּן איז ער גרייט אָפּצוטרעטן

די אָנגערופענע חפצים פאַר אַ צוגעגלעבן פּרייז.

סווען דער וועכטער האָט זיך אין אָוונט געלייגט אין שטוב פאַר דער דינערשאַפט, האָט געזונגען זיינע לידער און אַלעמען געמאַכט לאַבנדיק. לכתחילה וואָלט דער פלינקער יונג געוועזן אויפגעזוכט זיך אַ געלעגער אויפן בוידעם איבערן שטיבל מיט דעם אויסרייד, אַז ער איז מויט-מיד פונם וועג. אַרום איז געווען אַזוי פינסטער, און אַזוי וואַרעם און אָנגעגעם איז אויפן דאָזיקן בוידעם, אַז סווען האָט זיך געקאָנט גוט אויסשלאָפן. נאָר ביי אים האָט געקלעקט געדולד אָפּצוליגן דאָרט אַן ערך ביי אַ שעה, נאָכדעם איז ער ווידער אַראָפּגעקראָכן אונטן. אין שטיבל ביי דער דינערשאַפט האָט מען אָנגעצונדן פייער, נאָר אונטן ביי די טרעפּ האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ בייזן מענטשן. דאָס איז געווען דער עלטסטער איבער די הויף-אַרבעטער.

צווישן זיי האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבערלעבע קריג.

— די הענט שמאַרצן ביי מיר, ס'ווילט זיך נעמען דיך און געבן אין קאָלנער פונדאַנען! — האָט דער אַרבעטער געזאָגט.

סווען האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און נאָר געזאָגט.

— טאַקע, זיי שמאַרצן?

— מיין זאַך איז אַכטונג צו געבן אויף אַלע אָרדנונגען ביי דער דינערשאַפט אין הויז. מאַק אַליין האָט אַזוי געהייסן.

— וואָס זשע האָב איך געטון?

— דו ביסט געווען אויפן בוידעם, פונקט פון דאָרטן גייסטו איצט... יאַקאָבינע! — האָט ער דערלאַנגט אַ געשריי אַרויף.

— איך? — האָט זיך בראַמאַפּוטראַ אָפּגערופן פון בוידעם.

— דו הערסט? זי איז דאָרט.

— וואָס זשע איז דאָס שייך צו מיר? — האָט סווען דער שומר געענטפערט. — איך האָב זיך דאָרט אויסגעשלאָפן פון וועג.

— געשלאָפן אומגעזעצלעך. יאַקאָבינע איז אַלע-פויערלס ווייב.

— פונוואַנען זאָל איך דאָס וויסן? איך בין דאָ אַ פרעמדער. איך בין פון שטאָט.

— און איך וועל דיר אָט וואָס זאָגן: דו ביסט אַ נבלה.

שינדער און שלעפּסט זיך אַרום פון הויף צו הויף. — האָט דער אַרבעטער געמאָלדן.

— דיך וואָלט מען געדאַרפט מיט בייטשן שמייסן פאַר דיין צונג. — האָט סוועַן געענטפערט.

— און דיך ביז טויט שלאָגן, — האָט אין גרימצאָרן אַ גע־שריי געטון דער אַרבעטער — דו האָסט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט: ביז טויט שלאָגן!

— אָנרופן אַ מענטשן נבלה־שינדער — פאַר דעם דאַרף מען דאָך מיט טויט שטראָפן, אין יעדער אָנשטענדיקער שטאָט וואָלט מען דיך דערפאַר אַרויפגעצויגן אויף דער תליה. — איז יענער נישט אָפגעשטאַנען.

בראַמאַפוטרע האָט פון אויבן געפרעגט, פאַרוואָס קריגן זיי זיך.

ווי נאָר סוועַן האָט באַקומען אַן עדות, וואָס פאַרדינט אויפ־מערקזאַמקייט, האָט זיך די היץ אין אים נאָך מער צעפלאַמט, ער איז צוגעגאַנגען האַרט צו דעם אַרבעטער, לאַנגזאַם מאַכנדיק ביי אים פאַר די אויגן מיט דער פויסט.

— אויב דו וועסט זיך נישט תיכף ומיד אָפּטראָגן, באַקומסטו אַ פּלאַם אין די אויערן. — האָט ער געזאָגט.

בראַמאַפוטרע איז אַראָפּגעקראָכן אונטן, אַן אומדערשראָקענע, אַ געקרייזלטע און אַ נייגיריקע.

— איר זענט דאָך גאָר פון זינען אַראָפּ! — האָט זי געזאָגט.

— און דו ביסט אומזיסט אַזוי נאָכגיביק, — האָט דער עלטסטער אַרבעטער זי געשטראָפט — אַלע איז דאָך מער נישט די־אויף די לאָפּאָדענס, נישט אייביק וועט ער אַרומפאָרן, נישקשה. ער וועט צוריקקומען.

דעמאָלט האָט סוועַן געמאַכט אַזא פּנים, כלומרשט ער איז־שוין גרייט אַריבערגיין צו מעשים און דערפילן זיין וואָרט מיט העלכן ער האָט געדראָאט, ער האָט געפרעגט:

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— גאָרנישט, — האָט דער אַרבעטער געענטפערט — איך וועל קיין סך נישט רעדן, נאָר פּשוט נעמען און אַרויסוואַרפן דיך פאָרט.

אָבער דאָ האָט זיך אריינגעמישט בראמאפוטרע. זי האָט ארונטערגערוקט די האנט דעם ארבעטער אונטערן עלנבויגן און האָט אים אָפּגעשלעפּט אָן א זייט.

— וואָס אזוינס טוט איר דאָ אין דער אמתן, — האָט זי גע-נומען רעדן — הײנט איז פּאסבע אין אלץ. קומט בעסער מיט מיר.

און דער ארבעטער איז אוועק נאָך איר אין שטיבל.

און סווען דער וועכטער איז געבליבן אין פאָרהויז, פייפנ-דיק און טראכטנדיק. אין דער אמתן האָט ער געהאט אין זינען נישט בראמאפּוטרען, נאָר עלען דאָס שטוב-מיידל. ער האָט זי עטלעכע מאָל געזען, האָט מיט איר געשפּאסט און ארויסגעוויזן איר פארשידענע קליינע פריינטלעכקייטן.

— אפנים, זי וועט קומען נאָכדעם! — האָט ער א טראכט געטון, און איז אויך אריין אין שטיבל.

דאָ האָט סווען דער וועכטער אויפגעהויבן א מהומה און גענומען זינגען א ליד. און עלען דאָס דינסטמיידל איז באמת גע-קומען א ביסל שפּעטער און איז פארבליבן ביי דער דינערשאפט אין שטוב דעם גאנצן אָוונט. יאָ, ווען עס וואָלט נישט געווען פּאסבע, וואָלטן זיך אפשר אלע פּאָר אמאָל אוועקגעלאָזט טאנצן.

אין רעכטן מיטן פון דער הוליאנקע האָט זיך אין טיר באַ-וויזן מאק. ער האָט געהאלטן אין האנט א בריוו. אין שטיבל איז פאראמאָל געוואָרן א טויטע שטילקייט, און יעדער האָט אין דער רגע געוואָלט זיין וואָס ווייטער, אזא אכטונג האָט ביי אלעמען ארויסגערופן דער אלטער פריץ. נאָר מאק האָט זיך אפילו נישט ארומגעקוקט אויף די זייטן, עס וואָלט אים נישט געפּאסט טשעפּען זיך צו די דינער צוליב קליניקייטן.

— גיב דעם-אָ בריוו איבער הארטוויגסענען. — האָט ער גע-זאָגט צו סוועז דעם וועכטער.

סוועז האָט גענומען דעם בריוו, איידל אָ נייג געטון זיך און געענטפערט, אז יאָ, יאָ, ער וועט אים אומבאדינגט איבער-געבן.

מאַק האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַרויסגעגאַנגען.

אַ רגע אַן עד־ך האָט געדויערט די שטילקייט, נאָכדעם האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די שמחה, און נאָך שטאַרקער ווי פריער, ווייל אַלע האָבן זיך געפילט אַזוי, פונקט ווי זיי וואָלטן ניצול געוואָרן פון אַ סכנה. אָט דאָ אויף דעם אָרט איז געשטאַנען מאַק, און אָט דאָס האָט ער געזאָגט, גאָר ווי יעדער איינער פון זיי. אַך, סאַראַ מין מענטש ס׳איז דער דאָזיקער מאַק!

סווען דער וועכטער האָט אַ געשריי געטון:

-- הערט, לאָמיר אָקאָרשט זינגען „אָי איר מיידן פון סאָראָזע!" נאָר האַלט גוט אונטער. געדענקט, אַז נאָך יעדן קופּלעט, וואָס איך וועל זינגען, דאַרפט איר אַלע אונטערכאַפּן אין כאָר, גיך רעדנדיק „אָי איר מיידן פון סאָראָזע!". אַזוי האָט מען מיך געלערנט. נו, איך הויב אָן.

— אפשר קאָנען מיר אַ ביסל טאַנצן אויך? — האָט בראַמאַפּוטרע געפרעגט וויל־יונגעריש, טרייסלענדיק מיט די קרייזלעך, — גלייך ווי דער טייוול אַליין וואָלט געזעסן אין דעם־אָ ווייבל.

דער ע׳טסטער אַרבעטער האָט בייז אויסגעדרוקט:

— יאָ, יאָ, וואָס דען. אַלע איז דאָך אויף די לאָפּאָדענס.

— נו, טאָ צעקוש זיך מיט דיין אַלע. — האָט זיך אָפּגערופן בראַמאַפּוטרע, טרייסלענדיק מיט אירע קרייזלעך — אַזוי האָט עס זי געצויגן צום טאַנץ.

און דער אַרבעטער איז ווייבער געוואָרן, אַ קוק געטון אויף איר און אַרויסגערעדט:

— ווען נישט פּאַסכע...

— נו, טאָ צעקוש זיך מיט דיין פּאַסכע. — האָט בראַמאַפּוטרע ווייטער איבערגעחזרט.

דעמאָלט איז ד׳ער אַרבעטער אַרויסגעטראָטן אויפן מיטן צימער און האָט זי אָנגעהויבן צו דרייען. און ער איז צום טאַנצן געווען אַ מייסטער אַ יונג. נאָך זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט סווען דער וועכטער מיט עלען דער שטוב־מיידל, נאָכדעם נאָך צוויי

פאַר. מען האָט פון ערגעץ געבראַכט א בחור מיט א האַרמאָניקע, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אמתע טענץ; דער עולם האָט גע־הוליעט אויף וואָס די וועלט שטייט. און די צוויי גראָע מושב־זקנימניקעס, פרידעריק מענזא און מאָנס, זענען געזעסן אין ווינקל און געקוקט אויף אַלץ, און זיי זענען געווען ענלעך צו צוויי אָטעמ־לאָזע בר־מינַנס פון יענער וועלט. צייטנווייז האָבן זיי איינער דעם אַנדערן געזאָגט א וואָרט, עפּעס געפרעגט און געענטפערט, גלייך ווי עס וואָלט געווען עפּעס א נויטיקייט אין דעם, וואָס זיי האָבן גערעדט. זיי האָבן שוין פאַרלוירן דעם שכל, אָבער זיי איז אויך געווען פריילעך. זיי האָט זיך געווים געדאַכט, אַז דאָס האָט די־שטוב געגומען אַלע מענטשן און איז אַוועק מיט זיי טאַנצן. צייטנ־ווייז האָבן זיי זיך געכאַפּט פאַר דער לופט מיט זייערע לעבנס־לאָזע הענט, כדי א פּנים צו מאַכן, אַז די שטוב זאָל צוריק ווערן גע־האַרבזאַם.

און סווען דער וועכטער — ווו איז ער דאָס אהינגעקומען מיט עלען דער שטוב־מיידל? זיי האָבן זיך פאַרבאָרגן אין א שטיל ווינקעלע און האָבן זיך געפריינדלט. ער האָט זי צוויי מאָל שטאַרק אַרומגענומען און געקושט. זי איז געווען אַזא קליינינקע און א דינינקע, און גערופן האָט מען זי — עלען, און אינגאַנצן איז זי געווען אַזא פראַכט! ער האָט צו איר גערעדט צאַרטע ווערטער, און ביי איר האָבן זיך די אויגן פונאַנדערגעברענט. זי האָט זיך אין אים אויך פאַרליבט. אַלץ איז אין איר געווען פראַכטפול!

— ביי דיר זענען אַזעלכע קליינינקע קאַלטע הענטלעך, ס'איז אַזא פאַרגעניגן צו נעמען און וואַרעמען זיי, — האָט ער גע־רעדט — און דיין נאָמען איז אַזא שיינער, — עלען, דאָס איז א דענישער נאָמען.

ווי יונג זיי זענען געווען, און ווי פאַרליבט איינע אין די אַנדערע!

אויף מאָרגן איז סווען דער וועכטער צוריק אַוועק אויף די לאָפאָדענס.

# XII

דער יונגער ארענטסען האָט זיך אװעקגעלאָזן אין א װײטן װעג. ער איז אױפגעשטאַנען גאַנץ פרי, און איצט, אין סאַמע ברען פון טאָג, געפינט ער זיך אין קהלשן װאַלד אױפן װעג צו דער שכנישער פּאַראַפיע. ער גײט צו פוס. ס'איז געװען שבת און א לינד פרילינגדיק װעטער.

װאָס פאַראַן אומגליק איז געשען מיט דעם געלערנטן גע־זעצנקענער? פאַרװאָס האָט עס דער צעפּיעשטשעטער יונגער ארענטסען, דער פּױלער פּוסטעפּאַסניק, פּלוצלינג אױסגעטראַכט צו נעמען אױף זיך אזא טרחא? איין גאָט װײס. אָבער דער יונגער ארענטסען אַלײן זאָגט זיך, אז ער ארבעט לטובת זײן עסק. צי דען איז ער נישט געװען אין זײן אײגענער קירכע, כּדי צו שאַפן זיך א ברײטע באַקאַנטשאַפט? אפשר װעט ער מאָרגן, צוליב דעמ־זעלביקן טעם אױך גײן אין דער שכנישער קירכע? דער יונגער ארענטסען האָט בדעה אײנצופלאַנצן יושר און געזעץ אין פיל פּאַ־ראַפיעס. מילא, סײ װי איז דאָך ביז פרילינג נישט געװען גאָר־נישט װאָס צו טון, מחמת אַלע מאַנסבילן זענען אױף די לאָפאָדענס, און די דערפער זיצן אָן געלט. טאָ װאָס זשע האָט ער זיך הײנט אַזױ מטריח געװען?

דער יונגער ארענטסען קלאַפּט אַראָפּ דעם שנײ פון א בױם־האָרצל און אָרדנט זיך אײן אַן אָרט צום זיצן. נאָכדעם זעצט ער זיך אַװעק און בײסט צו פון זײן רענצל און טרינקט פון א פּלע־שעלע. נאָכדעם טרינקט ער נאָך און נאָך, ביז אינם פּלעשעלע איז שױן קײן טראָפּן נישט געבליבן. דאַן װאַרפט ער די פלאַש אַװעק אין שנײ.

— אָן דער לײדיקער פלאַש װעט לײכטער זײן צו גײן, — טראַכט דער יונגער ארענטסען.

און ער האָט גאָר קײן צער נישט, װאָס דאָס פלעשל איז לײדיק געװאָרן, — בײ אים איז פאַראַן אַן אַנדערע, א פולע.

ווי שטיל און שיין עס איז אין וואלד און אין פעלד אין
א ווינטערדיקן טאג! ס'איז גאר נישט לאנגווייליק צו באזוכן דא
אמאל, אדרבא, ס'איז אפילו זייער אינטערעסאנט, — טאקע אמאל.

דער יונגער ארענטסען הויבט אויף דעם קאפ און קוקט
זיך ארום, עס האבן זיך אים אויסגעדאכט טריט. און דארט גייט
א מענטש. אהא — אט א הצלחה! ס'איז דאך ראזע.

זיי גריסן זיך, אוןביידע זענען זייער פארוואונדערט.

— דו גייסט צו אונז? — פרעגט ער.

— יא, און דו גייסט צו אונז?

— איך גיי געשעפטלעך. מען דארף זיך באווייזן אין אלע
קירכעס; אויף וויפל ס'איז מעגלעך, שאפן באקאנטשאפט.

ראזע געפינט אויך פאר נויטיק צו דערקלערן:

— איך האב מיך אויסגעקליבן קיין סירילונד. בין שוין
דארט נישט געווען פונם פאריקן יאר אן.

אבער וואס מער די ערשטע פארוואונדערונג, וואס די בא-
געגעניש אין וואלד האט ארויסגערופן, איז אריבער, האט זיך אין
זיי ביידן אלץ מער דערוועקט נאך א גרעסערער פארדרוס דערויף,
וואס זיי איז גראד היינט איינגעפאלן צו לאזן זיך אין וועג. וואס
האבן זיי נישט געקאנט ווארטן נאך א ביסל? מילא ראזען איז
נאך נישט אזוי אומבאקוועם, מחמת זי איז נאך פון עדווארדאס צייטן
אן, פון דער צייט, ווען זי איז נאך אליין געגאנגען אין קורצינקע
קליידעלעך, געוווינט שטענדיק זיין צו גאסט אין סירילונד. אבער
דער יונגער ארענטסען איז בייז אויף זיך און ער טראכט... „נא,
וואלט איך בעסער איבערגעווארט נאך א טאג!" נאר צי איז ער
דען אזא מענטש, וואס קאן נישט געפינען, ווי ארויסצודרייען זיך?

— איך האב טאקע אזוי משער געווען, אז דו וועסט פונקט
היינט אוועקגיין פון דער היים. — האט ער געזאגט.

— גאר אזוי!

— דעריבער בין איך געגאנגען. איך האב געוואלט קומען
צו אייך אין קירך, ווען דו וועסט נישט זיין.

צי האט זי פארשטאנען, וואס אזוינס האט ער אויסגעטראכט?
זי האט אנגעהויבן לאכן און באדאנקט.

— איך פאַרשטיי, אַז דיר וואָלט עס געווען נישט זייער אָנ־גענעם, האָט זיך מיר פאַרוואָלט כאָטש איינמאָל שטעלן דיך צו־פרידן.

— עפּעס אַ מאָדנע זאַך, ווי דו ביסט געוואָרן ערנסט, — האָט זי געזאָגט מיט חשד — דו געפינסט, אַז דאָס איז גוט — קומען צו אונז פּונקט, ווען איך בין נישטאָ?

אָבער דער אַלטער קונדס האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די דאָזיקע ערנסטקייט.

— אויב דו נעמסט עס אָן אַזוי, וועל איך מיך בעסער אומ־קערן און גיין מיט דיר. — האָט ער געמאָלדן.

זיי זענען אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט.

— ניין, — האָט זי געזאָגט — בעסער וועל איך גיין צוריק. איך האָב דאָך קיינע באַזונדערע עסקים נישט.

זיי האָבן זיך אומגעקערט און זענען אַוועק אין ראָזעס פּאַ־ראַפּיע.

זיי זענען געגאַנגען, דורכוואַרפנדיק זיך מיט ווערטער, און האָבן אין אַלץ מסכּים געווען איינער מיטן צווייטן. נאָר דער יונגער אַרענטסטען איז געוואָרן אַ צעקראָכענער פון די עטלעכע גוטע זופּן פונם פּלעשל.

— גיי פּאָרויס, ביי מיר איז עפּעס אַריינגעפאַלן אין שטיוול.— האָט ער געזאָגט, אָפּשטייענדיק.

ראָזע איז אַוועק אַ ביסל ווייטער און האָט זיך אָפּגעשטעלט, ער האָט זי דעריאָגט לייכט, ווי אַ יינגל, מיט אַ טענצלדיקן גאַנג, און האָט געזאָגט עפּעס אַ וויץ וועגן די, וואָס האָבן קרומע פיס. נאָכדעם האָט ער זיך אויף איר פּלוצלינג אַ לאָז געטון מיט דער פראַגע, צי זי האַלט זיך נאָך אַלץ אויף דער לאַגע פון אַ כּלה ביי דעם ברייטרעגער בענאָני.

יאָ, זי האַלט זיך. געווע, מער קיין וואָרט נישט וועגן דעם.

— דו ווייסט דאָך, אַז דאָס איז אַ געלעכטער.

זי האָט אים, אפּנים, געוואָלט אָפּהאַקן, אַז ער זאָל זיך מער נישט דערלויבן אַזוינס צו רעדן, נאָר צוליב עפּעס אַ סיבה האָט זי פאַרשוויגן, ווי אַ דערצויגענע פרייליין.

— המם... — האָט זי נאָר אַרויסגערעדט.

אפשר איז זי טיף אין הארצן געווען מסכּים מיט אים.

זיי האָבן פלייסיק געשטעלט טריט פאָרויס. אָט איז שוין דער זייגער צוויי, דריי. אין די בערג האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווינט, און אויפן הימל האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן באַוויזן די שטערן.

דער יונגער אַרענטסען פירט אָבי ווי דעם שמועס. דעם אמת זאָגנדיק איז ער ווידער שוואַך געוואָרן. ער האָט נאָך פון דער פרי אָן זיך פאַרנומען מיטן פלעשל, איז איצט געבליבן מער נישט, ווי ווייטער קריכן. ער איז נישט געווען קיין שיכּור, אָבער ער האָט ליב געהאַט גוט אַ הוליע צו טון, און געמיינט, אַז ס'שאַדט נישט מיט זיך אָנצוגרייטן אַ ביסל משקה אין אַזאַ נסיעה.

אָט איז שוין פיר דער זייגער. דער וועג האָט זיך פאַרנו־מען אַרויף־באַרג. זיי זענען אַריבער אויף יענער זייט בערג־קייט. אין וואַלד איז געוואָרן וואַרעמער. אויף דער ערד איז געדיכטער געוואָרן די פינסטערניש.

— אפשר איז אָן אמת, אַז דאָס איז אַ געלעכטער. — האָט פּלוצלינג ראָזע אַרויסגערעדט.

ער האָט געמוזט גוט אַ טראַכט געבן, כּדי דערמאָנען זיך, וואָס אַזוינס האָט ער פריער געזאָגט, און מיט וואָס איז זי איצט מסכּים.

— נו, פאַרשטייט זיך, אַ געלעכטער, — האָט ער געענט־פערט — וואָס איז ער דיר פאַר אַ מאַן? אַ געלעכטער. אין מער גאָרנישט.

— אָבער נישט דו דאַרפסט אַזוי רעדן, — האָט זי שאַרף געענטפערט — און ס'איז זייער מיאוס, וואָס דו רעדסט אַזוי.

— מילא, וועל איך מער נישט רעדן... נאָר סאַראַ פּאַס־קודנע זאַך דאָס איז — שלעפּן זיך אַזאַ מרחק אָן געוווינהייט! אָט האָט זיך איצט געטראָפן אָן אומגליק מיט דו שלייקעס. דו גיי ווייטער און וואַרט דאָרט אויף מיר אַ ביסל.

זי איז אַוועק פאָרויס. ווען ער האָט זי דעריאָגט, איז גלייך ביי זיי איבערן קאָפּ אַרויס די לבנה. דער אָוונט איז געווען אַ וווּנדערלעכער.

— אַ, אָט איז שוין די לבנה אייך דאָ. — האָט ער געזאָגט ווידער אַן אויפגעמונטערטער.

און ער האָט ווידער אָנגעהויבן פּלוידערן, האָט זיך אָפּגע־שטעלט, זשעסטיקולירט מיט די הענט און פּלוצלינג האָט ער געזאָגט:

— הערסט, אַ שטורם פון שטילקייט.

אַ ביסל אָפּגעוואַרט און ווייטער אָנגעהויבן לייכטזיניק צו קנאַקן.

— טו אָקאָרשט אַ טראַכט, די פולע לבנה! און ווי זי גלאָצט! איך מיין, דיר איז אַוודאי אומבאַקוועם, וואָס די דאָזיקע מאַדאַם גלאָצט דיר גלייך אין פּנים אַריין.

— מיר? פאַרוואָס עפּעס?

— ווי־זשע דען־דעם בריוו־טרעגער בענאָנים געוועזענע כּלה!

זי האָט נישט געענטפערט. ניין, פאַרוואָס איז זי עפּעס פּלוצ־לינג געוואָרן אַזאַ פיין דערצויגענע און גיט אים נישט אַוועק קיין חלק? דער יונגער ארענטסען האָט דאָך געזאָגט: געוועזענע כּלה. געזאָגט גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אין דער פאַרגאַנגענהייט.

באָררע עקעד! — האָט זיך עמעצער פון וועג אָפּגערופן.

— איבמעל אַדע. — האָט ראָזע צעשטרייט געענטפערט.

דאָס איז געווען דער לאַפּאַר גילבערט, וואָס איז געגאַנגען קיין סירילונד.

— גיב אָפּ אַ גרוס פון אונז! — האָט דער יונגער ארענט־סען געזאָגט.

און גילבערט האָט זיך פאַרנויגט אַזוי, ווי בעסער דאַרף מען שוין נישט. ער איז אַריין אין איין הויז, אין אַ צווייטס, אין אַ דריטס, און אומעטום האָט ער געזאָגט דאָס זעלביקע:

— ס'איז אַ סברא, אַז ביי בענאָנין מיט דעם פּאַסטאַרס ראָזע וועט גאָרנישט אַרויסקומען!

און ער האָט אומעטום פלינק פאַרשפּרייט די נייס פון דעם דאָזיקן לבנהדיקן אָוונט.

— אַ וואונדערלעכע זאַך, וואָס דערדאָזיקער לאַפּאַר גילבערט

האָט מיך געדאַרפֿט באַגעגענען דווקא היינט. — האָט ראָזע געזאָגט פֿאַרטראַכטערהייט.

זיי זענען געקומען אויף דעם פּאַסטאָרס הויף, דעם יונגן אַרענטסען האָט מען אויפֿגענומען ווי אַ בכּבֿודיקן גאַסט. מען האָט זאַט אָפּגעגעסן און שפּעט געזעסן ביי אַ גלעזל פּונש. און אַז דער פּונש האָט ביסלעכווייז גענומען ווירקן, האָט ראָזעס מוטער נישט איינמאָל פֿון טיפֿן האַרצן געלאַכט איבער דעם יונגן אַרענטסענס פֿריילעך פּלוידערן.

— אייער מוטער איז, מסתּמא, איצט זייער צופֿרידן? — האָט געפֿרעגט דעם פּאַסטאָרס ווייב.

— איך זאָג אייך, זי לאָזט מיך נישט צורו מיט איר זאָרגן פֿאַר מיר.

דעם פּאַסטאָרס ווייב האָט אַ שמייכל געטון און האָט זיך באַמיט צו פֿאַרענטפֿערן די אָרעמע פֿרוי נעבעך — זי איז דאָך אַ מאַמע.

— זי נויט מיך אָנצוטון צוויי פּאָר הענטשקעס!

— נעבעך!

— נעבעך? נאָר ווען איך בין נישט אַזוי לעבנספֿעיק, וואָלט קיין גוטס דערפֿון נישט אַרויסגעקומען!

דאָ האָט דעם פּאַסטאָרס פֿרוי זיך פֿונאַנדערגעלאַכט פֿון טיפֿן האַרצן — סאַר-אַ פֿריילעכער מענטש עס איז דער דאָזיקער געזעצנקענער.

ווען דער פּאַסטאָר מיט דעם ווייב זענען אַוועק רוען, איז נאָך דער יונגער אַרענטסען לאַנג געזעסן מיט ראָזען. זיי זענען איינגאַנצן שלום געוואָרן, און דער יונגער אַרענטסען איז געוואָרן אַסך ערנסטער. ראָזע האָט קיינמאָל נישט געהערט, ער זאָל אַזוי זאַכלעך און פֿאַרשטענדלעך רעדן. אין תּוך גענומען, האָבן זיי ביידע גלייך מסכּים געפֿען דערויף, אַז זיי זענען פּאָרט אַ פּאָר. און דידאָזיקע פֿאַנטאַזיע מיט בענאָנין איז פּשוט אַ געלעכטער. די אַלטע פֿערצן-יאָריקע געוווינהייט האָט זיי פֿון ס'ניי צוזאַמענגעפֿירט, און דאָס איז, אגבֿ, געווען גאַנץ נאַטירלעך. דער יונגער אַרענטסען האָט גלייך אָנגעהויבן צו רעדן וועגן זייערע פּלענער אויף דער צוקונפֿט. ס'וועט אַלץ זיין

גוט. ס׳וועט ביי זיי אויך זיין אַ טויבנשלאַק און אַ שפּייכלער פּאַר פישער-נעצן, הע-הע! די פישער, וואָס זענען אויף פּאַסכע געקומען אַהיים צו גאַסט, האָבן אויף די לאָפּאָדען-אינזלען דערציילט וועגן דעם, אַז ער איז געקומען, און ער האָט שוין באַקומען פון די דאָרפישע איינוווינער עטלעכע בריוו, אין וועלכע מען בעט ביי אים הילף.

— באַטראַכט זיך נאָר, זיי האָבן זיך אפילו נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז זיי וועלן קומען אַהיים, האָבן זיך דערשראָקן, טאָמער וועלן די קעגנער מיך אריבערציען אויף זייער זייט. הע-הע!

ראָזע האָט געזאָגט:

— אָבער וואָס זאָל איך טון מיט בענאָנין?

— אין דער אמתן טאַקע, וואָס זאָלסטו מיט אים טון? — האָט אונטערגעכאַפּט דער יונגער אַרענטסען, געבנדיק אירע ווערטער גאָר אַן אַנדער געדאַנק. — וואַרף אים אַוועק, פּשוט און פּראָסט.

ראָזע האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— ניין, דאָס טויג נישט. דאָס הייסט, פאַרשטייט זיך, מיר וועט סוף-כל-סוף אויסקומען צו מאַכן דערמיט אַ סוף. איך וועל אים אָנשרייבן.

— זאָל גאָט היטן! דאָס איז אינגאַנצן איבעריק!

— מיט אַ פּאָר טעג צוריק נאָך האָב איך פון אים באַקומען אַ בריוו, — האָט ראָזע געזאָגט — וואַרט אָקאָרשט, איך וועל אים באַלד ברענגען, איך האָב אים נאָך נישט געענטפערט, ס׳איז שרעקלעך שווער...

ראָזע איז אַוועק נאָכן בריוו. און דערביי האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם רינג מיטן צלם, האָט זיך אויך דערמאָנט אָן דעם גרויסן זאַל און דעם שלאָפצימער, וואָס בענאָני האָט צוגעבויט צו זיין הויז פאַר איר. נאָכדעם האָט זי אַ טראַכט געטון וועגן עפּעס אַ דאַטע אין מיטן זומער.

— ער איז אַ ביסל משונה אָנגעשריבן, — האָט זי געזאָגט, גלייך ווי פאַרענטפערנדיק זיך פאַר דעם יונגן אַרענטסען, און האָט פונאַנדערגעלייגט דעם בריוו. זי איז געווען ערנסט און אומעטיק.—

איבעריקנס, גייט עס דאָך נישט אום בוכשטאַבן און ווערטער, — האָט זי צוגעגעבן.

— אום וואָס זשע?

— אום דעם זינען. — האָט זי קורץ געענטפערט, כדי נישט צו דערלאָזן צו קיין שום אָפּלאַכעניש.

נאָר בענאָנים בריוו איז געווען אַזוי מליצהדיק, אַז ס'איז אומעגלעך געווען איינצוהאַלטן זיך פון געלעכטער, לייענענדיק די דאָזיקע קוריאָזע מגילה. ער האָט געשריבן, אַז, באמת, נעמט ער זיך נישט גערן פאַר דער פעדער, און פריער פאַר אַלץ דאַרף ער מעלדן, אַז זיין געזונט איז אין אַ גוטן צושטאַנד. נאָכדעם איז ער געווען טיף באַטריבט פון איר שווייגן און פון דעם, וואָס זי האָט אים גאָרנישט נישט געשיקט דורך סווען דעם וועכטער. פון צוויי אירע שורות וואָלט אים געקלעקט פרייד אויף דעם גאַנצן ווינטער. נאָר מסתמא איז זי געווען נישט אין אַזאַ שטימונג, אַז זי זאָל קאָנען שרייבן. וואָס נוגע דער לאַדונג, האָט ער איינגעקויפט, אויף וויפל עס האָט אים געקלעקט שכל און אָפּהיטנדיק מאַקס אינטערעסן, נאָר עס זענען געווען פיל אויפקויפער, וועלכע האָבן געהויבן די פרייזן... „כ'דאַרף דיר מעלדן, אַז איך האָב איינגע-האַנדלט ביי איינעם פון די היגע ווירטן צוויי פאָר טויבן פאַר אונזער טויבנשלאַק, און איך וועל זיי אין פרילינג ברענגען מיט זיך. איין פאָר ווייסע, און איין פאָר שוואַרץ-בלויע. דערפון קאָנסטו פאַרשטיין אַז דו לעבסט אַלעמאָל אין מיינע געדאַנקען, און אַז איך בין דיר געטריי ביזן קבר. געליבטע ראָזע, אויב דיר וועט אַמאָל קומען אויפן זינען אָנצושרייבן מיר, זאָלסטו נישט פאַרגעסן אויסצושטעלן דעם נאָמען פון דעם זעגל-שיף „פונטוס", וואָרום אויפן ים זענען פאַראַן אַזויפיל זעגל-שיפן און אַנדערע אָקרענטן. און איך וועל דיר אַזוי דאַנקען און בענטשן דערפאַר, און וועל באַ-האַלטן דיין בריוועלע ביי מיר אויף דער ברוסט, ווי אַ בלומל. פון נייס קאָן איך דיר מעלדן, אַז מען האָט אונז געשיקט אַ גוטן פאַסטאָר, ער באַזוכט סיי די, וואָס זענען אויף די אָקרענטן, סיי די פישער, וואָס אויף די ערגסטע שיפלעך. און מיר טראָגן זיך דאָך דאָ אַרום פון דער פרי ביז דער נאַכט איבער די כוואַליעס

פונם ים, און יעדע רגע קאָנען מיר דערוואַרטן, אַז מען זאָל אונז אַ רוף טון. אַזוי האָט זיך דעם פאָריקן מיטוואָך נאָך מיטאָג אי־בערגעקערט איינע אַ העלגאָלאַנדיש שיפל נישט ווייט פון העלגאָ־לאַנד, און איינער אַ מענטש מיטן נאָמען אַנדרעאַס בעלגעסען איז טאַקע אומגעקומען. די איבעריקע האָט מען אַראָפּגענומען פונם קיל, אָבער גאָר זייער גוטס און די נעצן זענען פאַרלוירן געגאַנ־גען. איך פאַרענדיק דאָס מאָל מיין באַשיידענע שריפט און איך בעט דיך, דו זאָלסט מיר שיקן אַ פריינטלעכן ענטפער, מחמת איך האָב דיך ליב מיט אַלע מיינע כוחות און מיט מיין פאַרשטאַנד. נאָר ווען דו האָסט מיך אויסדערוויילט פאַר אַ חבר אויף דעם וועג פון דיין לעבן, האָסטו זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף קיין הוי־בער לאַגע, אָדער אויף געלערנטקייט, און נאָר אויף מיין אָרעם האַרץ. נאָך אַ זאַך האָב איך אַ לאַנגע צייט געטראַכט צו פאַר־הוילן פון דיר, און דערציילן ערשט ווען איך וועל מיך צוריק־קערן אַהיים, נאָר איצט האָב איך באַשלאָסן, בעסער צו דערציילן דיר, אַז איך האָב שוין צוויי מאָל געשריבן צו מאַקן און האָב פון אים באַקומען צוויי מאָל תשובות. מיר זענען דורכגעקומען וועגן דעם פּרייז, און בכן האָב איך אָפּגעקויפט די מוזיק, אויף וועלכער דו שפּילסט, און דאָס אַרבעט־טישל פון ראָזן האָלץ, וואָס אין קליינעם צימערל. איך וועל זיי אַריבערפירן צו אונז אין הויז, און דאָס וועט זיין פאַר דיר אַ קליין אָנדענקען פון מיר, ווען איך וועל צוריקקומען. זיי געזונט און שרייב מיר אָן וואָס גיכער. דיין ב. האַרטוויגסען, מיין נאָמען. נאָמען פון זעגלשיף „פונטוס".

— גאָט מיין גאָט! דאָס איז דאָך פשוט אַ בריאה פון יענער וועלט! — האָט דער יונגער אַרענטסען אויסגעשריגן, פאַרגלאָצנדיק די אויגן פון פאַרוואונדערונג.

— איך וואָלט עס נישט געזאָגט. — האָט ראָזע געענטפערט.

נאָר זי איז געווען זייער פאַרשעמט און האָט תיכף ומיד אַריינגערוקט דעם בריוו אין קעשענע.

— „פון נייס קאָן איך מעלדן, אַז מען האָט אונז געשיקט אַ גוטן פּאַסטאָר". — האָט ער געמורמלט, קוקנדיק אויף איר פון דער קרום.

— אך, צו וואָס האָב איך עס דיר גערארפט באווייזן! —
האָט זי אויסגעשריגן און איז אין פארדרוס אויפגעשטאַנען.

אין כעס און אַ פארשעמטע האָט זי אָנגעהויבן עפּעס צו צוקלויבן, נאָר ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, און האָט ווידער גענומען זיך רייצן מיט איר:

— און ווי האָט מען גערופן יענעם מענטש, דעם העלגאָ לאַנדער, וואָס איז אומגעקומען? דאכט זיך, אנדרעאס בעלגעסען? זע זשע פארגעס עס נישט!

ראָזע האָט געענטפערט פון דער טיף פון צימער:

— דו רעכנסט נישט דאָס, וואָס ער האָט געטון פאר מיר, אַט איצט ווידער: געקויפט פאר מיר די פאָרטעפּיאַן און מאַדאַם מאַקס ארבעט-טישל:

— יאָ, דערמיט וועסטו זיך שוין מוזן שיידן!

— איך רעד נישט וועגן דעם, וואָס איך וועל מיך דערמיט דארפן שיידן, אָבער ער האָט דאָך געקויפט, געמאַכט הוצאות. ניין, דאָס איז שרעקלעך נישט גוט פון מיין זייט. איך וועל מיך פשוט פונאַנדערוויינען.

— עך. — האָט ער אַ צערייצטער אויסגעשריגן און איז אויפגעשטאַנען.

ראָזע האָט זיך אָנגעצונדן פון פארדרוס.

— וואָס רעדסטו? דו האָסט גאָר קיין האַרץ נישט? ניין, איצט וועל איך אים אומבאַדינגט אָנשרייבן, כ'וועל תיכף אָנשרייבן. זאָל ער כאָטש באַקומען אַ בריוו פאר זיין גאַנצער גוטסקייט און זיין ליבע!

— און איך וועל דעם בריוו מאָרגן מיט זיך נעמען אויף דער פאָסט. — האָט זיך דער יונגער ארענטסען אָפּגערופן.

## XIII

אינדערפרי האָט דער יונגער ארענטסען ווידער זיך אָרויסגערופן, מיט זיך צו נעמען דעם בריוו פאר בענאָני. נאָר ראָזע האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— ניין, דו װעסט אים פּשוט איבערלאָזן ביי זיך.

— יאָ, געװיס, — האָט ער געענטפערט. — און דו האָסט אים דען באמת אָנגעשריבן?

— צי האָב איך אָנגעשריבן? פאַרשטייט זיך.

— אָבער יעדנפאַלס אָפּשיקן אים טאָר מען נישט. מען טאָר קיינמאָל נישט אַרויסגעבן אַזאַ מין דאָקומענט אַנטקעגן זיך.

— טו אַ טובה, נישט האַלט זיך אַזוי גרויס מיט דיין געלערנטקייט. דעם בריוו װעל איך אָפּשיקן.

װען די תּפילה אין דער קירך האָט זיך געענדיקט, און דער יונגער אַרענטסען האָט זיך פאַר אַלעמען באַװיזן אויפן קלויסטער בערגל, האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז צוריק גיין אַהיים איז שוין שפּעט, און ער האָט געמוזט אָנעמען דעם פאַסטאָרס פאָרשלאַג און בלייבן נאָך אויף אַ נאַכט. און אין אָװנט האָט ראָזע אים צוגעזאָגט באַגלייטן קיין סירילונד.

מאָנטיק אינדערפרי האָבן זיי זיך אָפּגעזעגנט, אָבער איך װעל נישט ... זיך אויף אַ פּלעצל פון דעם פאַסטאָרס הויף. ראָזע האָט מיט זיך געגומען אויך דעם בריוו צו בענאָנין. זי איז נאָך אַלץ ... אין דער דעה דעם בריוו אָפּצושיקן אויף דער פּאָסט.

צוגעגאַנגען צום דאָרף, איז ראָזע אַװעק אויפן װעג צו סירילונד, און דער יונגער אַרענטסען איז װייטער געגאַנגען צום שמשס הויז. זיי האָבן זיך שוין אינגאַנצן צונויפגערעדט. איידער זיי האָבן זיך צעשיידט, האָט ראָזע געפאָדערט, ער זאָל זאָגן, װען װעלן זיי שטעלן חופּה. און װען ער האָט געענטפערט, אַז זי אַליין זאָל באַשטימען דעם טערמין, האָט זי פאָרגעלייגט דעם צװעלפטן יוני, װען עס ענדיקט זיך דאָס טרוקענען פון די פיש. און אַזוי איז עס געבליבן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן זיך אומגעקערט פון די לאָפאָדענס די פישער, און נאָכדעם אויך בענאָני און אַנדערע קאַפּיטאַנעס מיט אָנגעלאָדענע שיפן. די פיש האָט מען גלייך אָפּגעפירט אויף די פּלאַטפאָרמעס צום טרוקענען, װו מען האָט זיי געװאַשן און געגומען טרוקענען, אויסגעלייגטע שורותװייז.

מיט דעם לעצטן פאסט-דאמפער איז אנגעקומען א מאָדנער הער, אַן אויסלענדער אין אַ קאָסטיום, מיט גרויסע קאַסטנס און מיט אַ גרויסער ווענטקע, וואָס האָט זיך פונאנדערגענומען טייל-ווייז און ווידער צונויפגעשטעלט זיך. ער איז געווען אַן ענגלענ-דער, געהייסן גיו טרעוועליאַן, און אַלט איז ער געווען פון פער-ציק ביז פופציק יאָר.

ער איז גלייך אוועק צו די טריקן-פלעצער, און צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָט ער געקוקט, ווי מען וואַשט די פיש. איז געקומען גאַנץ פרי און פארבליבן ביז שפעט אין אָוונט, ער האָט קיינעם קיין וואָרט נישט געזאָגט און קיינעם נישט געשטערט. אָרן דער טריקענער, וועלכער האָט אבטונג געגעבן אויף דער אַרבעט, איז צו אים צוגעגאַנגען, האָט זיך מיט אים געגריסט און געפרעגט, ווער איז ער. אָבער דער ענגלענדער האָט געמאַכט אַ פנים, גלייך ווי ער באַמערקט אים אפילו נישט. מיט אים איז געווען אַ יינגל, וואָס האָט געטראָגן זיין האנט-טשעמאָדאַנדל, פארוואָס ער האָט באַקומען אַ נייאינקן דאָלאַר, נאָר אויפן צווייטן טאָג איז ער שיר נישט געשטאָרבן פון הונגער, ווייל ער האָט די גאַנצע צייט גאָר-נישט נישט געגעסן. דעמאָלט האָט אים אָרן דער טריקענער גע-געבן עסן פון זיין רענצל.

— וואָס איז דאָס פאר אַ הער? — האָט ער געפרעגט.

— איך ווייס נישט, — האָט דאָס יינגל געענטפערט — ווען ער הייסט עפעס, רעדט ער, ווי מיין יינגערער ברודערל, איך האָב אים געפרעגט, צי איז ער נישט פון אויסלאַנד, נאָר ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— מסתמא עפעס אַ קאָמעדיאַנט פון יאַריד. — האָט אָרן דער טריקענער געזאָגט.

און דער ענגלענדער איז געשטאַנען אָנגעשפאַרט אויף אַ ווענטקע, האָט גערויכערט אַ ליולקע און געקוקט אויף דער אַר-בעט. דערביי האָט ער יעדע רגע אָפּגעשלאָסן זיין טשעמאָדאַן און געצויגן פון אַ פלעשל, גאָט מיינער, ווי ער האָט עס געטרונקען, און סאַראַ גלעזערנע אויגן ביי אים זענען געוואָרן! פאַרן טאָג האָט ער אויסגעטרונקען צוויי פלעשער. פון צייט צו צייט האָט

ער זיך געמוזט צוזעצן אויף אַ שטיין, ווייל ער האָט זיך נישט געקאָנט האַלטן אויף די פיס.

אין צוויי טעג אַרום האָט מען געענדיקט איבערוואַשן די פיש. און דער משונהדיקער גיוטרעוועליאַן האָט מיט זיך גענומען זיין יינגל און איז אַוועק. צייטנווייז האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, גע־קוקט זיך אונטער די פיס, אַריינגעקוקט אין די טאָלן און אויפ־געהויבן שטיינער, וועלכע ער האָט געוויגן אויפן האַנט, איידער ער האָט זיי אַוועקגעוואָרפן. לעבן בענאַנים הויז האָט ער ווידער זייער אויפמערקזאַם באַטראַכט די בערג, און געהייסן דעם יינגל אָפּברעכן עטלעכע שטיינדלעך, וועלכע ער האָט אַריינגערוקט אין טשעמאָדאַן. נאָכדעם האָט ער געזאָגט, אַז ער וויל אַריבערגיין אין דער שכנישער פּאַראַפיע. און דאָס יינגל האָט אים אונטערגע־פירט דורך דעם קהלשן וואַלד דורך דער בערג-קייט, און דאָ האָט ער באַקומען צוויי דאָלאַר.

ביים טייך האָט דער ענגלענדער צונויפגעשטעלט זיין ווענט־קע און האָט זיך גענומען כאַפּן לאַקסן. די ווענטקע איז געווען מיט אַ רעדעלע, אויף וועלכן עס האָט זיך אָנגעוויקלט דער פאָ־דים, און אַזוי אַרום אַרויסגעצויגן די פיש פונם וואַסער. אָנגע־כאַפּט גענוג פיש, איז ער אַריין אין דעם נאָנטסטן הויז, און גע־פרעגט, צי קאָן ער זיך באַנוצן מיט דער קיך. ער האָט זיך אַליין אויפגעקאָכט זיינע לאַקסן און אָפּגעגעסן. נאָכדעם האָט ער אַרויסגענומען עטלעכע זילבערנע מטבעות און האָט באַצאָלט. און דער באַלעבאָס פונם הויז איז געווען מאַרעליוס פון טאַרפּעלוויקען. ער האָט מיט דעם אויסלענדער געשלאָסן אַן אָפּמאַך אויף דאָס רעכט פריי צו כאַפּן פיש אין משך פון דעם גאַנצן זומער, און פאַר דאָס האָט ער באַקומען אַ גאַנצע קופּע נייאינקע דאָלאַר — דער ענגלענדער איז נישט געשטאַנען אום געלט. איבעריקנס, אויף די בריוו, וואָס דער ענגלענדער האָט שפּעטער באַקומען, איז גע־שטאַנען „Sir" און „Esq."‏, אַזוי אַז ער איז געווען נישט פון די פּשוטע מענטשן, דאָס איז קלאָר. באַזעצט האָט ער זיך אין אַ קליין הייזל, לעבן מאַרעליוסעס הויף, באַצאָלנדיק די באַלעבאַטים פונם הייזל דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך אַרויסגעקליבן אין אַן

אנדער אָרט. גאַנצע צוויי חדשים האָט דער ענגלענדער נישט געטרונ-
קען, נאָר נאָכדעם האָט ער אַוועקגעשיקט קיין סירילונד נאָך בראָנפן
און האָט געטרונקען פּדבּעי צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד, און נאָכדעם
האָט ער זיך ווידער איינגעהאַלטן ביז סאַמע הערבסט. גערעדט
האָט ער ווייניק.

דאָס איז געווען די איינציקע אויסערגעוויינלעכע געשעעניש
אין די היגע קאַנטן. וואָס איז שייך אַלע אַנדערע זאַכן, איז אַלץ
זיך געווען ווי פריער: מאַקס פיש האָבן זיך ביסלעכווייז געטרוקנט, די
פרויען און די קינדער האָבן באַקומען דעם מאָג-לוין, וואָס איז
געווען אַ גרויסע שטיצע אין די אָרעמע פישער-ווירטשאַפטן, און
אַזוי איז געגאַנגען אַלע מאָל יאָר-איין, יאָר-אויס...

ראָזע האָט אַמאָל פאַרבראַכט אין סירילונד, אַמאָל אין
דערהיים, און האָט אָפט שפּאַצירט איבער די וועגן מיט איר חתן,
דעם יונגן אַרענטסען. דער בריוו צו בענאָנין איז געבליבן נישט
קיין אָפּגעשיקטער, אמת אין אָנהויב איז זי פעסט געווען אין דער
דעה צו זיין געוויסנהאַפט און אָפּגעבן דעם בריוו אויף דער פּאָסט,
אָבער איר היציקייט איז ביסלעכווייז קיל געוואָרן, און דער בריוו
איז אַזוי געבליבן ליגן אַ טאָג נאָך אַ טאָג. לסוף האָט זי אים
אפילו באַהאַלטן. ס'קאָן זיין, אַז ניקאָלאַי איז טאַקע גערעכט, מען
דאַרף אַזעלכע בריוו נישט שיקן. סוף כּל סוף האָט זי אפילו
גענומען זיך פילן ווייניקער שולדיק: זאָל בענאָני טראָגן זיין גורל,
פּונקט אַזוי ווי זי האָט געמוזט שלום מאַכן מיט אירן אין אַ משך
פון פערצן יאָר. וואָס דען זאָל מען טון. אַזאַ איז דאָס לעבן. נאָר
דאָך האָט זי עטלעכע מאָל געריסן זיך אויסדערציילן דעם גאַנצן
אמת פאַר איר טויף-פאָטער. נאָר יענער האָט נישט געוואָלט
הערן.

— דאָס איז אַן ענין נישט פאַר מיין מוח.—האָט ער געזאָגט,
אַרויסדרייענדיק זיך.

פונדעסטוועגן, בעת ער האָט זי פאַרשדכנט צו בענאָנין,
האָט דער טויף-פאָטערל מאַק נישט געפונען, אַז דאָס איז אַן
ענין נישט פאַר זיין מוח. נאָר וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן, מאַק
האָט מסתמא אויסגעצייכנט גוט אַליין פאַרשטאַנען אַלץ. דער גאַנ-

צער דאָרף האָט שוין וועגן דעם געוווּסט. דעם לאָפּאַר גילבערטס פאַרזיכטיקער רמז איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן אין אַ גאַנצן שטראָם פון מעשות און רכילותן. ראָזע, איבעריקנס, האָט גאָרנישט גע־האַט קעגן דעם, אַז לייטן זאָלן זיך אַלץ דערוויסן, דאָס האָט זי באַפרייט פון דערקלערונגען, און אַזוי וועט זיך אַלץ איינ־אָרדנען לייכטער.

פונדעסטוועגן האָט זיך ראָזע נישט אַלע מאָל געפילט רויק, ווען זי איז געווען אין סירילונד. סוף כּל סוף וועט דאָך פאָרט קומען די צייט, ווען מען וועט דאַרפן אָפּגעבן חשבון.

שוין די ערשטע טעג נאָך זיין קומען אַהיים האָט בענאָני אָנגעהויבן שטאַרק צו עסקן זיך און האָט צו זיך אין הויז אַרי־בערגעפירט די פאָרטעפּיאַן און דאָס אַרבעט־טישל. מאַק האָט נאָר אויסגערעדט דעם תּנאי, אַז דאָס איבערפירן זאָל פאָרקומען שפּעט אין אָוונט. אגב, האָט זיך מאַק אַרויסגעוויזן פאַר זייער אַ נאָכגיביקן מענטשן בנוגע צו די פּרייזן, און האָט גענומען פאַר אַלץ, פאַר די דאָזיקע פאַמיליע־אוצרות, וואָס פאַר זיי איז יעדע פּרייז געווען צו קליין, אַרום און אַרום דריי הונדערט דאָלאַר.

נאָר בענאָני האָט זיך דערשראָקן אפילו פאַר דעם פּרייז, און האָט געמאָלדן, אַז ער האָט גאָרנישט אַזוי פיל מזומן. דע־מאָלט האָט מאַק נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— ליבער האַרטוויגסען! ביי מיר מיט דיר זענען דאָך פאַ־ראַן באַזונדערע חשבונות... נאָה אָט וואָס: דו האָסט געקויפט זילבער? דאָס האָסטו באַזאָרגט?

— איך האָב איר געקויפט אַ רינג און אַ צלם. — האָט בע־נאָני געענטפערט, דרייענדיק זיין נייעם רינג אויף דער רעכטער האַנט.

— און זילבער? מיט וואָס זשע וועט זי ביי דיר עסן? — פרעגט מאַק.

בענאָני קראַצט די גריווע זיינע און ווייס נישט, מיט וואָס זאָל ער זיך פאַרענטפערן.

מאַק האָט ווייטער גערעדט.

— פאַרשטייט זיך, איך ווייס, אַז מען קאָן זיך באַגיין אויך

דערמיט, וואָס בײַ דיר איז פאַראַן, און אויב ס'וועט זײַן אַ נויט, וועט זיך ראָזע נישט אָפּזאָגן צו עסן מיט אַ לעפל פון האָרן. די זאַך איז אָבער אַזאַ, וואָס דו, האַרטוויגסען, ביסט גאָרנישט אַזאַ אָרעמאַן, אַז דו זאָלסט איר פאָרלייגן לעפל פון האָרן און גאָפּלען פון אײַזן.

— דעם אמת געזאָגט, האָב איך וועגן דעם גאָר קיין טראַכט נישט געטון. — האָט אַרויסגעמורמלט בענאָני אַ מטושטשער.

מאַק האָט דערמאָלט געמאָלדן אַנטשיידן און באַשטימט:

— איך וועל דיר אָפּטרעטן וואָס נישט איז פון מײַן אײַגענעם זילבער.

נאָכדעם האָט ער גענומען אַ געגנדזענע פעדער און אָנגעהויבן עפּעס אויסצורעכענען.

בענאָני האָט באַדאַנקט פאַר דער הילף, וואָס מען העלפט אים אַרויס פון דער שלעכטער לאַגע, אין תּוך גערעדט, איז געווים אָנגעגעם צו האָבן אײגן זילבער צו דער חתונה...

— נאָר נישט זייער פיל, — האָט ער געזאָגט צו מאַקן — עס זאָל זײַן לויט מײַנע מיטלען, אויב דאָס רעכנט איר איצט אויס.

— איך רעכן אויס דאָס מינדסטע, וואָס עס איז לויט די מיטלען פאַר אַזאַ קבצן ווי דו, — האָט מאַק געענטפערט, געבנדיק בענאָנין אַ חניפה — נאָר איך מײן, אַז ס'איז נישט שײן פאַר דיר צו מאַכן זיך אָרעמער, ווי דו ביסט. נו, אָט. פאַר הונדערט דאָלאַר קאָנסטו האָבן דאָס סאַמע נויטיקע.

— וועט עס שוין זײַן פיר הונדערט? — האָט בענאָני אַ געשריי געטון. — איך האָב זיי נישט.

מאַק האָט גענומען שרײַבן עפּעס אַ פּאַפּיר.

— נאָר איר רעכנט די פיר הונדערטער נישט אַראָפּ פון די פינף טויזנט! — האָט בענאָני אויסגעשריגן. — פאַרשרײַבט זיי באַזונדער, און איך וועל זיי אײַך באַצאָלן בײַ דער ערשטער געלעגנהייט.

— רעכט.

בענאָני איז געוואָרן באַלעבאָס פון פיל טײַערע זאַכן, און

ס'האָט אים פֿאַרשאַפֿט גרויס פֿרייד אַרומצוגיין איבער זײַנע זאַלן און קלויבן נחת פֿון זיי. איין פּאָר פֿון די לעפֿל און גאָפּל, וועלכע האָט אים אויסגעוויזן באַזונדער שיין, האָט ער אָפּגעלייגט פֿאַר ראָזען. זי וועט עסן מיט זיי יעדן טאָג, און מען דאַרף זיי ניט צעמישן מיט אַנדערע. ער האָט זיי צוגעמאָסטן, ווי וועלן זיי פּאַסן צו ראָזעס מײַלכל, און האָט זיי אין אַ באַזונדער פּאַפּירל פֿאַרוויקלט. אָ, דאָס וועט זײַן אַן אַנגענעמער סורפּריז פֿאַר ראָזען!

נאָר די טעג זענען געגאַנגען, און ראָזע איז אַלץ נישט געקומען. ער האָט צו איר אָנגעשריבן, זי איז פֿאָרט ניט געקומען. דעמאָלט האָט ער גענומען טראַכטן, וואָס אַזוינס זאָל עס באַדײַטן. נאָר ער האָט דאָך סוף־כּל־סוף ניט געקאָנט ניט דערהערן, וואָס מען רעדט אין דאָרף וועגן ראָזען און דעם יונגען אַרענטסען. ער האָט זיך אײַנגערעדט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, אַ פּוסטער קלאַנג, אַ געמיינער בלבול. נאָר אין האַרצן איז בײַ אים געוואַקסן די אומרו. צי דען איז בײַ אים ניט אַלץ פֿאַרטיק פֿאַר איר — אַ הויז, און אַ מוזיק, און זילבער, אַלץ? אַפֿילו די טויבן, זיי זענען שוין אויך געווען אויפֿן אָרט, אַרומגעגאַנגען איבערן הויף, געפֿלויגן אַרויף און מיט ברייטע קרײַזן זיך אומגעקערט אין זייער שלאַק. סאַראַ אינטערעסאַנטע פֿייגל, ראַסאָווע טויבן! זיי האָבן אויפֿגעהויבן אַ שטויב מיט די עקן, ווי אמתע טענצער אין אַ קאַראַהאָד, און ווען אַלע פֿייגל האָבן זיך אויסגעזעצט אויפֿן דאַך פֿונם שפּײַכלער, איז פֿאַר זיי אין זייער פּשטות געווען גאָר אַ קלייניקייט צו באַפּוצן די גאַנצע וואַנט.

און די טעג זענען אַלץ געגאַנגען,

איינמאָל נאָך מיטאָג איז בענאָני אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער דעם וועג, וואָס פֿירט צום שמשס הויז, און פּלוצלינג האָט ער באַגעגנט ראָזען.

יאָ, בענאָנין האָט זיך פֿאַרוואָלט שפּאַצירן. עס האָט אַ צי געטון מיט פֿרילינג. דער גאַנצער אייז איז אַראָפּ. דער פֿיאָרד האָט געגלאַנצט מיט אַ שפּיגלדיקער בלויקייט, עס זענען געקומען צופֿליען די פֿייגל, סאָראָקעס זענען אונטערגעשפּרונגען תנדלענדיק

זיך, האָבן געטאַנצט אויף דער ערד און דעם גאַנצן טאָג גע־קראַקעט אָן אויפהער. יאָ, פרילינג איז געקומען! און בענאָני האָט זיך אַזוי־ל אָנגעהערט אַלערליי רכילותן וועגן ראָזען, וועגן זיין כלה. אַ גאַנצע וואָך האָט ער זיך איינגעהאַלטן, און ערשט היינט האָט ער זיך ענדלעך באַשלאָסן אַרויסצוגיין.

ביי דער באַגעגעניש זענען זיי ביידע בלאַס געוואָרן. זי האָט תיכף באַמערקט דעם דיקן רינג אויף זיין רעכטער האַנט.

— אַ, דו ביסט אויך אַרויסגעגאַנגען אויפן שפּאַציר. — האָט בענאָני געזאָגט, גריסנדיק זיך, און גענומען זי פאַר דער האַנד.

— יאָ. נאָר סאַראַ פרישער און אַ געזונטער דו ביסט גע־וואָרן אויף די לאָפּאָדענס! — האָט זי געענטפערט, כדי אַביסל אונטערצוהיצנפּענען אים.

איר קול האָט לייכט געציטערט.

— וואָס רעדסטו? — האָט בענאָני געפרעגט.

און בענאָני איז שוין גרייט געווען פאַרגעסן וועגן אַלע רכילותן, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָר־נישט ניט געווען. צי איז ראָזע, זיין האַרציק פריינדל, ניט מיט אים? ער האָט זי אַרומגענומען און געוואָלט אַ קוש טון.

— ניין. — האָט זי געזאָגט, און זיך אָפּגעקערט.

ער האָט זיך שוין נישט געעקשנט, גלייך אָפּגעלאָזן זי און געפרעגט:

— פאַרוואָס זשע?

— ניין, ניין. — האָט זי איבערגעחזרט.

דעמאָלט איז ער ברוגז געוואָרן און האָט געזאָגט:

— איך וועל ביי דיר ניט גיין אויסמאַנצלען קיין לאַסקע. פּויזע.

זי איז געשטאַנען אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, און ער האָט אַלץ אויף איר געקוקט און אָנגענומען זיך מיט מוט.

— איך האָב אויף די לאָפּאָדענס אַלץ געוואַרט אויף אַ פּאָר ווערטער פון דיר. — האָט ער אָנגעהויבן רעדן.

— יאָ. — האָט זי שטיל און נישט זיבער אַרויסגעזאָגט.

— און זינט איך בין געקומען צו פאָרן אַהיים, זעט מען דיך אין ערגעץ ניט.

— איך וווּנדער מיך ניט, וואָס דו רעדסט אַזוי. — האָט זי נאָר געזאָגט.

— וואָס זשע זאָל איך איצט טראַכטן? אפשר איז שוין צווישן אונז אַ סוף מיט אַן עק?

— איך האָב מורא, אַז אַזוי איז עס.

— איך האָב עפּעס וועגן דעם געהערט, — האָט ער גע- זאָגט, אַ שאָקל טוענדיק מיטן קאָפּ, און ברייטער ניט גערעדט וועגן דעם וואָס ער האָט געהערט. — געדענקסטו גאָרניט, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט?

— ניין, איך געדענק.

— און דו געדענקסט ניט, אַז איך האָב שוין אָנגעצייכנט אויפן לוח?

— וואָס זאָגסטו? וואָס האָסטו אָנגעצייכנט? אַך, יאָ. — האָט זי שוין פאַרשטאַנען.

— איך האָב אָנגעצייכנט דעם טאָג, וואָס דו אַליין האָסט באַשטימט.

זי האָט לאַנגזאַם אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, גלייך ווי זי וואָלט וועלן זאָגן, אַז דאָס איז שרעקלעך.

— דעם טאָג, אין וועלכן מיר האָבן געזאָלט שטעלן די חופּה. — האָט ער ווייטער גערעדט, כּדי זי צו פּייניקן.

זי איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט איבערן וועג און גע- נומען רעדן:

— וואָס זאָל איך דיר ענטפערן? מסתּמא פּאַסן מיר ניט איינע פאַר די אַנדערע, איך ווייס שוין אַליין ניט. פאַרשטייט זיך, ס'איז ניט גוט אַזוי צו באַגיין זיך, ווי איך בין מיך באַגאַנגען, אָבער וואָס זשע קאָן מען איצט טון? באַטראַכט זיך, וואָס וואָלט געהען? למען השם, בענאַני, פאַרגעס אַן אַלץ.

— יאָ, דו ביסט אַ בריה אויף רעדן, — האָט ער געזאָגט — אַ שאָד האָט איך קאָן מיך צו דיר ניט גלייבן. אָבער מענטשן זאָגן, אַז דו נעמסט ניקאָלאַי אַרענטסענען?

זי האָט דערויף גאָרנישט ניט געענטפערט.

— און כּלומרשט איר זענט צווישן זיך אַלטע באַקאַנטע?

— יאָ, מיר זענען שוין לאַנג באַקאַנט. פון קינדהייט אָן. — האָט זי געענטפערט.

בענאַני האָט אַ בליק געטון אויף איר לענגלעכע פּנים, מיט די פולע העלע רויטע ליפּן. איר ברוסט האָט געאָטעמט שווער, די אויגן זענען געווען אַראָפּגעלאָזן, און די ברעמען געלעגן גלייך ווי אַ שוואַרץ פּאַסיקל אויף די באַקן. עך, אַפּנים, אַז דער טייוול אַליין זיצט אין איר, וויבאַלד אַז זי האָט אַזאַ מויל!

פון אויפרעגונג האָבן די ליפּן ביי אים אַליין אַזוי גענומען ציטערן, אַז צווישן זיי האָבן אַ בלאַנק געטאָן זיינע געלע ים-פּער-דישע רייסציינער.

— האַ-האַ, ניקאָלאַי האָט דיך גענומען דער ערשטער, טאָ זאָל ער דיך שוין אויך נעמען דער לעצטער. — האָט ער אַרויס-געזאָגט, ווילנדיק אויסדריקן אַזוי זיין גלייכגילטיקייט.

— יאָ. — האָט זי שטיל געענטפערט, גלייך דערפילנדיק אַ דערלייכטערונג.

אָפּגעטון אַ זאַך, און מער נישטאָ, וואָס צו רעדן וועגן דעם.

— נישקשה, אים, ניקאָלאַיען, איז ניט אויסגעקומען אומזיסט בעטן דיך וועגן עפּעס אַ זאַך. — האָט בענאַני ווייטער גערעדט מיט ביטערניש.

זי האָט אויף אים אַ בליק געטון מיט אַ פראַגע.

— לייטן זאָגן אַזוי. נו, שפּיי איך אויף דיין וואַזשנעקייט נאָך דעם אַלעמען. גיי און שלאָף מיט אים ווידער געזונטערהייט.

זי האָט אויף אים אויסגעשטעלט די אויגן מיט אַן אומשול-דיקן אויסדרוק. אַזוי האָט עס געדויערט ביי אַ רגע. נאָכדעם איז איר פּנים פּלוצלינג אויסגעקרומט געוואָרן, און די אויגן האָבן גע-נומען בלישטשען.

בענאַני האָט דערזען, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטון און איז אַ ביסל געוואָרן מטושטש.

— לייטן זאָגן אַזוי, — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט — וואָס ווייס איך. ס'איז ניט מיין זאַך.

— דו ביסט פון זינען אַראָפּ! — האָט זי אויסגעשריגן.

ער האָט חרטה געהאַט אויף זיינע ווערטער, און ווידער עפּעס אָנגעהויבן צו רעדן, פּלאָנטערנדיק זיך און ווערענדיק קאָמיש פון זיין צעטומלטקייט.

— שדים וויסן, וואָס דו ביזט אזוי אין כּעס געוואָרן! — האָט ער געזאָגט.—צי דען מיינסטו אין דעראמתן, אַז איך בין אזא חזיר? נאָר דאָס זאָג איך דיר, אַז איך קאָן דאָ נישט שטיין און רעדן מיט דיר, ווי אַ מלאך. אָט, נישקשה, אַרט דיר גאָר ניט פאַר מיין אָרעם הארץ, און הערסט נאָר די נארישקייטן, וואָס איך רעד. אָבער דערויף דאַרף מען ניט קוקן.—האָט ער זי געטרייסט.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. און צוויי טרערן האָבן זיך ביי איר אָראָפּגעקייקלט איבער דער נאָז און זענען אַראָפּגעפאַלן אויף הער ברוסט.

פלוצלינג האָט זי אויסגעצויגן די האַנט, ניט קוקנדיק אויף אים און האָט געזאָגט:

— אַ גוטן טאָג!

נאָכדעם איז זי שנעל אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט.

— גלויב עס ניט. — האָט זי געזאָגט, אומקוקנדיק זיך מיטן פּנים.

— וואָס זאָל איך ניט גלויבן? ניין. איך גלויב סיי ווי ניט און האָב קיינמאָל ניט געגלויבט. אָבער דו, אָט טראַכסטו נאָר וועגן זיך אַליין, און דאָס, וואָס עס וועט מיט מיר זיין, אַרט דיך ניט. ווי וועל איך עס אָפּלעבן אַ גאַנץ לאַנג לעבן? איך בין שוין איצט אפילו אויס מענטש.

— איך בין זייער שולדיק אַנטקעגן דיר. איך ווייס עס אַליין.

— יאָ, דו ווייסט, דו ווייסט, און זאָגסט עס אפילו ניט אַרויס. פאַר דערפאַר ביזטו צופיל אַ וואַזשנע, און איך בין אַ פּשוטער אָרעמאַן אַנטקעגן דיר, אָט שטיי איך דאָ, און דו ביסט אַוועק. נאָך מיין מיינונג, האָסטו שוין עפּעס צופיל שנעל באַשלאָסן. נאָר נאָך דיין מיינונג, מסתמא, ניט.

ניט באַקומען קיין ענטפער, איז ער ווידער אין כּעס גע-

וואָרן, אגב, האָט זיין גאווה אויך געהאַט דאָ וואָס צו זאָגן, און ער האָט זיך אָנגערופן:

— נו מילא, איך און בענאָני וועלן מיר זיך שוין מסתמא אַן עצה געבן!

זי איז אַוועק נאָך עטלעכע טריט, נאָכדעם האָט זי זיך אויסגעדרייט און געזאָגט:

— און דאָס, וואָס דו ווייסט, וועל איך דיר אָפּשיקן צוריק.

— וואָס אַזוינס?

— דעם רינג און דעם צלם.

— מען דאַרף ניט, ניין. איך האָב זיי דיר געשענקט, און זיי געהערן צו דיר. וואָס איז שייך צו מיר, נויטיק איך מיך דאַנקן גאָט, אין זיי נישט.

זי האָט נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז אַוועק.

## XIV

בענאָני איז נאָך געשטאַנען אַ ביסל אומאַנטשלאָסן אויפן וועג. לכתחילה האָט ער געוואָלט גיין נאָך ראָזען. ניין, זאָל דער טייוול נאָך איר גיין, און ער וועט נאָך איר ניט נאָכלויפן! נאָכדעם האָט ער באַשלאָסן צו גיין צום קירך־שמש, הגם ער האָט קיין זאַך ניט געדאַרפט.

בענאָני האָט זיך שוין נישט געהאַלטן גלייך, ווי אַ מצבה, אָ, ניין. און ער האָט אפילו אין אַ געלעכטער ניט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט באַזיגט דאָס האַרץ פון דעם פּאַסטאָרס ראָזע און ער וועט זיך שוין פון איר ניט אָפּטשעפּען.

דעריזען דעם שמשס הויף, איז ער אַ ביסל צייט געשטאַנען קעגן אים מיט אַ נאַרישן אויסזען, אויסגעצויגן די האַלז, און נאָכדעם קומענדיק צו זיך, האָט ער זיך אויסגעדרייט, פאַרקערעוועט אויף צוריק און איז אַוועק קיין סירילונד, זען זיך מיט מאַקן.

— אָט, איך בין אַרויס אויפן שפּאַציר, בין איך אַריין צו אייך געשעפּטלעך. — האָט בענאָני געזאָגט.

מאַק האָט אַ רגע געטראַכט און, אַפּנים, גלייך פאַרשטאַנען אַלץ. אָבער ניט אומזיסט איז ער דאָך געווען מאַק! ער האָט אַוועקגעלייגט די פּעדער אויפן שרייבטיש און געפרעגט:

— דו ביסט געקומען נאָכן געהאַלט? מיר האָבן זיך נאָך ניט אָפּגערעכנט. דו ווילסט, איך זאָל דיר באַצאָלן מיט מזומן?

— איך ווייס שוין אַליין ניט. דאָ איז אַלץ אַזוי צרהדיק, איך האָב אַזוי פיל הוצאות געמאַכט, אַז איך ווייס אפילו ניט, ווי וועל איך מיך אויסקערווען.

— איז קיין שום מניעה נישטאָ. דו קאָנסט באַקומען דיין געהאַלט. — האָט מאַק געזאָגט, נעמענדיק זיך פאַר דער פּעדער אויסצורעכענען, וויפיל קומט בענאָנין.

ביי בענאָנין האָט זיך דער קאָפּ געדרייט פון מחשבות, מחמת ער האָט פּלוצלינג געזאָגט:

— דאָרט אויף די לאָפּאָדענס האָט מען גערעדט וועגן באַנק, אָדער וועגן עפּעס ענלעכס.

— וועגן באַנק?

— יאָ. אַז דאָס איז כּלומרשט זיכערער. אַזוי האָט מען ביי אונז געשמועסט.

מאַק האָט פּלוצלינג אַ שמייכל געטון און האָט געפרעגט:

— זיכערער?

— מחמת דעם, וואָס דער באַנק לייגט דאָס געלט אַריין אין אייזערנעם אַלמער, וואָס קאָן קיינמאָל ניט פאַרברענט ווערן.— האָט זיך בענאָני אויסגעדרייט.

מאַק האָט אָפּגעעפנט דעם שרייבטיש און אַרויסגענומען זיין שקאַטולקע.

— אָט איז מיין אייזערנער אַלמער, — האָט ער געזאָגט — ער האָט אין מיינע אבות־אבותי געדינט, — האָט ער צוגעגעבן, נאָכדעם האָט ער האַסטיק צוריק אַריינגערוקט די שקאַטולקע אין טישקעסטל און געזאָגט: — און ער איז נאָך קיינמאָל ניט פאַרברענט געוואָרן.

— יאָ, יאָ, — האָט זיך בענאָני אָנגערופן — נו אויב פּלוצלינג וועט זיך טרעפן אַן אומגליק?

— דו האָסט דאָך אַ היפּאָטעק!

אָבער דאָ האָט זיך מאַק פּלוצלינג דערמאָנט, אַז די היפּאָטעק איז דאָך פאַרפאַלן געוואָרן, און כּדי ניט אויפצוהויבן קיין פראַגע וועגן דעם, צי זי האָט זיך געפונען, און צי וועט זי ווערן באַשטעטיקט, האָט ער שנעל צוגעגעבן:

— איבעריקנס, איך האַלט ניט מיינע קאַפּיטאַלן אין קאַסטן. איך פאַרטו דאָס געלט אין געשעפט. איך אַרבעט מיט דעם.

אָבער בענאָני איז צופיל געווען פאַרנומען מיט אַנדערע געדאַנקען, אַז ער זאָל זיך נעמען אַמפּערן, און האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן רעדן וועגן דער מוזיק, דעם זילבער און דעם נייטישל פון ראָזע האָלק. עס קאָן זיין, אַז ער וועט זיי ניט דאַרפן האָבן, זיי וועלן אַזוי זיך שטיין אָן שום נוצן פאַר אים, וואָרום ראָזע איז דאָך איצט מיט דעם יונגן אַרענטסען.

— וואָס איז אַזוינס ראָזע?

— לויטן ריידן פאַרשידענע זאַכן. מ׳זאָגט, אַז בּלומרשט דעם שמשס ניקאָלאַי האָט זיך צוריקגעקערט און האָט מיט איר חתונה.

— איך האָב ניט געהערט, — האָט מאַק געענטפערט — און דו האָסט מיט איר גערעדט?

— יאָ. זי האָט אַ שרעק ווי ניט געלאָזט רעדן.

— אַך, די ווייבער! — האָט מאַק פאַרטראַכטערהייט געזאָגט.

בענאָני האָט אַ רעכן געטון, וואָס האָט ער שוין געטון און איז נאָך גרייט געווען צו טון פאַר ראָזען, און אָנגעהויבן רעדן אַ טיף באַליידיקטער.

— צי דען איז דאָס געזעצלעך, אַזוי צו באַגיין זיך מיט אַ פּשוטן מענטשן? ווען איך וואָלט זיך וועלן באַגיין לויט מיינע רעכט, וואָלט איך דעמדאָזיקן ניקאָלאַי אויסגעלערנט די געזעצן אויף מיין שטייגער, — כ׳וואָלט אים אַזוי אָנגעלייגט אַ קאָלנער, אַז עס וואָלט אים אַזש הייס געוואָרן.

— ראָזע האָט דיר דען געזאָגט עפּעס וואָס באַשטימטס?

— ניין, קיין איין וואָרט נישט. זי האָט מיך פאַרפּלאָנטערט מיט אירע רייד. ניין, אָפן האָט זי נישט געזאָגט, אַז צווישן אונז איז שוין אַ סוף, זי האָט נאָר געפירט דערצו.

מאַק איז אַוועק צום פענסטער און האָט זיך פאַרטראַכט.

— אַן אַלט גלייכווערטל זאָגט, אַז צו ווייבערשער ביטרעקייט איז קיין גרונט נישטאָ. און איך מיין אַזוי, אַז אין ווייבערשער ביטרעקייט איז וויפיל שלייפן, אַזוי פיל עקן!

מאַקן האָט נישט געפּאַסט אויסצוהערן אַזעלכע דיבורים פון עפּעס אַ בענאָני. ער האָט זיך אומגעקערט פון פענסטער און טרוקן געזאָגט.

— איך וועל רעדן מיט ראָזען.

ביי בענאָנען אין האַרצן האָט זיך אָנגעצונדן אַ שוואַכער שטראַל פון האָפנונג.

— יאָ, יאָ, אַ דאַנק אייך דערפאַר.

מאַק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ פאַר אַ סימן, אַז דער שמועס איז געענדיקט, און זיך גענומען פאַר דער פעדער.

— און ווי זשע מכּוח דער מוזיק און די איבעריקע זאַכן? איך וועל דאָך איצט דאָס אַלץ נישט דאַרפן האָבן, אויב...

— לאָז מיך פריער איבעררעדן מיט ראָזען. — האָט אים מאַק איבערגעריסן.

— יאָ, יאָ. און מכּוחן באַנק?

— ס'איז נאָך דאָ צייט.

בענאָני איז אַוועק צו דער טיר, האָט געדרייט דעם הוט אין די הענט און אומאַנטשלאָסן אויסגעצויגן:

— יאָ, יאָ, בלייבט געזונטערהייט!

בענאָני איז געגאַנגען אַהיים גאָר אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. ס'איז אים קיינמאָל נישט געווען אַזוי אומעטיק. אויף מאָרגן איז ער ווידער געקומען צו מאַקן, דערוויסן זיך, צי איז פאַראַן עפּעס נייס. מאַק האָט נאָך מיט זיין טויפטאָכטער נישט גערעדט.

„דאָס איז עפּעס גאָר מאָדנע, — האָט בענאָני אַ טראַכט געטון, — נאָר אפשר וויל מאַק ווירקן אויף איר ביסלעכווייז?“.

בענאָני האָט געוואַרט נאָך צוויי טעג און איז ווידער אַוועק צו מאַקן שטאַרק צעטראָגן. איצט האָט ער אַליין געוווּסט, אַז ראָזע איז נישטאָ אין סירילונד, ער האָט זי געזען אויפן וועג אין קהלשן וואַלד.

מאַק האָט אים באַגעגנט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

— איך פאַרשטיי דאָס מיידל נישט.

— איר האָט מיט איר גערעדט?

— פיל מאָל. כ'קאָן דיר זאָגן, אַז איך בין געווען אַ גוטער אַדוואָקאַט פאַר דיר. נאָר...

— יאָ, יאָ, — האָט בענאָני געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקטן קול — הייסט עס, אַ סוף.

מאַק האָט זיך פאַרטראַכט ביים פענסטער, און בענאָני האָט זיך דערווייל גענומען קאָבן; ער איז פול געוואָרן מיט גאווה און בייזקייט.

— זי האָט מיר געוואָלט צוריק אָפּשיקן דעם גאָלדענעם רינג און דעם צלם,—האָט ער גענומען רעדן—„נישט כדאי", האָב איך געזאָגט—„איך האָב זיי דיר געשענקט, און קענסט זיי לאָזן ביי זיך. מיר, זאָג איך, וועט אַזוי אויך קלעקן אויף ברויט און אויף קליי־דונג, האַ־האַ! ס'וועט קלעקן, זאָג איך, אויך אויף קאַשע מיט יויך!".

בענאָני האָט זיך ווידער פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ טרוקענעם אָפּגעריסענעם געלעכטער. און יויך האָט ער דאָס אָנגערופן די מילך, וואָס ער האָט געזופּט מיט קאַשע.

— נו, איך האָב אָבער נאָך נישט געפּרוווט מיין לעצט טריומף, דעם עיקר, — האָט מאַק געזאָגט, אויסדרייענדיק זיך צו אים מיטן פּנים — נישקשה, זי וועט זיך אונטערגעבן! — האָט ער צוגעגעבן, ווידער אַרויסרופנדיק האָפנונג ביי בענאָנין.

— איר וועט נישט זאָגן וואָסערן?

מאַק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און פאַרצויגן די ליפּן.

— נעמט נישט פאַר אומגוט, — וואָס איז דאָס פאַר אַ טריומף?

אָבער מאַק האָט נאָר אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. נישטאָ וואָס צו רעדן. ער האָט געזאָגט:

— לאָז דאָס איבער פאַר מיר... און וואָס איז שייך צו דער באַנק, וואָס דו האָסט גערעדט: דו ווילסט, הייסט עס, אַפּנים, אַרויסנעמען ביי מיר דיין געלט?

— ניין, איך ווייס נישט, ביי מיר איז אַזאַ מעלאַנכאָליע אין קאָפּ.

— דו רייד בעסער אָפן. איך סטאַרע זיך דאָ, האָב קלאָפּאָט צוליב דיר, דאַרף איך האָבן רו, איך זאָל קאָנען אַלץ גוט באַטראַכטן, און מיר דאַרפן באַשליסן ענדגילטיק.

— נעמט נישט פאַר אומגוט, איך וועל בעסער דאָס געלט לאָזן ביי אייך. איך דאַרף עס נאָך נישט.

בענאָני האָט אויסגערעכנט, אַז ער דאַרף נישט אַזוי גלייך צו ווייט אַוועק, ביז מאַק וועט נישט ענדיקן זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט ראָזען. נאָך נישט די גאַנצע האָפנונג פאַרלוירן: מאַק איז דאָך אַזאַ מעכטיקער מענטש.

אַרויסגייענדיק פון דער קאַנטאָר, האָט בענאָני באַמערקט, אַז סטען דער קלייט-משרת שלאָגט צו אַ מעלדונג צו דער וואַנט פון קלייט.

— וואָס הערט זיך נייס? — האָט בענאָני געפרעגט.

סטען דער קלייט-משרת האָט עפּעס נאָר אַרויסגעמורמלט און גאָר נישט געענטפערט.

בענאָני האָט דערזען, אַז דאָס איז אַ מעלדונג וועגן טינג און האָט זיך אָפּגעשטעלט איבערלייענען דעם טאָג און דעם חודש. ער האָט געוווסט, אַז דער אומגליקלעכער סטען שאַרפט אויף אים די ציין נאָך פון ווינטער אָן, ווען זיי האָבן ביידע געאַרבעט אין דער קלייט, און ער האָט באַשלאָסן מער ביי אים גאָרנישט צו פרעגן. אָבער סטען האָט זיך נישט געאיילט מיט דער אַרבעט, ער האָט אַרויפגעלייגט זיין בלוי-רויטע האַנט אויפן פּאַפּיר און געקלאַפּט יעדן טשוואָק אַזוי געגוי דורכן שטיקל פעל, אַז עס איז דערצו קיין סוף נישט געווען, האָלט עס געווען אין אַן אַנדער צייט, אין דער צייט פון בענאָנים גדולה, וואָלט ער נישט גע-

מאכט קיין לאנגע מחזקות און אָפּגעשטויסן דעם שוואַכינקן סטען איצט אָבער איז ער געווען אזוי פאַרצאָגט און דערשלאָגן, אז ער האָט מיט קיינעם נישט געוואגט צו קריגן זיך. האָט ער טאַקע געמוזט נעבעך אזוי אַוועקגיין נישט דערוויסנדיק זיך די דאַטע, אויף וועלכער דער מינג איז באַשטימט.

יאָ, באמת, גאָט האָט אים אַראָפּגעשליידערט אין אָפּגרונט! אָט האָט ער איצט אי געלט, אי טייערע חפצים און האָט זיי נישט מיט וועמען צו טיילן. ס'איז קיין שום ספק נישטאָ, אז ראָזע וועט פון אים אַוועקגיין. בעסער וואָלט ער זיך קיינמאָל נישט אויפגעהויבן אזוי הויך, און נישט געחלומט, אז זי וועט ווערן זיין ווייב. און צי דען האָט זיך עס געקאָנט ענדיקן גוט? ער האָט דאָך נאָך גאָר פון דעם ערשטן מאָל אָנגעזאָגט ליגנס וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין קהל'שן וואלד, אין דער הייל, ווען ער וואָלט נאָך געדינט פאר א בריוו־טרעגער. אָך, יענע גליקלעכע טעג, ווען ער איז געגאנגען מיט דעם פּאָסט־רענצל וואָס מיטן לייב, לייטן פונאנדערגעטראָגן בריוו, געלעבט מיט אלעמען בשלום, ווינטער צייט איז דער וואלד געשטאַנען אזא שטילער, א ווייסער, א פארווייעטער מיט שניי און אינגאנצן א פארגאָסענער מיט דער צפון־שיין. און זומער איז ער געווען פול מיט ריחות פון טשערעמכע און פון נאָדלען — פּשוט א תענוג. מען אָטעמט זיך אָן מיט דערדאָזיקער לופט, איז גלייך ווי מען וואָלט געגעסן הארטע אייער פון די ים־פייגל!

## XV

בענאָני האָט איבערגעלעבט עטלעכע שווערע טעג, ער איז בלאַס און מאָגער געוואָרן. זיין אָקסענער גאַנג האָט זיך אונטערגעגעבן, ער האָט זיך איינגעקוקט אין די אומצאָליקע שופלאָדלעך פון דעם ארבעט־טישל, וואָס פון ראָזע האָלץ, און האָט זיך געזאָגט: „אויף וואָס דאַרף איך עס?“ ער האָט אָפּגעשייערט דאָס זילבער, אַראָפּגעקערט דעם שטויב פון דעם פּאָרטעפּיאַן און גע-

זאָגט מיט דעמזעלביקן דערשלאָגענעם אויסזען: „וואָס קומט מיר ארויס פון דעם אלעמען?". ער האָט איינמאָל געפּרוווט אליין א שפּיל טון, האָט אריינגערופן די ארבעטערין זיינע און איר גע־הייסן איבערקלייבן די קלאַווישן פאָרזיכטיק, אָבער קיין מוזיק איז דערפון נישט ארויסגעקומען, און ער האָט געזאָגט: „שטילער, עמע־צער קאָן נאָך קומען און וועט הערן".

און ביידערנאכט האָבן אים געפּייניקט טויזנטער מחשבות. „א טייערע שמאטע, — האָט ער געטראכט, —איך קאָן נעמען אן אנדער מיידל"! ער האָט איבערגערעכנט אויפן קאָפּ אלע יונגע מיידלעך פון זיין דאָרף, און, אויף נאמנות, ער האָט זיך געמוזט אָנערקענען פאר א געווינשטן חתן פאר יעדער איינער פון זיי. א ספק, צי וואָלט עמעצער פון זיי אָפּגעזאָגט בענאָני הארטוויגסענען. הא־הא! אלע האָבן געוווסט, אז ביי אים וועט קלעקן סיי אויף קאשע מיט יויך, און סיי אויף אלערליי מאנופאקטור, הא־הא! ער האָט זיך אלע מאָל איבערצייגט, זונטיק ליבע־פארגעניגנס סיי אויף די ווייגאכט־אָוונטן, סיי ווען מ'איז געווען אין קירך, אז זיין פריינדלעכקייט וועט מצד די מיידלעך נישט באגעגענען קיין ווי־דערשטאנד. נאָר צו וואָס האָט ער זיך געמאכט גרויסע זאלן און איינ־געהאנדלט א מוזיק און ארבעט־טישל פון ראָזע האָלץ און א קעסטל מיט זילבער? און דער עיקר: ווי וועלן עס אלע פאררייסן די נעז, ווי וועט מען עס לאכן פון זיין מפּלה, ווען ער וועט זיך דערנידעריקן אזוי פיל, אז ער וועט נעמען א מיידל פון פּראָסטן יחוס! דעמאָלט וועט ראָזע אויך א שאָקל טון מיט קאָפּ און זאָגן: „אָט די איז פאר אים א פּאָר!" נו, אזא פארגעניגן וועט ער איר קיינמאָל נישט פארשאפן!

פון צרות האָט בענאָני געמוזט אָדער ארייגלאָזן זיך אין פרומקייט, אָדער נעמען שיכורן. מען האָט געדארפט אויסקלויבן צווישן לעבן און טויט. נאָר ער האָט אין זיך געהאט ווייניק די נטיה צו שלעכטע מידות, ער איז געווען א מיטעלער מענטש, א ווילער יונג. ער וואָלט זיך אויך געקאָנט אוועקלאָזן אויפן ים. און דאָס וואָלט געווען דאָס, וואָס עס וויל ראָזע, דאָס דאָזיקע מיי־

מיידל אָן געווייסן און אָן אַ האַרץ... און ער האָט מיט אַ פינסטער פּנים געזאָגט צו זיין דינסט:

— היינט דאַרף מען גאָרנישט נישט גרייטן אויפן אָוונט.

— מסתּמא, וועט איר ווידער גיין צו גאַסט קיין סירילונד?

— ניין, המם!... נאָר מיר וועט זיך נישט וועלן עסן.

— אַ וואונדער, און מיר גאָר נישט. — האָט די דינסט אויס־געשריען אַ פאַרוואונדערטע.

— איך קאָן דאָך נישט זיין הונגעריק צו יעדער צייט! — האָט בענאָני געענטפערט אַ צערייצטער. — פאַר מיר איז דאָס אַן אומגלעבלעכע זאַך.

— נו, יאָ, געוויס.

— מיר וועלן אַמאָל אַלע שטאַרבן. — האָט ער ווייטער גע־זאָגט.

— מיר וועלן שטאַרבן?

— נו, יאָ, און דו אויך, נאָר דו, נישקשה, טראַכסט וועגן דעם נישט.

די אַרבעטערין האָט זיך מודה געווען, אַז צום אומגליק, טראַכט זי ווייניק וועגן טויט. נאָר זי האָפט צו קומען אויף יענער וועלט ווייסער פאַרן שניי, ווען זי וועט זיך רייניקן מיט דעם בלוט פון דעם שאָף.

— נו, יאָ, דאָס איז אַזוי, ווען מען זאָל רעדן בכלל, — האָט בענאָני געענטפערט — אָבער איך טראַכט וועגן קאַטאַסטראָ־פעס און וועגן טויט אויפן ים.

יאָ, דאָס האָט זי אויך געקאָנט פאַרשטיין: זי האָט געהאַט אַן איידים אַ שיפסמאַן.

— אַזוי, אַז דו האָב נישט קיין זאָרג מיט דער וועטשערע. — האָט בענאָני טרוקן געזאָגט.

ער איז אַוועק קיין סירילונד. צו וואָס? אויב ער האָט גע־זוכט דעם ים, איז ער דאָך געלעגן גלייך אונטער זיינע פענסטער. ער האָט אַלץ דורכגענומען מיט זיין בליק: די האַפנס, דעם סי־רילונדער הויף, די טריקן-פּלאַטפאָרמעס, אַנטקעגן וועלכע אויף די אַנקערס זענען געשטאַנען שיפן, און ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז

א טייל פון די אַלע רייכטימער געהערט צו אים, ער איז דאָך מיט מאַקן א שותף. נאָכדעם איז ער אַריין אין הויף און האָט גע־בעטן אַרויסרופן סווען דעם וועכטער.

סווען דער וועכטער האָט נאָך אַלץ געוווינט אין סירילונד. אומגעקערט זיך אויפן „פונטוס" פון די לאַפּאַדען־אינזלען און באַקומען א רעכנונג, האָט ער זיך נישט געקאָנט באַשליסן אַוועק־צופאָרן, מחמת ער האָט ליב געקראָגן עלען דאָס שטוב־מיידל. ער וואָלט זיך געקאָנט דאָ גופא זעצן זיך אויפן פּאָסט־דאַמפּער און אַוועקפאָרן אויף דרום, נאָר אַנשטאָט דעם האָט ער זיך צוריק אומגעקערט צו מאַקן אין קאַנטאָר און גענומען בעטן, אַז ער זאָל אים לאָזן ביי זיך.

— צו וואָס אָבער פאַר אַן אַרבעט קאָן איך דיך שטעלן?

— האָט מאַק געפרעגט און זיך פאַרטראַכט.

— צו וואָס פאַר א שוואַרצער אַרבעט איר ווילט, — האָט סווען דער וועכטער געענטפערט, נידעריק זיך נויגנדיק — קנאַפּ אַרבעט איז פאַראַן אין אַזא גרויסער ווירטשאַפט? — האָט ער ווייטער גערעדט. — מען דאַרף ברענגען אין אָרדנונג דעם גאָרטן, עפּעס וואָס אויספאַרבן, אפשר וועט מען אַמאָל דאַרפן אַריינ־שטעלן א שויב.

מאַקן איז דער בחור געפעלן געוואָרן פאַר זיין פריילעכן הומאָר און איידלקייט, דעריבער האָט ער זיך פאַרטראַכט.

— איר האָט דאָ צוויי זקנים, — האָט סווען דער וועכטער ווייטער גערעדט, — אָבער יעדע רגע קאָנען זיי שטאַרבן. ווי קומען זיי צו שלעפּן האָלץ. מאָגס האָט זיך, אפנים, גאָר אַוועקגע־לייגט, איך האָב געהערט, אַז שוין דריי וואָכן, ווי ער טוט נאָר איין זאַך: ליגט און עסט. ער וועט שוין מער נישט אויפשטיין. און פרעדעריק מענזא זיצט די גאַנצע צייט לעבן אים און זידלט זיך, וואָס ער שטייט נישט אויף. און אַליין טראָגט ער אויך קיין האָלץ נישט. אַנוסטן האָט עלען דאָס דינסטמיידל געדאַרפט אַליין ציין אין שפּייכלער נאָך האָלץ. אָ, גאָט מיינער, צי דען קאָן זי עפּעס טון מיט אַזעלכע קליינע הענטלעך?

מאַק האָט געפרעגט:

— וואָס זשע טוען די אַרבעטער ?

— זיי פירן מיסט... ביי אייך איז אַזאַ גרויסע ווירטשאַפט, ס'קלעקט פאַר אַלעמען.

מאַק האָט געזאָגט :

— בלייב !

אָט האָט זיך סווען דער וועכטער באַזעצט אין הויף און האָט געטון פאַרשידענע אַרבעט. ער האָט געהאָלפן די מיידלעך אין שפייכלער אָדער אַרום די בהמות ביים מעלקן. און ביי עלען דער שטוב-מיידל איז אַזוי ווי נאָר זי הויבט אָן צו קלייבן די צימערן, נעמען זיך ביי איר פלאָנטערן די שנירלעך פון די גאַרדינען ; אָדער מען דאַרף באַשמירן די שלעסער פון די טירן, פלעגט זי מיט גאָר אַן אומשולדיקן אויסזען, תיכּף רופן סווען דעם וועכטער צו הילף. דעם אמת זאָגנדיק, האָט עס געהאַט אַזאַ פּנים, אַז זי איז אויך אין אים פאַרליבט ווי ס'דאַרף צו זיין.

מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז די אַרבעטער און אָלע-פוי-ערל מיט דעם קלייט-משרת מאַרטינען וועלן דאַנקבאַר זיין פאַר אַזאַ גוטן העלפער. אָבער, גראָד פאַרקערט, זיי האָבן אים פאַר-פאָלגט מיט זייער קנאה און אונטערגעשטעלט אים אַ פוס, וווּ זיי האָבן געקאָנט. למשל, בראַמאַפוטרע וואַשט אין וואַש-צימער גרעט און בעט סווען דעם וועכטער, ער זאָל איר אַרויפטראָגן אויפן בוידעם דעם וועלגער-האָלץ — איז שוין גלייך אָלע-פויערל תיכּף ומיד דאָ. ער גנבעט זיך אונטער אין בורטשעט : „שדים זאָלן דיך נעמען ! וואָס כאַפּסטו מיין ווייב !" פּונקט אַזוי האָט אויך דער עלטסטער אַרבעטער שטענדיק זיך געבונדן צו עלען דער שטוב-מיידל, פאַרוואָס ביי איר זענען די גאַרדינען קיינמאָל נישט קאַליע געוואָרן אַזוי אָפט ווי איצט, ווען זי האָט שטענדיק ביי דער האַנד סווען דעם וועכטער, וועלכער איז יעדע רגע גרייט זיי צו פאַרריכטן, מען דאַרף אים נאָר אַ ווונק טון. מילא, מאַק אַליין וועט זיך אַמאָל דערוויסן וועגן די אַלע קונצן, דעמאָלט וועט מען שוין זען !...

בענאָני איז געקומען צו סווען דעם וועכטער, כּדי פון אים צו הערן עפּעס אַ מוטיקנדיק טרייסטוואָרט אין זיין איינזאַמקייט.

ער האָט געזאָגט:

— דו זיי נישט אומרויק, די טעג שפּאַציר איך מיר גלאַט אַזוי אַרום. איך פאַרלאַנג פון דיר גאָרנישט נישט.

— בײַ אייערע מיטלען איז די בעסטע זאַך נאָר שפּאַצירן, — האָט סוען דער וועכטער געענטפערט — נאָך אַמאָל אַדאַנק אייך פאַר דער דינסט אויף דעם „פונטוס".

— נ־יאָ... דער „פונטוס"... אָט זעסטו דעם רינג. בײַ מיר קלעקט נישט קיין מוט אויסצוטון אים.

סוען דער וועכטער האָט אויף אים אַ בליק געטון און אַלץ פאַרשטאַנען. ער האָט גענומען טרייסטן זײַן קאַפּיטאַן, ווי ער האָט געקאָנט.

— טאָ טוט נישט אויס, — האָט ער געזאָגט — וויפל מענטשן האָבן עס חרטה, וואָס זיי האָבן זיך צוגעאײַלט און נישט אויסגעוואַרט, ביז זייער צײַט וועט קומען.

— וואָס רעדסטו? אפשר, ס'קאָן זײַן, אַז דו ביסט גערעכט. ווייטער קלעקט מיר נישט קיין מוט אויסצומעקן דעם צייכן, וואָס איך האָב געמאַכט אין לוח. וואָס וועסטו זאָגן דערצו?

— מען טאָר עס קיינמאָל נישט טון! — האָט סוען דער וועכטער אַנטשלאָסן געמאָלדן. — וואָס עס איז באַצייכנט, איז באַצייכנט.

— אַזוי זאָגסטו? אָבער ווײַבער מיינען גאָר אַנדערש.

— דאָס איז דאָך די מעשה. איך ווייס נישט, וואָס איז מיט זיי אַזוינס, נאָר מ'קאָן זיך אויף זיי נישט פאַרלאָזן. ס'דאַכט זיך דיר, אַז דו האָסט שוין געפּאַקט איינע, און נאָכדעם ווייזט זיך אַרויס, אַז דו האָסט געכאַפּט דעם ווינט, און דו בלײַבסט שטיין מיט פוסטע הענט.

— ניין, דאָס האָסטו אַ טעות, דאָס איז נישט אַזוי, — האָט בענאָני געענטפערט — וואָס איז שייך צו ראָזען, איז זי אַ שטאַנדהאַפּטיקע, אַנדערש קאָן איך וועגן איר נישט זאָגן.

סוען דער וועכטער הויבט אָן צו פאַרשטיין, אַז בײַ זײַן קאַפּיטאַן זענען די עסקים שלעכטע. ראָזא איז אַוועק פון אים, נאָר זי איז פונדעסטוועגן נישט שולדיק, ראָזא איז אַ שטאַנדהאַפּטיקע

אויף ראָזען קאָן מען זיך פאַרלאָזן! ראָזע איז געטריי! .

— אַט וועט איר זען, עס וועט נאָך אַלץ גוט זיין, — האָט ער געזאָגט, — איבעריקנס, איך דאַרף אייך זאָגן, אַז די טעג איז מיר אַליין שווער אויפן הארצן. איך וואָלט וועגן דעם קיינמאָל נישט אָנגעהויבן רעדן, ווען דאָס וואָלט געווען אין שטאָט. דאָרט איז פאַראַן מיידלעך, וויפל דאָס הארץ גלוסט, לפּחות, דריי אָדער פיר. און דאָ נאָר איינע.

— ווער זשע? עלען דאָס שטוב-מיידל?

סווען דער וועכטער האָט עס באַשטעטיקט דורך אַ שאָקל מיטן קאָפּ. און דערביי האָט ער זיך מודה געווען, אַז ביי אים קלעקט נישט קיין כּוח אַוועקצוזעצן זיך אויפן פּאָסט-דאַמפּער און אַוועקפאָרן פון איר.

— מאַ בלייב, — האָט איצט שוין בענאָני פון זיין זייט געזאָגט — נישקשה, וועסט דיינס סוף-כּל-סוף דערגרייכן.

דערויף האָט סווען דער וועכטער געענטפערט, אַז אפשר יאָ, און אפשר נישט. אויב זי וועט געהערן נישט צו אים אַליין, ווייל ער זי גאָר נישט האָבן. ער איז חושד, אַז מאַק אַליין יאָגט זיך נאָך איר.

בענאָני האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ פאַר אַ סימן, אַז אין סירילונד איז דאָס אַ געוויינלעכע זאַך. עס האָט וועגן דעם נישט געלוינט אפילו צו רעדן.

אַ בלאַסער, מיט ציטערנדיקע ליפּן האָט דעמאָלט סווען דער וועכטער דערציילט וועגן זיינע חשדים. איינמאָל אינדערפרי האָט ער געאַרבעט אין גאָרטן. עלען דאָס שטובמיידל האָט עפּעס געטון אויבן, אין קאָרידאָר, און געזונגען. פּלוצלינג האָט מאַק אָנגעקלונגען פון זיין צימער.

— איך בין אַרומגעגאַנגען איבערן גאָרטן און געטראַכט: „און וואָס האָט זי עס געזונגען?" גלייך ווי זי וואָלט גערעדט: „דאָ בין איך". איך האָב געהערט, ווי עלען איז אַריין צו מאַקן, און איז ביי אים פאַרבליבן זייער לאַנג, שיר נישט עטלעכע שעה.

— עטלעכע שעה? ניין, דאָס איז שוין גאָר אַ מאָדנע זאַך.

סווען דער וועכטער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַליין

אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אפשר איבערגעכאַפּט די מאָס, און האָט זיך געסטאַרעט זיין פינקטלעכער.

— יאָ, אַ האַלבע שעה, אָדער אַ פערטל שעה צום ווייניקסטן, — האָט ער געזאָגט — נו, מילא, דאָס איז שוין אַלץ איינס. גאָר ווען זי איז אַרויס פון אים, זענען די אויגן ביי איר געווען אַזעלכע מוטנע, און אינגאַנצן איז זי געווען אַזאַ צעקראָכענע. איך האָב זי אַ רוף געטון און געפרעגט: — „וואָס האָסטו דאָרט געטון?" — „געריבן אים דעם רוקן מיט אַ נאַסן האַנטוך". — האָט זי געענטפערט, און דערביי האָט זי געאָטעמט אַזוי שווער. — „דערויף דאַרף מען נישט האָבן אַזוי פיל שעהן." — האָב איך געזאָגט. אָדער אפשר האָב איך געזאָגט: אַ האַלבע שעה. ס'איז אַלץ איינס. זי האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט, זי איז נאָר געשטאַנען פאַר מיר אַזאַ פאַרשלאָפענע.

בענאָני האָט אַ רגע אַ טראַכט געטון, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן, סווען: דו ביסט אַ גרעסערער נאַר, איידער איך האָב גערעכנט. זי האָט זיך דאָך פאַרמאַטערט, רייבנדיק אים דעם רוקן, דעריבער איז זי געווען אַ צעקראָכענע, אַ רחמנות נעבעך.

בענאָני האָט גערעדט שטרענג, אים האָט זיך זייער געוואָלט טרייסטן סווען דעם וועכטער.

— איר מיינט אַזוי, האַרטוויגסען? איך אַליין האָב אויך אַזוי געמיינט. נאָר... ס'קאָן זיין, אַז איר האָט נישט געזען מאַקס בעט, אויף וועלכן ער פאַקט זיי. איך בין איינמאָל געווען אין זיין צימער, אָנגעשמירט דעם טיר-שלאָס. איז אָט אַזוי שטייט דאָס בעט. אויף אים ליגט אַ רויט-זיידענע קאָלדרע, און אויף זיילכלעך — זילבערנע מלאכים.

בענאָני האָט שוין געהערט וועגן די פיר גרויסע זילבערנע מלאכים. זיי זענען געווען אַלטע און געבראַכטע פון ערגעץ פון אויסלאַנד. פריער, פאַר דער מאַדאַם מאַק, זענען זיי געשטאַנען אין דעם פאַראַדנעם זאַל, אויף באַזונדערע טישלעך און האָבן געהאַלטן אין די הענט צו קאַנדעלאַברעס מיט ליכט. און איצט

האָט זיי טאַק צוגעשרויפט צו די ווינקלען פון זיין בעט — ביי אים איז אַלץ מעגלעך.

— וונדער! — האָט בענאָני געזאָגט וועגן די מלאכים.

— און דאָס שנירל פון גלעקל הענגט ביי אים סאַמע אי־בערן בעט צוקאָפּנס, — האָט סווען דער וועכטער ווייטער דער־ציילט — דאָס שנירל איז אַ זיידנס מיט זילבער, און דאָס הענטל באַצויגן מיט רויטן סאַמעט.

— וונדער איבער וונדער!

בענאָני איז פּלוצלינג געוואָרן אַ פאַרטראַכטער. עס קאָן זיין, אַז ער וואָלט זיך אויך געקאָנט איינאָרדענען אַזאַ גלעקל, חען ראָזע... נאָר ראָזע איז דאָך...

— נאָר וואָס האָב איך מיך עס פונאַנדערגעפּלוידערט! — האָט סווען דער וועכטער אויסגעשריגן, באַמערקנדיק דעם טרויער אויף דעם פּנים פון זיין בעל־דבר. חוץ דעם איז אים געוואָרן לייכטער אויפן הארצן, זיין קאַפּיטאַן האָט דאָך געפונען, אַז עלען איז אומשולדיק... — איך האָב אייך נישט דערציילט וועגן דעם שול־לערער, — האָט ער ווייטער געזאָגט — ווער געדענקט, ווי איך האָב ניטל־צייט אים אַריינגעשטעלט אַ קליין שייבעלע? האַ־האַ־האַ!

— וואָס זשע, איז ער אַהער געקומען?

— ווי זשע דען! משוגע פון כּעס. איך האָב אים פאַרגע־לייגט זינגען אים אַ ליד — וויל ער נישט. האָב איך אים פאַר־געלייגט אַרויסנעמען די שויב — וויל ער אויך נישט.

— וואָס זשע פאַרלאַנגט ער?

— ער וויל אויף מיר אָנגעבן אין געריכט. האַרמוויגסען, איר זענט דאָך אַ מענטש אַ שטאַרקער, וואָס זאָל איך טון?

בענאָני איז לעבעדיק געוואָרן ביי די ווערטער און האָט פאָטערלעך געענטפערט:

— איך וועל רעדן מיטן לערער.

— ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט גיין גלייך צום נייעם אַדוואָ־קאַט אַרענטסען און פאָדערן, צוציען מיך צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויפן טינג.

— צו ארענטסענען? צו דעם שמשס ניקאָלאַיען?.. װען איז דער טינג?

בענאָני האָט א ביסל א טראַכט געטון, נאָכדעם געמאָלדן מיט חשובות.

— זאָל ער אפילו נישט פּראָבירן!

ער איז אריין אין קלײט און האָט איבערגעלײענט די מעל-דונג װעגן דעם, אז דער טינג װעט זיך אין סירילונד אָנהױבן דעם זיבעצעטן טאָג אין חודש. עס איז געבליבן, הײסט עס, אינ-גאנצן נאָך צװײ טעג. פאַר דער צײט, װאָס ער איז דאָ געשטאַ-נען און געלײענט, איז צו אים צוגעגאנגען דער לאָפּאַר גילבערט. ער האָט שױן אָפּגעשטאַט א װיזיט דעם טיש, װו מען פאַרקױפט אין קלײט בראָנפן, און האָט פאַר תענוג געשמײכלט מיט א ברײטן מױל.

— באררים, באררים! — האָט ער זיך געגריסט. — ראָזע דעם פּאַסטאָרס טאָכטער האָט געבעטן איבערגעבן אײך א גרוס.

בענאָני האָט אױף אים אױסגעשטעלט די אױגן.

— איך האָב סאַמע פרישע נײעס. איך האָב מיט איר גע-רעדט נעכטן אין אָװנט, — האָט גילבערט ביטרע װײטער גע-רעדט — נו, איז דאָס א ביסל װונדער! איר האָט געהערט?

בענאָני האָט מער נישט געקאָנט װי אומאַנטשײדן ארױסרעדן:

— נײן...

— זי האָט חתונה מיטן אדװאָקאַט. — האָט גילבערט שמײב-לענדיק געמאָלדן.

— דאָס װײס איך. — האָט בענאָני געענטפערט.

— זי האָט געזאָגט: „אז מ'װעט אראָפּנעמען די פיש פון די טרוקן-פלעצער, שטעלן מיר חופּה"...

— אזױ האָט זי געזאָגט?

— איך בין געשטאַנען מיט איר, פּונקט װי איך שטײ דאָ איצט מיט אײך. „װאָס װעסטו זאָגן דערצו, גילבערט? דעם צװעלפטן יוני, זאָגט זי. װעט זײן מײן חתונה." און זי האָט זיך פונאנדערגעלאַכט. אזױ אז מ'קאָן זען, אז זי איז זײער צופרידן.

בענאָני האָט זיך געזעגנט מיטן לאָפּאַר און איז אװעק

אהיים. דער קאָפּ איז אים געגאַנגען כּאָדעראָם, ער האָט געטראַכט: „ביזן טינג פאַרבלייבט בסך־הכּל צוויי טעג. נאָכדעם וועט מען איבערלייענען און באַשטעטיקן די היפּאָטעק. וואָס וועט מאַק דע־רויף זאָגן? ער וועט מער נישט וועלן משתדל זיין זיך פאַר מיר ביי ראָזען. וואָס וועט דעמאָלט זיין? נו, מילא! ראָזע איז אַלץ איינס פאַרלוירן. דעם צוועלפטן יוני, ווען מען וועט די פיש אַראָפּנעמען פון די טריקן־פלעצער, איז איר חתונה. ער דאַרף זיך צוגעוווינען צום געדאַנק. זאָל איר גאָט העלפן! צי דען זאָל ער זיין דער ביבלישער אייזל, אויף וועלכן אַלע האָבן געריטן?

און אַלץ מער קאָכנדיק זיך און פלאַנטערנדיק זיך אין די געדאַנקען, איז ער סוף כּל סוף געקומען אַהיים. די אַרבעטאָרין זיינע איז אַוועקגעגאַנגען, קיין וויעטשערע איז נישט געווען. ער האָט געקראָגן עפּעס עסן און געלייגט זיך שלאָפן.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז בענאָני אַרויס פון שטוב. ער האָט פונדעסטוועגן געוואָלט אַריבערגיין צום לענסמאַנס שרייבער און נעמען ביי אים צוריק די היפּאָטעק. ניין, היינט האָט ער שוין נישט געטראַכט: „זאָל איר גאָט העלפן", ראָזען, און ער האָט מורא געהאַט אַריינצוברענגען מאַקן אין בעס מיט דעם, וואָס מען וועט פּובליקירן די היפּאָטעק.

אָבער דעם לענסמאַנס שרייבער האָט נאָך ווינטער אָפּגע־שיקט דעם דאָקומענט. ער איז שוין לאַנג געווען אין די הענט ביי דעם קרייז־ריכטער.

— מסתמא איז שוין אַזוי באַשערט, אַז איר זאָלט דאַרפן גיין אומזיסט, — האָט דער שרייבער געזאָגט — איר פאַרשטייט אַליין, אַז איך האָב ביי זיך לענגער נישט געקאָנט האַלטן אַזאַ טייערן דאָקומענט. ווי, אויב עס וואָלט פּלוצלינג פאַרברענט גע־וואָרן?

דעמאָלט האָט בענאָני גענומען בעטן, אפשר קאָן מען אַזוי איינאָרדנען, אַז מען זאָל די היפּאָטעק נישט לייענען אויפן טינג.

— איך וויל נישט, אַז מען זאָל זי לייענען אויפן טינג, — האָט ער געזאָגט — סטאַרעט זיך אויף וואָס נישט איז פאַר אַן

אופן אַרויסצובאַקומען דאָס פּאַפּיר, און איך וועל שוין באַדאַנקען, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

פון דאָרט האָט זיך בענאָני געלאָזן גיין צו דעם שול-לערער. אָ, דעם פריינטלעכן לערער וועט אים נישט שווער זיין איבערצורעדן. ער האָט וועגן דעם גאָרנישט נישט געזאָגט סוען דעם וועכטער, נאָר דער לערער האָט ביי אים פאַראיאָרן פריילינג געליען געלט, עטלעכע דאָלאַר,—דאָס וועט אים פיל לייכטער מאַכן זיין אויפגאַבע. אָבער סוועגען האָט ער גאָרנישט נישט געזאָגט, און בלויז מיט חשיבות צוגעזאָגט זיין הילף. פונקט אַזוי האָט אויך שטענדיק געטון מאַק פון סירילונד, און זיין מאַכט האָט דערפון אויסגעוויזן געהיימניספול און גרויס.

פאַרשטייט זיך, נאָך בענאָנים ערשטן וואָרט, האָט דער לערער צוגעזאָגט צוריקצונעמען דעם פּראָצעס פון אַדוואָקאַט אַרענטסען. ער האָט זיך פשוט געהיצט אַ ביסל, שוין צופיל האָט אים צערייצט דערדאָזיקער בראָדיאַהע, מאַכנדיק אַז זיין חייב און קינדער און אפילו ער אַליין זאָלן איינגלויבן, אַז שדים האָבן אים אָפּגעטון אַ שפּיצל אין דער נאַכט פון ניטל.

נאָך דעם אַלעמען האָט זיך בענאָני געזעצט אין אַ שיפל און איז אַוועק צו די ווייטע שכנים דערוויסן זיך וועגן הערינג.

## XVI

נישט בלויז דער לערער און אַראָן פון די בערג זענען געגאַנגען צום אַדוואָקאַט אַרענטסען מיט יעדער קלייניקייט, נאָר, מ׳מוז זאָגן, דער גאַנצער דאָרף. עס איז געוואָרן אַ מאָדע צו קומען אויף דעם שמשס הויף, ווי נאָר מען האָט דערפילט עפּעס אַן אומצופרידנקייט קעגן וועמען עס איז. און ניקאָלאַי האָט געשריבן, גערעכנט, צונויפגעשטעלט פּאַפּירן און אָנקלאַגעס, און האָט פאַרדינט געלט. קיינמאָל האָבן נאָך קריגערייען און לאָדענישן נישט געבליט אין אַזאַ מאָס. ווי נאָר עמעצער נעמט אומגעפּערגטערהייט אַ פרעמד שיפל, — ווי דאָס איז געווען מיט

דעם פּראָצעס פון אראָן פון די בערג, — ווי עמעצער גייט אריבער איבער א פּרעמדער מעזשע אין פעלד, אָדער מ'האָט א טעות אין חשבון — האָט שוין דער אדוואָקאט זיכערע פּרנסה. די געלעגנהייט איז געווען שוין צופיל א באַקוועמע! דעם שמשס זון ניקאָלאַי איז דאָך, ענדיקנדיק זיין לאַנגן שטודיום, מאַקע צוליב דעם געקומען אהיים, כּדי אָפּצוהיטן די געזעצלעכע רעכט פון מענטשן. מאַ ווער־זשע וועט עס העלפן צופרידן שטעלן זיך מיט דעם, ווי מען האָט געלעבט פאַרצייטן ?

אויף די לאָפּאָדענס האָבן די פישער גוט פאַרדינט, און פאַרן טריקענען מאַקס פיש האָט מען אויך עפּעס געהאַט, אַזוי אַז אין אַלע הייזער האָט זיך באַוויזן געלט, מער ווייניקער גרויסע סומעס, וועלכע האָבן אפילו די סאַמע אָרעמע געגעבן די מעג־לעכקייט צו פאַרפירן זייערן א „פּראָצעס" קעגן עמעצן. אפילו אָלע־פויערל פון סירילונד מיט די אָפּגעשטאַנענע קעשענעס פון דעם געלט, וואָס ער האָט פאַרדינט אויפן פיש־פאַנג, האָט זיך געווענדט צו אדוואָקאט ארענטסען, ער זאָל באַשיצן זיין רעכט קעגן זיין ווייב און סוען דעם וועבטער.

און אדוואָקאט ארענטסען איז געזעסן אין זיין קאַנטאָר אין די באַשטימטע שעהן, און האָט אַלעמען אויפגענומען לויט דער ריי, ווי אַן אמתער פּאָרשטייער פון דער מאַכט. איצט איז ער שוין נישט געווען קיין גוטמוטיקער וויצלינג, נאָר ער האָט גע־רעדט קורץ און שאַרף. „דאָס געזעץ—דאָס בין איך", — האָט ער געזאָגט, — „שלעכט וועט אָפּשניידן דער, וואָס וועט מיר זיין דער־ווידער!" א צונג האָט ער געהאַט, ווי א גאָלמעסער. ער האָט געקאָנט צושפּאַרן צום וואַנט וועמען איר ווילט. און כּדי צו מאַכן נאָך גרעסער דעם אָנשטעל, האָט ער גענומען שטעלן א שטעמפּל־צייכן לעבן זיין חתימה: „נ. ארענטסען". אָך, דער דאָ־זיקער מחבל ניקאָלאַי פון שמשס הויף! און וויפל האָבן זיך ביי אים אָנגעקליבן קליענטן! אז מ'פרעגט ביי אים די סאַמע קלענסטע נארישקייט, איז צאָל אים דערפאַר א האַלבן דאָלאַר, און פאַר אַן עצה — א דאָלאַר. און ווען מען דאַרף שוין צונויפ־שטעלן א פּאַפּיר—דערמאָלט דערלאַנג, זיי אַזוי גוט, צוויי דאָלאַר.

נאָר ער האָט זיך מיטן עולם איידל באַגאַנגען, אַלעמען געבעטן זעצן זיך אויף אַ שטול, און נישט אַזוי שטרענג געפאָדערט, מען זאָל אים צאָלן מיט זילבער. ער האָט גערן גענומען פּאַפּירלעך אויך. און אַז ער האָט באַגעגנט באַקאַנטע, בשעת ער פלעגט נאָך דער אַרבעט פונם טאָג אַרויסגיין אויפן שפּאַציר, האָט ער זיך נישט געהאַלטן גרויס ביי זיך, נאָר גערופן: „קום, לאָמיר גיין קיין סיריקונד, מיר וועלן אויסטרינקען אַ גלעזל משקה פאַר דער הצלחה פון דעם פּראָצעס!".

דאָס וואָס ער האָט באַזוכט די שכנותדיקע פּאַראַפיע, האָט דעם אַדוואָקאַט אַרענטסען אויך געבראַכט נוצן. פון דאָרט איז צו אים געקומען לעוויאָן פון טאָרפּעלוויקען, דער שכן פון מאַרעליוס, וואָס פאַרקויפט דעם ענגלענדער דאָס רעכט אויף כאַפּן פיש אין טייך. דער אַנדערער ברעג טייך האָט דאָך געהערט צו לעוויאָן, דאַרף דען סער גיו אים נישט באַצאָלן אויך אַזוי פיל וויפל מאַרעליוסן? אָדער דער דאָזיקער טייוולשער ענגלענדער מיינט, אַז ס'איז געווען, אויב ער וועט אָפּשיטן מיט געלט מאַרעליוסן אַליין? אמת, מאַרעליוס האָט אַ דערוואַקסענע טאָכטער. און דאָס איז די מעשה!

מאַרעליוס פון זיין זייט האָט כּלל נישט פאַרלייקנט, אַז ער מיט סער גיו זענען גוטע פריינט. ער האָט זיך געמאַכט, כּלומרשט ער קאָן מיט אים רעדן אויף ענגליש. און די טאָכטער זיינע, די הויכע שלאַנקע עדוואַרדע, וועלכע מען האָט אַזוי אַ נאָמען געגעבן לכבוד מאַקס עדוואַרדע, יענע האָט זיך טאַקע באמת אין איין כּהרף-עין אויסגעלערנט די דאָזיקע פרעמדע שפּראַך און דעם ענגלענדער פאַרשטאַנען אפילו דעמאָלט, ווען ער האָט גערעדט שעפּטשענדיק.

איז לעוויאָן געקומען צו אַדוואָקאַט אַרענטסען און האָט פאַר אים אַרויסגעלייגט זיין עסק. אַרענטסען האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ פאַר אַ סימן, אַז ער איז גערעכט. ער האָט געפרעגט:

— ווי איז די ברייט פון דעם טייך אין סאַמע שמאָלסטן אָרט?

— בײם װאסערפאל א קלאפּטער צװעלף. דאָס איז דער שמאָלסטער אָרט.

— און װי לאַנג איז די װענטקע, מיט װעלכער ער באַנוצט זיך ?

דאָס האָט לעװיאָן נישט פאַרשטאַנען, נאָר מען האָט אים דערקלערט, אַז אױב דער ענגלענדער פאַרװאַרפט די װענטקע װײטער װי א העלפט פון דער ברײט פונם טײך, װעט ער זיך פון געצאָלט נישט אַרױסדרײען. דעמאָלט האָט לעװיאָן גלײך אָנגעהױבן אַראָפּלאָזן פון די צװעלף קלאַפּטער, האָט זיך גערודגען מיט זיך אַלײן און לסוף געמאָלדן, אַז דער טײך איז אַודאי נישט ברײטער פאַר אַכט קלאַפטער.

— און סער גױ זאָגט זיך אָפּ צו צאָלן ?

— איך װײס נישט, — האָט לעװיאָן געענטפערט — איך האָב אים נישט געפרעגט.

— המם... װעלן מיר אים אַרױסרופן אין דער פרידנסקאַמער.

אַרענטסען האָט אָפּגעשיקט דעם אַרױסרוף. סער גױ איז געקומען און האָט אױסגעדריקט זײן פאַרלאַנג צו אַנטשײדן די זאַך פרידלעך. ער האָט פאַרגעלײגט באַצאָלן אַזױ פיל, װיפל ער האָט באַצאָלט מאַרעליוסן, און ער האָט אָנגערופן די סומע.

אָבער לעװיאָן האָט אין בעם גענומען דרײען מיטן קאָפּ און געזאָגט :

— דאָס איז װײניק. איר האָט באַצאָלט פיל מער. אױב שױן אַזױ, טאָ פונװאַנען האָבן זיך עס בײ עדװאַרדען גענומען אַזעלכע זאַכן, סײ אױבערשטע, סײ אונטערשטע ?

סער גױ האָט זיך אױפגעהױבן און איז אַרױס פון קאַמער.

— מיר װעלן אױף אים אָנגעבן אין טינג. — האָט אַדװאָקאַט אַרענטסען געזאָגט.

— טאָג און נאַכט קאָן איך נישט פאַרגעסן, סאַר א היזק מאַרעליוס האָט מיר אָנגעטון. ער האָט פאַרקױפט די לאַקסן אין טײך, און נאָכדעם האָט ער פאַרקױפט די לאַקסן אין ים. די

לעצטע צייט כאפט דער ענגלענדער פיש פון שיפל פונקט אנט־
קעגן מיין זאמדן-אינזל.

אדוואקאט ארענטסען האט געזאגט

— מירן אנגעבן אויף מארעליוסן אויך.

קורץ און באשטימט, מיט א זיכערן אויסזען האט דער
געזעצקענער אנגענומען זיינע באשלוסן. אן אומגעוויינלעכער
מענטש. און אז לעוויאן האט זיך געדארפט מיט אים אפרעכנען,
און ביי אים, האט זיך ארויסגעוויזן, זענען פאראן נאך צוי־
קנייטשטע פאפירלעך, האט ארענטסען זיי אויפגענומען אן שום
טענות...

דער טאג פון טינג אין סירילונד איז אנגעקומען.

מאקס ווירטשאפטערין האט אוועקגעשיקט פון דעם וועב־
טער איבערן דארף נאך עופות און אלערליי אנדערע עסנזאכן,
האט גענומען צו הילף אויף דער קיך דאס ווייב פון דעם געהילף־
מילנער, און ס'איז קיין סוף נישט געווען צו אירע הכנות לכבוד
דעם אנקומען פון די פארשטייער פון דער מאכט. זי האט אזוי
געמאכט, אז ראזע בארפוד איז אויך געקומען צו פארן העלפן
אויפנעמען די געסט. די שטוב פון דער דינערשאפט האט זי
געמאכט פאר דעם געריכט-זאל: מען האט אהין ארייַנגעשטעלט
א גרויסן טיש, א באדעקטן מיט א געוואנט, פאר די ריכטער, און
קליינע טישלעך פאר די אדוואקאטן. די טישן האט מען אפגע־
צאמט מיט א שטאכעט. אין דעם צווייטן עק הויז פאר דער
דינערשאפט האט מען געמאכט די קאנטאר פון דעם פאגט.

נאר דער טינג איז ארויסגעקומען נישט זייער קיין פריילע־
כער.

דער אמטמאן איז נישט געקומען צו פארן, נישט קוקנדיק
אויף זיינע בריוו און זיינע הבטחות, און די גוטע ווירטשאפטערין
האט שטארק געדאגהט, וואס עס פעלט דער סאמע וויכטיקסטער
פון די מאכטפארשטייער. אבער נאך ערגער איז געווען דאס, וואס
אויך דער קרייזריכטער איז נישט געקומען. דער אלטער איז
קראנק געווארן און האט אנשטאט זיך געמוזט שיקן זיין געהילף.
דאס האט געגויט צו פארטראכטן זיך מאקן גופא, וועלכער האט

זיך געאײלט צו דערװיסן, װאָס מאַכט אין געזונט דער אַלטער ריכטער.

— ער איז נישט מיט אַלעמען, אָבער ער גײט אַרום, הגם ער איז זײער אַראָפּ פון פּנים, שלאָפט שלעכט און דאַכט זיך עס פּייניקן אים עפּעס ספקות.

— װאָס פאַר אַ ספקות?

דער געהילף האָט דערקלערט מיט אַ בײשפּיל: פריער זענען אין דער קאַנצעלאַריע געװען אַזעלכע און אַזעלכע אָרדע־נונגען, און איצט האָבן זיך אָנגעהױבן אַנדערע. מיט אײן װאָרט: רעליגיעזע ספקות.

— אָט װאָס!

דער געהילף האָט געזאָגט מיט װירדע:

— דער ריכטער האָט מיך געבעטן איבערגעבן אײך דעם גרעסטן דאַנק פאַר דעם האַלבן פעסל יאַגעדעס, װאָס איר האָט אים װינטער געשיקט.

— אַך, סאַראַ קלײניקײט דאָס איז!

— ...און זײן פאַרדרוס, װאָס ער קאָן אײך פּערזענלעך נישט באַדאַנקען.

מאַק איז אַװעק צום פענסטער, האָט אױסגעשטעלט די אױגן אינם רױם און זיך פאַרטראַכט.

די זיצונג האָט זיך אָנגעהױבן.

בײם טיש, װאָס איז געװען פאַרדעקט מיטן געװאַנט, זיצט דער ריכטער, דער יונגער געהילף פונם קרײז־ריכטער, מיט צװײ שרײבער: בײ בײדע זײטן פון דעם ריכטער זיצן די פיר גע־שװוירענע, אױסגעװײלטע פון די װיכטיקסטע באַלעבאַטים פון דאָרף. בײ קלײנע טישעלעך זיצן דער שטאָטישער אַדװאָקאַט און דער אַדװאָקאַט אַרענטסען, בײדע מיט פּאַפּירן און מיט פּראָטאָ־קאָלן. װען מען זאָל זיך גוט צוקוקן, קאָן מען זען, אַז בײ דעם אַלטן שטאָטישן אַדװאָקאַט זענען פּאַפּירן װײניקער, אײדער פאַראַ־יאָרן און װײניקער אײדער בײ אַרענטסענען. פון צײט צו צײט זענען צוגעגאַנגען מענטשן און האָבן געבעטן ערלױבניש איבערצו־רעדן אַ רגע מיט אײנעם פון די אַדװאָקאַטן, און דאָס רוב אין

מען געקומען צו ארענטסענען.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די באַהאַנדלונג פון פאַרשיידענע משפטים: קרימינעלע פאַרברעכנס, גרענעץ-משפטים, תביעות, קריגערייען. ארענטסען האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט אויף אַלע כלים, גערעדט, פאַרשריבן, דיקטירט אויסבעסערונגען צו די פּראָטאָקאָלן, ער וואָלט זיך געדאַרפט האַלטן ערנסטער, צוליב דער פייערלעכקייט פונם מאָמענט, נאָר דער יונגער ריכטער האָט, אפנים, אויף אים קיין איינדרוק נישט געמאַכט. ער האָט אים אפילו נישט גערופן ווי אַלע: „הער ריכטער!" נאָר פשוט: „הער געהילף".

ארענטסען האָט צום געריכטסטיש דערלאַנגט עפּעס אַ פּאַפּיר און געזאָגט:

— ביטע! — דערמיט קאָן מען ענדיקן איינס און צוויי.

וועגן דעם עסק פון אראָן פון די בערג, ביי וועלכן מען האָט נישט געפרעגטערהייט גענומען אַ שיפל, האָט ער געמאָלדן:

— אַזוי איז דאָס געזעץ!

דעמאָלט האָט דער ריכטער, אַביסל אַ באַליידיקטער, געענטפערט:

— בכלל, יאָ, נאָר דאָ דאַרף מען אין אכט נעמען אַזעלכע און אַזעלכע אומשטענדן.

— אַזוי איז דאָס געזעץ!—האָט ארענטסען מיט עקשנות אייבערגעחזרט.

און דער עולם אויף יענער זייט שטאַכעטן האָט געשאָקלט מיט די קעפּ, טראַכטנדיק: דער-אָ ווייסט שוין די געזעצן, אַ מחיה צו הערן!

אַ דאַנק די מענגע נייע משפטים, וועלכע ניקאָלאַי ארענטסען האָט אַריינגעטראָגן, האָט דער יונגער ריכטער נישט געזען, עס זאָל ווען נעמען אַ סוף צו דער הייַנטיקער סעסיע פונם טינג. ער האָט געווייסנהאַפט געהאָרעוועט און געאַרבעט, אויסגעפרעגט די עדות, אַריינגעקוקט אין די פּראָטאָקאָלן, געלייענט, געשריבן און גערעדט. נאָר ערשט אויפן דריטן און לעצטן טאָג איז ער דערגאַנגען ביז דער תביעה פון לעוויאָן פון טאָרפּעלוויקען צו גיו טרעוועליאָן.

סער גיו איז געווען אין געריכט פֿון דעם ערשטן טאָג אָן. ער איז אַרומגעקראָכן איבערן הויף און איבער דעם געריכטסזאַל, אַ בלינדער און אַ טויבער צו אַלץ; אויפֿן בריטאַנישן שטייגער אַן אומהעפֿלעכער און אַ שטומער אפֿילו דעמאָלט, ווען מען האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַ פֿריינטלעכן גרוס. מיטאָג האָט ער געגעסן ביי מאַקס טיש, און מען האָט אים געגעבן אַ צימער אין דעם פֿאַראַדנעם הויז. נאָר כאָטש ער האָט זיך יעדעס מאָל באַגעגנט ביים טיש מיטן יונגן ריכטער, האָט ער קיין איינציק מאָל נישט דערמאָנט וועגן זיין פּראָצעס. און ער האָט בכלל כמעט ווי נישט גערעדט. ער איז געווען אינגאַנצן ניכטער.

— היינט ווערט באַטראַכט אייער פּראָצעס. — האָט דער ריכטער צו אים געזאָגט ביים מיטאָג.

— רעכט. — האָט ער גלייכגילטיק געענטפֿערט.

ער איז געקומען אָן אַן אַדוואָקאַט, נאָר מיט דער ווענטקע, האָט אַראָפּגענומען זיין היטעלע מיט דער פֿליג פֿון די פֿישפֿאַנגער, אָנגעגעבן זיין נאָמען, טיטל און געבורטסשטאָט אין ענגלאַנד. צו אַרענטסענס באַריכט וועגן דעם משפּט האָט ער געגעבן עטלעכע קורצע אויפֿקלערונגען, וואָס זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פּראָטאָקאָל.

ער דאָז געמאָלדן, אַז נאָך אין דער אויסגלייך־קאָמיסיע האָט ער מסכּים געווען צו באַצאָלן לעוויאָגען דיזעלביקע סומע וואָס מאַרעליוסן, אָבער די סומע איז נישט אָנגענומען געוואָרן אַלס אַ צו־קליינע.

— וויפֿל זשע האָט באַקומען מאַרעליוס?

סער גיו האָט אָנגערופֿן די סומע און צוגעגעבן, אַז מאַרעליוס איז דאָ און קאָן עס באַשטעטיקן מיט אַ שבועה.

מאַרעליוס זאָגט עדות נאָכדעם ווי ער האָט פֿריער אָפּגעגעבן אַ שבועה לויטן געזעץ.

דער ריכטער האָט נישט ווילנדיק באַמערקט:

— אָ־ער דאָס איז דאָך אַ גוטער פּרייז, הער אַדוואָקאַט אַרענטסען?

— אָבער ער זאָגט נישט, וויפֿל האָט באַזונדער עדוואַרדע

באַקומען. — שרייט פּלוצלינג אויס לעוויאַן פון הינטער די שטאַ־בעטן.

— שטילער! — שטעלט אים אָפּ דער ריכטער.

דעמאָלט ענטפערט אַרענטסען לטובת זיין קליענט:

— פונדעסטוועגן האָט די דאָזיקע מעלדונג אַ וועזנטלעכע באַדייטונג פאַר דעם ענין.

דער ריכטער שטעלט נאָך אַ צוויי דריי פראַגעס, מען ענט־פערט אים, ער פאַרטראַכט זיך אויף אַ רגע, נאָכדעם זאָגט ער:

— פאַר וואָסער זשע ענין האָט עס אַ באַדייטונג? יעדנפאַלס דאָך נישט פאַר דער באַשטימונג פון דעם פרייז פאַר דאָס רעכט צו כאַפּן פיש.

מער גיט מען נישט צו. דער קעגנערישער צד זאָגט, אַז די ברייט פון טייך אויף דעם שמעלסטן אָרט איז אינגאַנצן אַכט קלאַפטער, און אַזוי אַרום פאַרוואַרפט ער זיין וועדנקע לפּחות אויף אַ גלייכן מרחק פון ביידע ברעגן און אויף דער פרעמדער זייט. אָבער ביי דעם וואַסערפאַל איז דער טייך שמעלער, ווי אומעטום, און דאָרט איז ער ברייט צוועלף קלאַפטער.

— איר האָט אויסגעמאָסטן? — האָט דער ריכטער געפרעגט לויט אַרענטסענס פאַרלאַנג.

— יאָ.

— און ווי לאַנג איז אייער וועדנקע?

— צוויי קלאַפטער. אָט איז זי.

לעוויאַן האָט ווידער נישט געקאָנט איינהאַלטן זיך הינטער די שטאַכעטן.

— איך האָב געמאָסטן דעם טייך. ער האָט אַכט קלאַפטער לעבן וואַסערפאַל.

— שטילער!

אַרענטסען האָט געמאַכט אַ פּנים. פּלוצעם ער איז זייער פאַרוואונדערט, און ער ענטפערט ווידער:

— אָבער אין דער זומערדיקער היץ פאַלט דאָס וואַסער אָפּ, און דער טייך דערגרייכט דעמאָלט מער נישט ווי אַכט קלאַפּ־טער אין דער ברייט.

דער ריכטער לאָזט סער גיוען און פרעגט ביי אַרענטסעגען.

— צי האָט איר עדות, אַז די ברייט פונם טייך לעבן האַ־סערפאל איז מער נישט ווי אַכט קלאַפטער?

— קיין אַנדערע אויסער דעם באַלעבאָס פונם ברעג האָב איך נישט.

— זאָל איך שוין נישט וויסן די ברייט פון מיין אייגענעם וואַסערפאַל? — האָט לעהיאָן הויך געמאָלדן.

איין מענטש פון הינטער די שמאַבעטן בעט ערלויבעניש עדות צו זאָגן אונטער אַ שבועה וועגן דער ברייט פון טייך. אין פרילינג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער עסק, האָט ער לויט מארעליוסעס בקשה אויסגעמאָסטן דעם טייך: ער האָט גוטע דרייצן קלאַפטער לעבן וואַסערפאַל. צוויי אַנדערע פונם עולם באַשטעטיקן דאָסזעלביקע: אַלע דריי זענען באַוווּסטע אָרטיקע איינוווינער. מיט צוויי טעג צוריק האָט מען זיי ווידער געהייסן אויסמעסטן דעם טייך. ער איז געוואָרן שמעלער קוים אויף אַ קלאַפטער, אַזוי אַז די ברייט זיינע איז איצט אויך גוטע צוועלף קלאַפטער.

אָבער צווישן זיי איז נישט געווען קיין איין פאַכמאַן. זיי האָבן געמאָסטן דעם טייך, געמאָסטן די ווענטקע, און קיינער האָט קיין טראַכט נישט געטון, אויף וואָס פאַר אַ מרחק קאָן מען פאַר־וואַרפן אַ שנור פון אַ צוויי קלאַפטערדיקער ווענטקע. דער יונגער ריכטער האָט אַ טראַכט געטון:

— סער גיו איז נישט מחויב צו צאָלן אפילו דאָס, וואָס ער האָט אָנגעבאָטן.

ער האָט געהייסן ברענגען די מאָס פון מאַקס קלייט אויס־שליסלעך, כדי צו העלפן דעם אויסלענדער. מען האָט אויסגע־מאָסטן זיין ווענטקע. זי האָט געהאַט צוויי קלאַפטער.

דער ריכטער האָט געפרעגט.

— איר האָט גאָר קיין עדות נישט, הער אַדוואָקאַט אַרענט־סען?

— ניין, צו דער פראַגע נישט.

— איר אַליין זענט געווען אויף דעם אָרט, ווען וועלבן

עס קומט פאַר דער משפט?

— איך האָב מיך פאַרלאָזן אויף די רייד פון דעם באַזיצער.

— זענט איר אַליין געווען אויפן אָרט?

— ניין.

אַלץ איז פאַרשריבן געוואָרן אין דער צייט פון קליינע, צווישנדיקע הפסקות האָט מען עס פאַרגעלייענט און פאַרפעסטיקט מיט חתימות. דער פּראָצעס האָט אָנגענומען אַ שלעכטע ווענדונג פאַר אַרענטסענען און פאַר זיין קליענט. זיי האָבן זיך אַ שושקע געטון, מיישב געווען זיך. נאָכדעם האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט, צי איז סער גיו מסכים איצט צו באַצאָלן דאָס, וואָס ער האָט פאַרגעלייגט אין דער אויסגלייך־קאָמיסיע. דעמאָלט וואָלט מען די זאַך געקאָנט ענדיקן אויף אַ פרידלעכן אופן.

סער גיו האָט געענטפערט, אַז ניין, ער איז נישט מסכים. איצט וויל ער אַ פסק־דין פון געריכט.

דעמאָלט האָט אַרענטסען דערלאַנגט זיין לעצטן קלאַפּ: סער גיו פאַנגט די לעצטע צייט ביים אַריינגוס פון טייך, אין ים, ווו אַלס אייגנטימער קאָן זיך רעכענען נאָר לעוויאָן אַליין.

ווייטער האָט מען אַרויסגערופן סער גיו אויף אַן אויספאָר־שונג. ער פאַרשטייט נישט וועגן וואָס, אייגנטלעך, רעדט זיך דאָ. צו וואָס זאָל ער גיין פאַנגען אין אַ געמישטן וואַסער, האַלב־זיסן, האַלב־געזאַלצענעם? אויף זיין געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ פאַראַכט־לעכע גרימאַסע, וואָס האָט קלאָר באַוויזן, ווי ער באַציט זיך צו אַזאַ אומאיידעלן מין פישעריי.

— האָט איר, הייסט עס, ביים אַריינגוס נישט געפאַנגען?

ניין! וואָס האָט ער דאָרט צו פאַנגען? דאָרט איז קיין שום פיש נישטאָ. דער לאַקס איז נאָר אין די טייכן, און ווען אין ים נישט אַרויס פריער פאַר הערבסט, ווען ר׳וועט אַרויסלאָזן די רויגן.

— אַך, סאַראַ טיפע ידיעות אין נאַטורוויסנשאַפט? — באַ־מערקט אַרענטסען מיט חוצפה. — אָבער צי איז דען אין ים נישט אַלע מאָל פאַראַן לאַקס?

— יעדנפאַלס כאַפּט מען עס נישט אויף קיין פליג.

— וואָס זשע האָט איר געפאנגען ביים אריינגוס?

אָט וועט עס סער גיו דערקלערן: ער האָט געפאנגען נאָר קליינע שטאָקפיש און פלאנדרעס, איז דאָס אויך נישט ביים אריינגוס, נאָר עטלעכע הונדערט קלאפטער ווייט פונם ברעג, אין ים. דער מענטש, וואָס האָט אים עטלעכע מאָל געפירט אהין איז דאָ. דאָס איז דער ווירט פון דעם שטיבל, וואָס ער האָט געדונגען. ער קאָן עס באַשטעטיקן.

מ'האָט דעם ווירט געגעבן אַ שבועה, און ער האָט אַלץ באַשטעטיקט.

דעמאָלט האָט ארענטסען געמוזט בעטן, מ'זאָל אָפּלעגן דעם פּראָצעס...

אָבער דער טינג איז גאָר נישט געווען אזא ווי די פּרי-ערדיקע, ווייט נישט. אויף די זיצונגען מיט דעם אַלטן ריכטער פלעגט דער עולם אפילו פון הינטער די שטאַבעטן קאָנען פרעגן אים וועגן פארשידענע געזעצן, און באקומען פון אים אינפאָרמאַ-ציעס און אָנווייזונגען. דער יונגער געהילף האָט אָבער מורא גע-האַט, מען זאָל ביי אים נישט ארויסנארן עפּעס אזא ענטפער, וועלכער וואָלט געקאָנט ברענגען צו קאָמפּליקאציעס. „דער ריכ-טער איז נישט קיין אדוואָקאט, — האָט ער געזאָגט — דער ריכ-טער דארף משפּטן. ווענדט זיך צו אַן אדוואָקאט, וועט ער אייך דערקלערן”.

קיינער האָט נישט מיטגעפילט דידאָזיקע נייע פּראָצעדקעס פון דעם יונגן ריכטער. דער עולם איז ארויס פון געריכט-זאַל און האָט זיך געקליבן ביים טיש, ווו מען פארקויפט בראָנפן ביי מאקן אין קלייט. פארבליבן זענען נאָר די, וואָס די נויטווענדי-קייט האָט זיי פארהאַלטן. דעריבער, ווען איינער פון די קאַנצע-לאריסטן האָט גענומען לייענען די היפּאָטעקעס, האָבן עס געהערט מער נישט ווי עטלעכע מענטשן. דאָס וואָס זיי האָבן זיך דער-ווּסט, איז פאַר זיי קיין נייס נישט געווען. אז בענאָני הארטוויגסען האָט מאקן פון סירילונד געגעבן פינף טויזנט דאָלאר אויף אַ היפּאָטעק — דערפון האָט בענאָני אַליין קיין סוד נישט געמאכט, אַלע האָבן עס געוווסט. דאָס האָט נישט געהאַט קיין אנדער-

באַדייטונג, חוץ דאָס, וואָס אַלע האָבן אים אָפּגעגעבן זייערע גראַשנס. מער נישט, וואָס בענאָנים סומע איז געווען אַזאַ גרויסע, אַ גאַנץ פאַרמעגן!

צום סוף פון דער זיצונג איז דער ריכטער געווען מיד און הונגעריק. אָבער אַדוואָקאַט אַרענטסען איז אים אַזוי נישט געפעלן געוואָרן מיט זיין פרייען טאָן, און ער האָט געפונען, אַז זיין תביעה צום סער גיו טרעוועליאַן איז אַזוי אומבאַגרינדעט און לייכטזיניק, אַז ער וואָלט גערן שוין אַרויסגעטראָגן דעם פסק און סער גיוען געדעכט געגעבן. דער משפט מיט מאַרעליוסן פון מאָרפעלוויקן, פאַר וואָס ער האָט פאַרקויפט דאָס רעשט צו כאַפן פיש אין אַ פרעמדן טייל פון טייך, וואָלט שוין במילא אָפּגעפאַלן.

ניקאָלאַי אַרענטסען האָט געזאָגט צו זיין פאַרטרויער:

— איך האָב בדעה אַליין צו גיין אויף דעם אָרט און אַרויסרופן עדות. חוץ דעם איז אין נאָרוועגיע פאַראַן נאָר איין געריכט, קעגן וועלכן מען קאָן נישט אַפּעלירן. קעגן דעם, וואָס דאָ קאָן מען פראָטעסטירן.

ער איז אַוועק צו מאַכן זען זיך מיט ראָזען. ער האָט אויף דעם טינג גאָרנישט פאַרשפּילט, אַזוי אַז ער האָט נישט גע־האַט פון וואָס אָפּצועסן זיך דאָס האַרץ. ער איז אַריין מיט פעס־טע זיכערע טריט, ווי ער האָט געגומען גיין, זינט ער האָט באַ־קומען אַזוי פיל קליענטן און אָנגעהויבן שאַרן געלט מיט די פולע הויפנס.

ראָזע איז געווען אין אַ קיך־פאַרטוך און האָט זיך פאַר־שעמט.

— גיי דערווייל אַריין אין קליינעם זאַל, — האָט זי געזאָגט — באַלד קום איך.

און ווירקלעך זי איז באַלד געקומען, תיכּף נאָך אים.

— איך האָב איצט קיין צייט נישט. וואָס מאַכסטו? דער טינג האָט זיך געענדיקט? ווי גייען דיינע עסקים?

— פאַרשטייט זיך, אויסגעצייכנט! דאָס געזעץ — בין איך דאָ!

— סאַראַ פאַרדרוס, וואָס מיר האָט זיך נישט איינגעגעבן

קומען הערן, ווי דו רעדסט!

גאָט מיינער, ווי ראָזע האָט ליגן געזאָגט אויס ליבע צו דעמדאָזיקן מענטשן! זי האָט אכטונג געגעבן, געהערט און געזען אים אין געריכט-זאַל, ווען עס איז געגאַנגען זיין גרויסער פּראָצעס מיט סער גיוען. און ס'איז איר געווען אַזאַ ווייטיק צו הערן, ווי דער יונגער ריכטער האָט אים צוויי מאָל שאַרף געפרעגט: „און איר אַליין זענט געווען אויף דעם אָרט? און איר זענט געווען אויפן אָרט?" זי איז דעמאָלט שטילינקערהייט ארויס פון געריכט-זייל, פול מיט נישט קיין גוטע פאַרגעפילן. דאַנקען גאָט! אַלץ האָט זיך גוט געענדיקט. ניקאָלאַי וועט מסתמא געווינען אַלע פּראָצעסן.

— און דו האָסט נישט פאַרגעסן דעם טאָג?

— דעם טאָג?

— דעם טאָג פון דער חתונה. און איך האָב דיר נאָך געוואָלט זאָגן...

— נו?

— אָט וואָס: לאָמיר פאָרן אין דער קירך רייטנדיק, געדענקסטו דעם טאָג? דעם צוועלפטן יוני, איצט איז שוין נישט לאַנג צו וואַרטן.

— דעם צוועלפטן יוני, — האָט ער איבערגעחזרט — איך וועל הייסן, מען זאָל מיך אויפוועקן באַצייטנס.

— סאַרא פלווידערזאַק דו ביסט! — האָט זי געזאָגט, שמייכלענדיק מיט פאַרגעבונג.

ער האָט געפרעגט:

— דעם צוועלפטן יוני? און קיין מעלדונג אין קירך דאַרף מען נישט מאַכן?

— שוין געמאַכט, — האָט זי געענטפערט — דער פּאַפּאַ האָט געמאַכט די מעלדונג ביי אונז, און דאָ — דער קאַפּיטאַן, דריי מאָל.

— נו, גוט, וואָס דו האָסט עס באַזאָרגט. איך האָב אַזוי פיל אַרבעט!

— נעבעכקע! אָבער אויב אַזוי פאַרדינסטו דאָך פיל געלט?

— פשוט איך שאַר הויפנסוויז. — האָט ער געענטפערט.

אויף מאָרגן האָט זיך סער גיו אומגעקערט אין זיין שטיבל און זיך ווידער גענומען באַפּן פיש. דעם וועג האָט ער אויסגעקליבן פאַרביי בענאָנים הויז, און ער איז געגאַנגען איבער די בערג ביזן סאַמע קהלשן וואַלד. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אָנבויגן, און אָפּרייסן שטיינדלעך, וועלכע ער האָט געלייגט אין קעשענע אריין.

## XVII

בענאָני האָט זיך אומגעקערט פון די ווייטע שכערן און האָט זיך גלייך גענומען גרייטן זיינע נעצן. ער האָט נישט באַקומען קיין גענויע ידיעות וועגן הערינג, נאָר ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווייסט בלומרשט מער ווי אַנדערע. אינדעראמתן האָט ער פשוט נישט געקאָנט בלייבן אין דאָרף, ווו אַלע האָבן געוווּסט וועגן זיין דערנידערונג. וועגן לאָזן זיך אויפן ים האָט ער שוין מער נישט געטראַכט.

דעם לענסמאַנס שרייבער איז צו אים אריין און דערציילט וועגן דעם טינג, און אַז די היפּאָטעק איז באַשטעטיקט. יאָ, אַפנים, אַזוי איז עס שוין באַשערט: ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט ארויסבאַקומען דאָס פּאַפּיר, מחמת עס איז געווען אריינגעשריבן אין דער רשימה פון די היפּאָטעקן נאָך פאַר דעם טינג אין סירילונד. אַזוי אַז אַלץ האָט שוין געמוזט גיין איינס נאָכן אַנדערן.

אַ פאַרצאַגטער איז בענאָני געזעסן און האָט געהערט: ס'קאָן זיין, אַז איצט וועט ער מאַכן אַליין זיין שולדיק אין דעם, וואָס מאַק וועט שוין נישט וועלן זיין מער קיין פאַרמיטלער צווישן אים מיט ראָזען. ווייטער האָט ער זיך דערוווּסט, אַז בשעת מען האָט געלייענט די היפּאָטעק, איז געווען ווייניק עולם, מער נישט, ווי די באַאַמטע פון טינג און נאָך עמעצער. די זאַך איז אריבער אומבאַמערקטערהייט.

— און דעם דאָקומענט האָב איך מיט זיך אין קעשענע. — האָט דער שרייבער געזאָגט.

— אזוי? איר האָט עס ביי זיך? — האָט בענאָני געזאָגט און געוואַרט, אז באלד וועט ער דערהאלטן דאָס פּאַפּיר.

אָבער יענער האָט זיך נישט געאיילט, נאָר איז געזעסן און צוגעהוסט זיך מיט פאַרצויגענע ליפּן.

— וואָס זשע, ס'האָט געקאָסט טייערער, איידער מיר האָבן גערעכנט? — האָט לסוף געפרעגט בענאָני, גרייט צו באַצאָלן.

— ניין, פּונקט אזוי פיל, וויפל ס'האָט געדאַרפט קאָסטן לויטן געזעץ.

בענאָני האָט געוואַרט א ביסל, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— גיט מיר אָקאָרשט א בליק טון גיכער.

דעמאָלט האָט דעם לאַנסמאַנס שרייבער אָנגעהויבן:

— איך וואָלט עס געקאָנט ארויסלייגן פאַר אייך תיכּף ומיד, נאָר אזוי טויג נישט. איך וועל מיך באַגיין מענטשלעך.

בענאָני האָט אויף אים אויסגעגלאָצט די אויגן און געפרעגט:

— וואָס איז? ס'איז עפּעס געשען מיטן דאָקומענט?

לסוף האָט דעם לאַנסמאַנס שרייבער געענטפערט:

— ס'איז געשען דאָס, וואָס דער דאָקומענט איז א שלעכטער. איך וואָלט געמעגט זאָגן, אז ער איז נישט ווערט דאָס געלט, וואָס איר האָט געגעבן.

— ווייזט מיר אים, שוין!

— ווען איך וואָלט מיך וועלן באַגיין, ווי א שלעכטער מענטש, וואָלט איך אים תיכּף דאָ פאַר אייך אַוועקגעלייגט. אָבער איך וויל אייך צוגרייטן ביסלעכווייז דערצו, אַז מאַק פון ראָזענגאַרד האָט שוין געגעבן א טייוולשע סומע אויף סירילונד פ ר י ע ר פ א ר א י י ך.

— איר לאַכט! — האָט בענאָני אויסגעשריגן אין אימה.

דעמאָלט האָט דער שרייבער פאַר אים אויפגעעפנט דאָס פּאַפּיר. עס איז אויף דעם געווען אַן אָנמערקונג, אז די באַטרעפנדיקע היפּאָטעק איז איבערגעליינט און באַשטעטיקט אויפן טינג דעם און דעם טאָג. נאָכדעם זענען געווען אויסגערעכנט אלע

פריער ארויסגעגעבענע היפּאָטעקעס אויף סירילונד מיט אַלע פעלדער און מיט די דריי שיפן, דאָס אַלץ האָט שוין פיל יאָר געהערט צו מאַקן פון ראָזענגאַרד. די סומעס, וואָס ער האָט ארויסגעגעבן האָבן אין אַלגעמיין באַטראָפן אַכצן טויזנט דאָלער. אונטער די צושריפטן איז געשטאַנען די חתימה פון סטען טאָדע.

בענאָני איז געווען פונקט ווי פון א דונער דערשלאָגן. ער האָט אויסגעשטעלט די אויגן אויף דעם פּאַפּיר, און אין קאָפּ זענען אים געקראָכן אַלערליי פּוסטע רעיונות: דער ריכטער האָט זיך נישט גערופן סטען טאָדע? ווער זשע איז עס אַזוינס? אַכצן טויזנט דאָלער? יאָ, יאָ. אָבער דעמאָלט איז דאָך מאַק פון סירילונד גאָר נישט אַזאַ גביר און אַזאַ וויכטיקע פּערזאָן? דער גאַנצער מאַכער איז גאָר אין דער אמתן זיין ברודער, מאַק פון ראָזענגאַרד, וואָס האָט אים אָפּגעקויפט מיט הויט און ביינער.

— איצט איז די גאַנצע פראַגע אין דעם, צי איז דאָס פאַרמעגן, אויף וועלכן איר האָט געגעבן דאָס געלט, ווערט דריי און צוואַנציק טויזנט דאָלער. — האָט דער שרייבער געזאָגט.

בענאָני האָט גענומען איבערלייגן זיך.

— ניין, — האָט ער נאָכדעם געזאָגט — נישט ווערט.

— ניין. איך מיט דעם לענסמאַן טראַכטן אויך אַזוי. מיר האָבן נעכטן גערעדט וועגן דעם צווישן זיך, דריי און צוואַנציק טויזנט — דאָס איז דאָך א שרעק סאַרא סומע!

— און דאָס, וואָס מאַק האָט געטון — צי איז עס געזעצלעך?

— דאָס איז, ווי מען קוקט דערויף. אין פּאַפּיר שטייט געשריבן: באַקומען. ער, מאַק האָט באַקומען פינף טויזנט דאָלער אויף דעם משכון פון אַזאַ און אַזאַ פאַרמעגן. איר האָט דאָך אַליין אָנערקענט, אַז איר באַנוגנט זיך מיט דעם משכון?

בענאָני האָט אים שוין נישט געהערט.

— סטען טאָדע — ווער איז דאָס? צי איז די חתימה א געזעצלעכע?

נאָכדעם ווי ער האָט די זאַך גוט באַטראַכט, איז דעם לענסמאַנס שרייבער געקומען צו דעם אויספיר, אַז דער געהילף

פון דעם ריכטער האָט געטון אויפן יסוד פונם געזעץ, און האָט געהאַט דאָס רעכט אונטערצושרייבן די היפּאָטעק, נאָר, אוודאי, ער איז נישט דער אמתער ריכטער, ווייט נישט.

— דריי און צוואַנציק טויזנט! איז מאַק, הייסט עס, אַ קבצן!

— האָט בענאָני פּלוצלינג געזאָגט. — בעסער שוין האָבן ווייניקער, נאָר עס זאָל זיין אייגנס...

אָבער דאָ האָט ער פּלוצלינג ווידער זיך דערמאָנט אָן זיינע פינף טויזנט דאָלער, וואָס זענען אויך געווען גלייך ווי פאַרלוי־רענע. ער איז אויפגעשטאַנען אַ בלאַסער, אַ צעמישטער, קוקנדיק אויף דעם ווערטלאָזן פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, נאָכ־דעם צוריק זיך אַוועקגעזעצט.

— ס'קאָן זיין, ער וועט אייך אפשר אויסצאָלן ביסלעכווייז?

— האָט געזאָגט דער שרייבער, כּדי כאָטש מיט וואָס עס איז צו טרייסטן אים.

— פונוואַנען וועט ער נעמען? דאָס העמד אויפן לייב איז ביי אים אויך אַ פרעמדעס! בעסער האָבן ווייניקער, אבי... ער איז אַ רמאי, זאָג איך אייך!

— דאָס קאָן מען נאָך נישט זאָגן. אפשר וועט ער נאָך באַצאָלן...

— אַ רמאי! אַן אמתער רמאי!

אַך, סאַראַ שטאַרק, גוט וואָרט דאָס איז! און ווי דער־נידעריקנדיק דאָס איז פאַר דעם שטאָלצן מאַקן. דעריבער האָט עס בענאָני איבערגעחזרט מיט אַזאַ אויפריכטיקן פאַרגעניגן.

— ער וועט זיכער באַצאָלן. — האָט דער שרייבער געזאָגט, אויפשטייענדיק. אים האָט זיך יעדנפאַלס גיכער געוואָלט אַוועקגיין.

אָבער בענאָני איז געווען אויפן העכסטן גראַד צערייצט.

— מען האָט מיט אים נישט געדאַרפט האָבן קיין עסקים! אַזעלכע מענטשן פאַרדינען מער נישט, מען זאָל אויף זיי אַ שפּיי טון און אַוועקגיין. — זאָלן זיי זיך וואַלגערן!

געבליבן אליין, האָט בענאָני גענומען משער זיין, וואָס זאָל ער אָנהויבן צו טון. ער האָט באַשלאָסן גיין צו מאַקן אין קאַנ־טאָר און אָפּרעכענען זיך מיט אים.

ער האָט אַריינגערוקט די היפּאָטעק אין קעשענע און איז אַוועק קיין סירילונד. אין וועג איז אים געקומען אויפֿן זינען, פֿריער זען זיך מיט סווען דעם וועבטער.

אָבער סווענען איז נעבעך אַליין געווען נישט זייער פֿרײלעך אויפֿן האַרצן, אַזוי אַז ער וואָלט קיינעם נישט געקאָנט צוגעבן קיין מוני-טערקייט. און אַלץ ווידער צוליב עלען דעם שטוב-מיידל.

נעכטן אין אָוונט האָט סווען דער וועבטער זיך געשושקעט מיט זיין ליבער, ערשט פּלוצלינג האָט מען זי אַוועקגערופֿן צו מאַקן: ער האָט זיך געקליבן נעמען אַ וואַנע. סווען האָט זיך גע-פּרוווט אָפּהאַלטן זי: „זאָל ער זיך אַליין באָדן אין זיין וואַנע, וואָס גייט עס דיר אָן?“ אָבער עלען האָט בעסער געוווּסט, וואָס זי האָט צו טון, און זי האָט זיך פֿון אים אַרויסגעריסן. סווען דער וועבטער איז אַוועק נאָך איר, אויף די שפּיץ פֿינגער האָט ער זיך אונטערגעגנבעט צו דער טיר פֿון מאַקס צימער, און האָט אַלץ אַליין געהערט, מיט די אייגענע אויערן.

היינט אינדערפֿרי האָט ער געכאַפּט עלען דאָס שטוב-מיידל און זאָגט צו איר:

— מאַק איז אויפֿגעשטאַנען?

— נאָך נישט.

— דו האָסט אים נעכטן אין אָוונט געבאָדן?

— יאָ, געריבן אים דעם רוקן מיט אַ האַנטוך.

— דו ליגסט! איך בין געשטאַנען אין קאָרידאָר און האָב אַלץ געהערט.

פּויזע.

— און וואָס נאָר האָט איר זיך אַלע צו מיר צוגעטשעפּעט, — האָט עלען דאָס שטוב-מיידל שטיל געזאָגט — גלייך ווי אַלע וואָלטן משוגע געוואָרן.

— נו, און דו אַליין קאָנסט זיך גאָרנישט אָפּטשעפּען פֿון אים?

— דאָס איז נישט אַזוי לייכט. איך דאַרף אים רייבן דעם רוקן.

דעמאָלט האָט דער צאָרן אָנגעהויבן קאָכן אין סווען דעם

וועכטער. ער האָט גענומען סאָפּען און אַ געשריי געטון:

— אַ חזיר ביסטו, אָט וואָס!

זי איז געשטאַנען מיט ברייט צעעפנטע אויגן און האָט אויפגעהויבן די ברעמען, גלייך ווי זי וואָלט נישט געגלויבט, אַז דאָס זידלט זיך אַזוי' סווען דער וועכטער.

— דו וועסט מיך דערפירן דערצו, אַז איך וועל דיר אַמאָל דערלאַנגען מיט אַ מעסער.

— עס לוינט נישט צו זיין אַזוי אין כּעס, — האָט זי צו אים ליבלעך געזאָגט — אינגיכן וועט ער מיך לאָזן צו רו.

— ניין, ער וועט דיך נישט לאָזן.

— און וואָס טוסטו אַליין מיט בראַמאַפּוטרען, מיט דער דאָזיקער געקרייזלטער? — האָט עלען געזאָגט מיט פאַראַכטונג

סווען דער וועכטער האָט ווידער געפרעגט:

— מאַק איז אויפגעשטאַנען?

— ניין.

— איך וויל מיט אים רעדן אין קאַנטאָר.

— בעסער הויב זיך נישט אָן, — האָט עלען געזאָגט, און האָט אים גענומען אָפּרעדן — ס'וועט אונז נאָר ביידן ערגער זיין. אַזוי וואָלט זיך אפשר סווען באַרויקט. נאָר ווען מען האָט אים געהייסן אויפהענגען די פערינגע פון מאַקס וואַנע אויסצוטריקענען אויף דער זון, איז ער אַזוי אין כּעס געוואָרן, אַז ער האָט אַליין נישט געדענקט, וואָס ער טוט. ער האָט פאַרגעסן אויך וועגן דעם, אַז ער איז דאָ אַ משרת אויף יעדער אַרבעט, און אַז מען קאָן אים נויטן צו טון, וואָס מען וויל.

ווען מאַק איז אַריין אין קאַנטאָר, איז סווען דער וועכטער צו אים געקומען, אַן אויפגערודערטער און אַ צערייצטער. ער איז גלייך צוגעטראָטן צום ענין. מען רופט אים סווען יאָהאַן קיעלדסען, מיט דעם צונעמעניש סווען דער וועכטער. ער קלויבט זיך חתונה האָבן מיט עלען דעם שטוב-מיידל, און זי דאַרף נישט באָדן מאַקן, און ער אַליין וויל נאָך זיי נישט טרוקענען די פּערינגע...

— פאַרשטייט איר, איך וועל נישט דערלאָזן, אַז זי זאָל

ביי אייך זיין אויף חוזק, איז מיין נאָמען נישט סוועך יאָהאַן קיעלד־
סען. יאָ. אַזוי רופט מען מיך. און אויב איר פארלאַנגט צו חיסן
מיין ביאָגראַפיע, בין איך פון שטאָט. יאָ, איך בין פון שטאָט,
אויב איר פארלאַנגט עס צו וויסן.

מאַק האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון זיינע פּאַ־
פּירן, האָט אויף אים אויסגעשטעלט זיינע שטאָלענע אויגן און
געפרעגט:

— ווי רופט מען דיך, האָסטו געזאָגט?

סוועך האָט זיך פארלוירן און נאָר געקאָנט איבערחזרן די
פראַגע:

— ווי רופט מען מיך? סוועך יאָהאַן קיעלדסען. דאָס צונעמע־
ניש — סוועך דער וועכטער.

— רעכט. קאָנסט גיין טון דיין אַרבעט. — האָט מאַק גע־
זאָגט.

סוועך האָט זיך שוין געהאַט גענומען פארן הענטל.

— ניין, — האָט ער געזאָגט — די אַרבעט וועל איך נישט
טון.

— רעכט, דעמאָלט קאָנסטו באַקומען אַ רעכענונג.

מאַק האָט גענומען זיין געגזנפעדער, געמאַכט דעם חשבון,
אָפּגעציילט דאָס געלט און באַצאָלט. נאָכדעם האָט ער געעפנט
די טיר.

סוועך דער וועכטער האָט אַ בורטשע געטון, נאָר ער איז
אַרויס.

געבליבן הינטער דער טיר, מיטן געלט אין קעשענע און
מיט יאוש אויף דער נשמה, איז ער אַוועק צום בראָנפן־טיש אין
קלייט און האָט אַריינגעגאָסן עטלעכע גלעזלעך, נאָכדעם האָט ער
זיך דערפילט ווידער פאַר אַ דרייסטן און אַ שטאַרקן. ער איז
אַוועק אין שטוב פאַר דער דינערשאַפט, דאָרט אָנגעמאַכט אַן
איבערקערעניש, צעזידלט זיך מיט די אַרבעטער אַריינגעקראָכן
צו די צוויי זקנים, צו מאָנסן און צו פרידעריק מענזאַן, וועלכע
זענען איצט ביידע געלעגן אויף די געלעגערס און האָבן רק גע־
געסן, נאָר זעלטן ווען אַרויסגערעדט אַ וואָרט, וואָס איז ענלעך

געווען צו אַ מענטשלעך לשון.

— שטייט אויף, גייט שפּאַלטן האָלץ! — האָט סווען דער וועכטער צו זיי געשריגן. — איך האָב מיך אָפּגעזאָגט.

— אָפּגעזאָגט. — האָט פרידעריק מענזא איבערגעחזרט.

— פאַרמאַך די געמבע! — האָט סווען דער וועכטער אָנגעהויבן צו רעדן. — דו וועסט אויפשטיין צי נישט? אָדער זאָל ווידער עלען נעבעך אַליין גיין אין האָלץ-שפּייכלער אָנשטאָט דיר?

פרידעריק מענזאַ, בײַ וועלכן די גאַנצע באָרד איז געווען פאַרדעקט מיט ברעקלעך און מיט שפּייעכץ, איז געלעגן גלייך ווי ער וואָלט זיך פאַרטראַכט וועגן עפּעס אַ וויכטיקע זאַך, און האָט געפינטלט מיט די אויגן. נאָכדעם האָט ער פּלוצלינג געזאָגט:

— דריי מייל ביזן „פּונטוס".

— כאַ-כאַ-כאַ! — האָט זיך מאָנס אויף זיין געלעגער פונאַנדערגעלאַכט.

נעבעך, ער האָט אויך געהאַט זיינע פריידן. אים האָט זיך, אפנים, אָפּגעדאַכט, אַז די וואַנט גייט אַוועק אין דער לופטן, סאַמע אונטערן דאַך.

סווען דער וועכטער האָט זיך צוריק אומגעקערט אין דער שטוב פאַר דער דינערשאַפט, האָט געזונגען און געפּלוידערט, אויסבארימענדיק זיך מיט זיינע פּלענער.

— איך וועל מער נישט טריקענען די דאָזיקע פערענע פאַר קיינע גליקן אין דער וועלט נישט! — האָט ער געמאָלדן. — איר ווייסט, וואָס איך וויל טון? ניין, איר ווייסט נישט, ווייל איר זענט דאָ אַלע חזירים. איך וועל זינגען, קומט אַלע אַהער, איך וועל זינגען.

אין שטוב פאַר דער דינערשאַפט האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסער עולם. סווען דער וועכטער האָט נישט מורא געהאַט אָפּצוציען אַלעמען פון דער אַרבעט, הגם עס איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג. אויך עלען מיט בראַמאַפּוטרען זענען געקומען.

דעם יונגערן מילנערס ווייב איז, ארויסגייענדיק פון קלייט מיט סחורה, אויך אהער אריין. זי האט מיט זיך געהאט איר קליי-נינקן זון, א זעקסיאריקער יונגאטש מיט א קליינינקן צארטן מיילכל. סווען דער וועבטער האט אפגעעפנט די ברייטע האנט, האט אים געשענקט א גאנץ פערטל קראן און א גלעט געטון דערביי אי-בערן קעפל.

— ס'איז דיר דא פריילעך ? — האט די מאמע געפרעגט.

יא, יא, דעם יינגל איז געווען זייער פריילעך. ווען די דערוואקסענע האבן גענומען טאנצן, האט ער זיך אויך געפונען אן ארט, און גענומען זיך דרייען, פילנדיק זיך פאר א וויכטיקן פארשוין.

סווען דער וועבטער האט אנגעהויבן זינגען. ער האט גע-זונגען וועגן די סאראזער מיידן. נאר, אפנים, ער איז גאר פון זינען אראפ, ווייל זיין ליד האט געקלונגען ווי א סטראשונעק, און ער האט געסטראשעט עמעצן א באשטימטע פערזאן, צייטנווייז טרייסלענדיק מיטן פויסט אין דער ריכטונג צו דעם הויפט-בנין.

סווען דער וועבטער האט געזונגען :

סאראזער וואלד צעשפרייט זיך ברייט,
אין בלוי פארפאלן זיינע שטעגן.
עס טרובען יעגער אין טרומייט,
דער בער פאלט טויט פון פריצס דעגן.
און אט צוויי מיידלעך מאכן א געלעגער גרייט,
א וויבן פון דעם פריצס-וועגן.
א, איר מיידן פון סאראזע !
מיט איינער טוט ער שלאפן גיין,
די צווייטע האט ער נישט גענומען.
דאס מיידל בלייבט פארשעמט אליין.
שיקט זי, דער שיסער גוסט זאל קומען :
ער זאל צו זיין ליבסטער קומען גלייך צו גיין,
וועט ער זי אלס געשאנק באקומען.
א, איר מיידן פון סאראזע !

דער שיסער היט די טיר און שטייט...
די האק זי פינקלט מיט די שטערן...
אין שטוב קרעכצט עמעץ שטילערהייט
פון אָנגעזעטיקטע באַגערן.
און שוין... אַרויס פון שטוב דער שטאָלצער פריץ גייט,
באַגעגנט אים די האַק אין שטערן.
אָ, איר מיידן פון סאַראָזע !
אָ, מיידן פון סאַבאַזע, הערט :
וואָס קאָן שוין זיין דעם שיסער שלעכטער !
ער לויפט און בלאָנדזשעט אויף דער ערד,
אין קעניגס חיל קריגער ווערט ער.
און העט-העט שפּעטער צוריקגעקערט,
אַלס רויב פון שווערד,
געלאַשצעט האָט ער אייערע טעכטער !
אָ. מיידן פון סאַראַזע !
ס'איז גוסט דעם קעניגס קריגער איצט,
א לייט, ווער וואַגט אים דען אָנרירן ?
עס לאַכט דער בליק פון זיין שווערד-שפּיץ,
און פון זיין ביקס דאָס בלוט טוט פרירן !

אָבער דאָ האָט סוועָן פלוצלינג דערפילט, אַז עס איז נישטאָ קיין כאָר און ער האָט איבערגעריסן דאָס ליד.

— וואַרט ! דאָ דאַרפט איר אַלע אונטערכאַפּן : „אָ, איר מיידן פון סאַראַזע !" און איר טאַנצט נאָר, אמתע חיות.

עס איז געקומען צולויפן פון מאַקן אַ שליח רופן דעם עלטערן אַרבעטער אין קאַנטאָר אַריין, אַלע זענען גלייך שטיל געוואָרן און גענומען פּאַמעלעך אַרויסרוקן זיך פון שטוב. סוועָן דער וועכטער איז שוין מער נישט געווען בכּוח זיי פונאַנדערצעזייגן. די מילנערין האָט צו אים צוגעשיקט איר זון געזעגנען זיך ווי עס דאַרף צו זיין, און נאָך אַמאָל באַדאַנקען פאַר דער מתנה. סוועָן האָט לאַנג געהאַלטן זיין קליין הענטל אין זיינער, נאָכדעם האָט ער געזאָגט :

— דאָס הענטל איז ביי אים פּונקט אַזאַ ווי ביי עלענען. אַ וואונדער און מער גאָרנישט !

דאָ האָט מען געשיקט רופן סוועגען גופא. ער איז אַוועק מיט אַ שווערן פאָרגעפיל, עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז גערופן האָט אים בענאָני, וועלכער האָט געדאַרפט אַדורכשמועסן זיך.

— איך האָב צו דיר אַ קליינעם עסק, — האָט בענאָני אָנגעהויבן — אפשר ווילסטו פאָרן מיט דער נעץ?

— איך ווייס נישט, יאָ, ניין. כ'וויל. מיט דער נעץ?

נאָר באַלד איז דער שמועס אַריבער אויף דעם, וואָס בייעדן פון זיי איז געווען אָנגעקאָכט אויפן הארצן. בענאָני האָט מיט אַ דראָענדיקן אויסזען אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געמאָלדן, אַז ער קלויבט זיך גיין צו מאַקן אין קאַנטאָר.

— און איך בין שוין דאָרט געווען און האָב מיט אים גערעדט אָפענע דיבורים.

— ער האָט מיך אויף אַ געמיינעם אופן אָפּגענאַרט.

— און מיך? עלען איז איצט שוין גאָר אַ פאַרפאַלענע מויד.

— פאַרוואָס עפּעס?

— ער האָט זי נעכטן ווידער גענומען צו זיך אין וואַגע.

— און באַנוצט זיך?.. — בענאָני האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: ס'הייסט, פאַרפאַלן.

— די מעשה איז אָבער, וואָס איך און עלען האָבן מיר באַשלאָסן חתונה האָבן. — האָט סוועגן דער וועבטער ווייטער גערעדט. בענאָני האָט געענטפערט.

— ביז אַ צייט וועסטו שוין נישט האָבן עלענען, דאָס פאַרשטייסטו אַליין.

סוועגן האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ביז אַ בליק געטון מיט די אויגן.

— אַזוי איז שוין דאָ דער מנהג, — האָט בענאָני געזאָגט — אַזוי איז געווען מיט אַלעמען נאָך דער ריי. מער נישט בראַמאַפוטרע אַליין האַלט זיך נאָך.

דער עלטסטער אַרבעטער איז אַרויס פון מאַקן און האָט געמאָלדן, אַז מען הייסט סוועגן דעם וועבטער אַוועקגיין.

— אַוועקגיין?.. וואָס איז אַזוינס?

— אזוי האָט מען געהייסן. מיין עסק איז אַכטונג געבן דאָ אויף דער אָרדנונג, און מער ווייס איך גאָרנישט.

סווען דער וועכטער האָט, אפנים, באַטראַכט עפּעס אַ מיטל, כּדי שלום צו מאַכן צוליב עלענען, אָבער איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף זיך אָפּטראָגן, דאָס האָט אים פאַרשאַפט גרוילעכן עגמת נפש.

בענאָני האָט זיך אַריינגעמישט.

— גיי צוריק און זאָג מאַקן, אַז סווען דער וועכטער בלייבט מיט מיר.

— מילא, רעכט, — האָט דער אַרבעטער געענטפערט.

— אַזוי זאָג אים מאַקע, מאַקן פון סירילונד, אין נאָמען פון בענאָני הארטוויגסען.

דער אַרבעטער איז אַוועק. און די צוויי זענען געבליבן, גרויס האַלטנדיק זיך מיט זייער נצחון. נאָר פאַר דער צייט וואָס זיי האָבן גערעדט, איז סווען ווידער אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם, אַז ער דאַרף פונדאַנען אַוועקגיין.

— איצט האָב איך גאָרנישט אויף דער וועלט אויסער דעם אַ דימענט, — האָט ער גענומען רעדן — אָבער איך האָב נישט קיין גלאָז, אַזוי אַז וואָס צו שניידן איז אויך נישטאָ.

ווי זיי שטייען אַזוי און רעדן, איז פון קלייט־גאַניק אַראָפּ מאַק אַליין און האָט זיך געלאָזן גלייך צו זיי. ער איז געגאַנגען מיט אַ רויקן זיכערן טראָט. ווען ער איז צוגעגאַנגען צו זיי, האָבן ביידע אַראָפּגענומען די היטלען און זיך פאַרנייגט.

— וואָס פאַר אַ שלוחים שיקסטו עס צו מיר? — האָט מאַק געפרעגט.

— שלוחים? אָ, דאָס האָב איך מיר פּשוט אַזוי געזאָגט. — האָט בענאָני געענטפערט נישט זיכער ווערנדיק.

— און דו ביסט נאָך אַלץ דאָ? — האָט זיך מאַק געווענדט צו דעם צווייטן.

סווען דער וועכטער האָט פאַרשוויגן.

אָבער פאַר די דאָזיקע צוויי דריי מינוט איז בענאָני געקומען אַ ביסל צו זיך און האָט זיך שטאַלץ אויסגעגלייכט, צי דען

איז ער נישט דער מיטבאַזיצער פון סירילונד? און צי דען שטייט דאָ פאַר אים נישט קיין פאַראָרעמטער ישווינדלער?

זיי האָבן ביידע איינער דעם אַנדערן אָפּגעמאָסטן מיט פיינט־לעבע בליקן, אָבער בענאָני, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז נאָך פאָרט געווען מער נישט ווי אַ תלמיד. מאַק האָט אַרויסגענומען זיין באַטיסטן נאָזטיכל, אויסגעשנייצט די נאָז, נאָכדעם זיך געווענדט צו סווען דעם װעכטער און געזאָגט:

— מען האָט דיר דען נישט געזאָגט, אַז דו זאָלסט זיך אָפּ־טראָגן פונדאַנען?

און סווען דער וועכטער האָט זיך שטילינקערהייט אַוועקגע־שלעפּט אָן אַ זייט.

— גיי גלייך צו מיר! — האָט צו אים בענאָני אַ געשריי גע־טון. — אָט איז דער שליסל, איך קאָן דיר אָנגעטרויען גאָר מיין גוטס. גיי און וואַרט אויף מיר. איך דאַרף נאָך דאָ איבעררעדן מיט דעם־אָ מענטשן.

„מיט דעם־אָ מענטשן"! דאָס האָט ער אַזוי געזאָגט וועגן מאַקן פון סירילונד!

זיי זענען אַוועק אין קאַנטאָר. מאַק האָט ווידער געלאָזן זיך אַרבעטן מיטן נאָזטיכל און האָט געזאָגט:

— נו?

— מיין ענין איז אַ פּשוטער, — האָט בענאָני אָנגעהויבן — מכּוח דעם געלט.

— וואָס אַזוינס מכּוח דעם געלט?

— איר האָט מיך אָפּגענאַרט.

מאַק האָט געשוויגן, מיט פאַרגעבונג קוקנדיק אויף בענאָנין.

— איך האָב באַשטעטיקט די היפּאָטעק. — איר האָט געמיינט, אַז איך וועל עס נישט טון?

מאַק האָט אַ שמייכל געטון מיטן גאַנצן מויל.

— איך האָב עס אויסגעצייכנט געוווּסט.

— אַלץ געהערט צו אייער ברודער פון ראָזענגאַרד. איר ליגט ביי אים אין קעשענע מיט אַלע אייערע בעבעבעס. אָט זעט...

— בענאָני האָט אַרויסגעשלעפּט די היפּאָטעק און געשטעקט אין איר די פינגער.

— אום וואָס זשע גייט דאָ ? — האָט מאַק געפרעגט. — דו ווילסט צוריקנעמען דיין געלט ?

— נעמען צוריק דאָס געלט ? ווו ווער איר עס נעמען ? די קאַמאַשן, וואָס איר טראָגט, זענען אויך נישט אייערע. דריי און צוואַנציק טויזנט ! אייער ברודער אַבצן, און מיר פינף, איז צוואַמען דרייאונצוואַנציק. איר האָט מיך רואינירט, און איצט בין איך פּונקט אַזאַ קבצן, ווי איר אַליין.

מאַק האָט געענטפערט :

— ערשטנס, האָט עס נאָר דער יונגער געהילף פונם ריכטער אַרייַנגעשריבן אַזוי פיל אין דיין היפּאָטעק.

— יאָ, אָבער ער האָט עס געטון לויטן געזעץ.

— געוויס. אָבער דער ריכטער אַליין וואָלט קיינמאָל נישט אַרייַנגעשריבן די אַלע נאַרישקייטן וועגן מיין ברודער. דאָס איז פּשוט אַ פאָרמאַליטעט, דו ווייסט אַליין, ווי עס טוט זיך געוויינלעך צווישן ברידער. אינדערעמתן, האָב איך אָפטער געהאָלפן מיין ברודער, איידער ער מיר. למשל, ווען ער האָט פאַרברייטערט זיין פאַבריק פון פישקליי.

— יאָ, יאָ. אפנים, איר זענט ביידע באַנקראָט. אָבער מיר איז דערפון נישט בעסער.

— צווייטנס, — האָט מאַק ווייטער גערעדט מיט פעסטער גדלות — בין איך דיר נישט שולדיק קיין פינף טויזנט. מיר האָבן נאָך אַנדערע חשבונות אויך.

— דאָס רעדט איר וועגן די פיר הונדערטער פאַר אייערע חפצים ? אויף וואָס דאַרף איך זיי ? ראָזען האָט מען שוין געמאָלדן. מיטן אַדוואָקאַט. דעם צוועלפטן יוני וועט זיין די חופּה.

— איך ווייס נישט ריכטיק, מיר האָט זיך עס איינגעגעבן איבערצייגן ראָזען. נאָר ס'איז מעגלעך, אַז דו אַליין ביסט אַ קליין ביסל שולדיק. די באַשטעטיקונג פון דער היפּאָטעק ביי מיר הינטערן רוקן, האָט נישט אַרויסגערופן ביי מיר קיין גרויס חשק, איך זאָל מיך פאַר דיר משתדל זיין.

— נו, איז וואָס ?—האָט בענאָני אויסגעשריגן א צערייצטער.— זאָל איר גאָט העלפן, ראָזען, איך וועל מיך נישט גייען בעטן, מען זאָל זי מיר געבן. אָבער וואָס איז שייך צו אַלע אייערע אַפעריסטישע שטיק, איז ראָזע צופיל א ווילע, אז זי זאָל זיין אייערע א טויפטאָכטער. יאָ. און איך וועל איר אָנ- שרייבן, אז זי זאָל מער קיינמאָל נישט איבערטרעטן אייער שוועל. איר זאָגט, אז מיר האָבן חשבונות? איך וויל מיט אייך מער קיין חשבונות נישט האָבן, און ביי דער ערשטער מעגלעכ- קייט וועל איך אייך באַצאָלן מיט מזומן פאַר אייערע אוצרות. און דעמאָלט גיט ,מיר צוריק אָפ מיינע פינף טויזנט.

— דו פאָדערסט פון מיר דאָס געלט אין א זעקס-חדשימ- דיקן טערמין פון היינטיקן טאָג ?

— איך פאָדער! — האָט בענאָני שפּאָטיש אויסגעצויגן. — איך וועל מיך אַנדערש באַגיין. איך וועל נישט קוקן אויף אייער גאַנצער גרויסקייט.

מאַק האָט גוט פאַרשטאַנען, אז די אויבערהאַנט האָט איצט בענאָני. ער קאָן אים אַוועקפּטרן, מעלדן באַנקראָט, גע- מען צום געריכט, פאַרפּלאָנטערן אים מיט זיין היפּאָטעק, שאָדן זיין רעפּוטאַציע און פאַר אַלעמען פונאַנדערקלינגען זיין רואי- נירונג.

— קאָנסט טון ווי דיין הארץ גלוסט. — האָט ער קאַלט געזאָגט.

אָבער בענאָני האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן זיין טריומף און איז מיט אים תיכף ארויסגעגאַנגען,

— איך וועל אָפּחתמענען אייערע פיש אויף די טריקן- פּלעצער.

דאָס וואָלט יעדנפאַלס ארויסגערופן א סקאַנדאַל: ס'וועט זיך אָנהויבן א פּראָצעס, מ'וועט אויספאָרשן עדות. און מאַק האָט געענטפערט :

— די פיש זענען אויך נישט מיינע, שוין פאַרקויפט א סוחר.

בענאַני האָט זיך אײנגאַנצן אויסער זיך געכאַפּט פאַר זײן גריווע און גענומען גוואַלדעווען:

— האָט איר, הײסט עס, להלוטין קײן שום אײגנס נישט אויף דער וועלט?

— נו, אין דעם וועל איך דיר קײן חשבון נישט אָפּגעבן, — האָט מאַק אויסגעמיידט צו ענטפערן — דו קאָנסט בײ מיר פאָדערן דײן געלט, און וועסט עס באַקומען. בכן, פאָדערסטו עס אין אַ זעקס-חדשימדיקן טערמין?

און כדי צו מאַכן דערצו אַ סוף, האָט בענאַני געענטפערט:

— יאָ.

מאַק האָט גענומען די פעדער און פאַרשריבן דעם טאָג. נאָכדעם האָט ער די פעדער אַוועקגעלײגט, געטון אַ בליק אויף בענאַנין און געזאָגט:

איך האָב נישט געהאָפט, אַז איך מיט דיר וועלן אויף אַזאַ אופן ענדיקן, האַרטנעקיגסטער.

בענאַני איז, אין תוך גערעדט, אויך געווען נישט זײער צופרידן, מיט דעם, ווי די זאַך האָט זיך אויסגעלאָזן.

— וואָס זשע, האָט איר געמײנט, דאַרף איך טון? איך בין אײנמאָל געווען אין אַ מיאוסער לאַגע און האָב מיך בשום אופן נישט געקאָנט אַרויספּלאָנטערן, דאָס ווײס איך זײער גוט. און איך בין זיך מודה, אַז איר האָט מיך אויפגעהויבן, מעג מען זאָגן, פון דער ערד...

— איך האָב וועגן דעם אפילו נישט דערמאַנט, — האָט מאַק איבערגעריסן — דו האָסט וועגן דעם אָנגעהויבן אַלײן צו רעדן...

און מאַק איז צוגעגאַנגען צום פענסטער טראַכטן.

אָבער דאָ האָט זיך פאַר בענאַנין פּלוצלינג פאָרגעשטעלט זײן קלאָגעדיקע פאַרגאַנגענהײט. ער האָט זיך דערמאַנט יענע טעג, ווען ער האָט נישט געהאַט נישט קײן פריציש הויז, נישט קײן שפּײַבלער, נישט קײן נעצן, די טעג, ווען מ'האָט וועגן זײן חרפּה הויך, אַז אַלע זאָלן הערן, פאָרגעלײענט פון קלויסטער-גאַניק, און מאַק פון סירילונד האָט צו אים אויסגעשטרעקט די

האַנט מיט הילף און צוריק געמאַכט פאַר אַ מענטשן. און ער האָט געזאָגט מיט אַ דערשלאָגענעם קול:

— יאָ, יאָ, אַבי נאָר איך זאָל צוריק באַקומען מיין געלט. איך וועל מיך מיט אייך נישט באַגיין ווי אַ וואָלף. דערצו האָב איך נישט קיינע סיבות. בזירוש קיינע נישט.

פּויזע. מאַק האָט זיך אויסגעדרייט און איז צוגעגאַנגען צו דעם שרייבטיש.

— דו האָסט זיך עפּעס דערוווסט וועגן הערינג, ווען דו ביסט געפאָרן אין די שבערן?

בענאַני האָט געענטפערט:

— ניין. דאָס הייסט הערינג איז שוין פאַראַן, אָבער ווייניק. איך האָב באַשלאָסן אַרויסצופאָרן מיט דער גרויסער נעץ.

— מיט גליק!

— פאַרבלייבט געזונט! — האָט בענאַני געווונטשן אַוועקגייענדיק.

# XVIII

— ס'איז דער צוועלפטער יוני, הייגט איז ראָזעס חתונה. יאָ, יאָ...

בענאַני האָט זיך פון אינדערפרי אָן געפונען אין אַ געהויבענער שטימונג. ער איז געווען שטיל און שוואַך און נישט באַרעדעוודיק. סזיען דעם וועכטער, וואָס האָט ביי אים געוווינט, האָט ער געגעבן אַן אַרבעט, וואָס ער וואָלט אַליין געקאָנט טון, אָן זייטיקער הילף.

בענאַני האָט אויסגעווישט די פּאָרטעפּיאַן און די זילבער זאַכן. אפשר אַוועקשיקן די דאָזיקע שיינע זאַכן ראָזען? ער אַליין דאַרף זיי דאָך שוין גאָרנישט האָבן, דאָס וואָלט אויסגעוויזן אַן ערך אַזוי, ווי אַ קעניג שיקט אַ באַרג טייערע מתּנות צו אַ קעניגין, און פאַר איין גאַנג וואָלט עס שוין פאַרשטאָפּט די מיילער אַלעמען, וואָס קלינגען איצט איבער דער סביבה, אַז בענאַני

הארטוויגסען איז רואינירט. לכתחילה האָבן נישט בענאָני גופא, נישט דעם לענסמאַנס שרייבער נישט געמאַכט קיין סוד פון דער נישטיקער היפּאָטעק אויף די פינף טויזנט דאָלער, און דער קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט, מגזם זייענדיק דאָס אומגליק און אָננעמענדיק פאַר פאַרפאַלענע אויך דעם שפּייכלער און אַלע נעצן. בענאָני האָט ווידער גענומען אַלעמען חושד זיין; אים האָט זיך געדאַכט, אַז די אַלטע חברים האָבן אָנגעהויבן באַגיין זיך מיט אים פרייער, און זיי רופן אים שוין נישט הארטוויגסען. אָ, ביי אים וועלן נאָך קלעקן מיטלען צו שענקען ראָזען די אַלע טייערע חפצים.

אָבער צי וועט זי צונעמען די מתנה?

יעדנפאַלס וואָלט ער איר געקאָנט אַוועקשיקן דאָס זילבער. מיט סענטימענטאַלער ווייכקייט האָט ער זיך פאָרגעשטעלט ווי די דאָזיקע רייכע מתנה וועט ביי ראָזען אַרויסרופן טרערן אויף די אויגן, און זי וועט זאָגן: „אָ, בענאָני, ס'אַ שאָד, וואָס איך בין דיר נישט געטריי געבליבן!"

אָט האָט זי דאָך אים נישט אָפּגעשיקט צוריק דעם רינג מיטן צלם, ווי זי האָט געזאָגט. אפשר וועט זי זיי טאַקע איבערלאָזן ביי זיך אויס ליבשאַפט צו אים. אפשר קאָן מען איר אַוועקשיקן באָטש יענע לעפל מיטן גאָפּל, וועלכע ער האָט אָפּגעלייגט פון אירעטוועגן אין אַ באַזונדער פּאַפּיר?

ניין, זיכער, זי וועט גאָרנישט נישט נעמען.

בענאָני האָט זיך אַוועקגעשלעפּט קיין סירילונד אַן אומעטיקער און אַ צעטראָגענער, האָט אין קלייט אויסגעטרונקען אַביסל בראָנפן מיט דעם אויסרייד, אַז ער פילט זיך עפּעס נישט אינגאַנצן געזונט, און האָט זיך אומגעקערט אהיים. גוט שיכורלעך האָט ער אַרויסגענומען דעם תהילים, נאָר אויס מורא, אַז סוען דער וועכטער וועט דערהערן זיין הויכן זינגען, האָט ער זיך באַנוגנט נאָר מיט לייענען, אָבער פון דעם האָט ער קיין פאַרגעניגן נישט געהאַט. ביי אַ רגע איז ער געשטאַנען אויף דער פאַרטאַכטער וועראַנדע, קוקנדיק פון די פענסטער, נאָר סיי ער האָט געקוקט אין די בלויע, סיי אין די געלע, סיי אין די רויטע שויבן,

האָט ער אַלץ געזען נאָר די טויבן, וואָס האָבן זיך געאיבט אין זייער איינפאַכער קונסט איבער דער וואַנט פונם שפּייכלער. אָך, נישט אַזוי האָט ער זיך אויך פאַרגעשטעלט די גלעזער און די טויבן, וואָס ער האָט אויסגעטראַכט צוליב ראָזען!..

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין דער ריכטונג צו די בערג. פון פאַרנט אויף אַ געוויסן מרחק פון אים איז געגאַנגען דער משגיח פונם לייבטטורעם שענינג, אַן איינגעהויקערטער און אַ מאָגע־רער, גלייך ווי צעגאַגטער פון אומגעהויערער נויט. ער איז אויך אַרויס וואַנדלען אַביסל איבער די בערג, צוהערנדיק זיך צו די געשרייען פון די ים־פייגל און באַטראַכטנדיק ווען נישט ווען די געוויקסן, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן וועג. קעגן יעדער געוויגס־היים האָט ער זיך געגריסט מיט בענאָנין און זיך אפילו אַריינגע־לאָזן אין אַ שמועס.

— איר, הארטוויגסען, זענט אַ מענטש אַ רייכער, איר וואָלט געדאַרפט אָפּקויפן די־אָ בערג. — האָט ער געזאָגט.

— קויפן די בערג? איך האָב זיי אַזוי אויך גענוג. — האָט בענאָני געענטפערט.

— ניין, נישט גענוג. איר וואָלט געדאַרפט אָפּקויפן די גאַנ־צע בערגקייט ביזן סאַמע קהלשן וואַלד.

— און וואָס וואָלט איך מיט איר געטון?

— זי האָט אַ גרויסן ווערט.

— טאַקע באמת אַ גרויסן ווערט?

— די דאָזיקע בערג זענען פול מיט בליי־אַרץ.

— עט, אַרץ! — האָט זיך בענאָני אָפּגערופן מיט גרינג־שעצונג.

— יאָ, אַרץ. אַרץ אויף אַ מיליאָן. אין דעם דאָזיקן אַרץ איז פאַראַן פול זילבער.

בענאָני האָט קרום אַ קוק געטון אויף דעם אויפזעער און האָט אים נישט געגלויבט.

— פאַרוואָס־זשע קויפט איר זיי אַליין נישט?

דער אויפזעער האָט אַ שמייכל געטון מיט אַ פאַרבלאָזן שמייכל און אויסגעגלאָצט די אויגן אין רוים אַריין.

— ערשטנס, האָב איך דערויף נישט קיין מיטלען. און צווייטנס — דאַרף איך זיי נישט האָבן. אָבער איר וואָלט עס גע־דאַרפט טון. ביי אייך איז דאָס גאַנצע לעבן פאָרויס.

— אָבער איר זענט נאָך אויך נישט אַזוי אַלט.

— אָ, ניין, אגב, צו וואָס טויג מיר מער ווי איך האָב? איך בין אַן אויפזעער אויף אַ לייכט־טורעם פון דער פערטער קאַ־טעגאָריע. דאָס, וואָס איך באַקום, קלעקט מיר פונקט דערויף, אַז איך זאָל נישט שטאַרבן פון הונגער, און מער זענען מיר נישט ווערט.

בענאָני האָט פלוצלינג געפרעגט:

— און מיט מאַקן האָט איר וועגן דעם נישט גערעדט?

דערויף האָט דער אויפזעער מיט פאַראַכטונג געענטפערט בלויז צוויי ווערטער:

— מיט מאַקן!

נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק צוריק איבער די בערג.

גייענדיק אין דער אַנטקעגנדיקער זייט, האָט בענאָני גע־טראַכט:

— דאָס איז גוט, וואָס די בערג זענען אינעווייניק פול מיט זילבער. זיי געהערן צו אַראָנען פון די בערג. ער משפט זיך איצט מיט אַ פישער פון די ווייטע שבערן דערפאַר, וואָס יענער האָט נישט געפרעגטערהייט גענומען זיין שיפל, און משפטן זיך קאָסט נישט ביליק. אַגומלט האָט ער אַוועקגעפירט זיין קו צום אַדוואָ־קאַט אויף דעם קירך־שמשס הויף. יאָ, יאָ, ניקאָלאַי האָט היינט חתונה, וועט די קו צונויף קומען אי פאַר אים, אי פאַר ראָזען...

אויף אים איז אָנגעלאָפן אַ שטראָם זכרונות וועגן ראָזען. ער איז אַראָפּ אין קהלשן וואַלד, זיינע אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן, און אויף גאָרנישט נישט געקוקט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון סאַמע ביים וועג, איינגענורעט דעם פנים אין גראָז.

— צי דען האָב איך מיך געפירט נישט אַזוי ווי מען דאַרף, זאָג מיר? צי דען בין איך מיך מיט דיר באַגאַנגען אין אַלע הינ־זיכטן נישט אַזוי פאָרזיכטיק און איידל, אַז כ'זאָל דיר, חס־ושלום

נישט פאַרשאַפן קיין ווייטיק? אָ, גאָט, גאָט, זיי צו מיר גנעדיק!
— באָררע עקעד!
ווידער דער דאָזיקער לאָפּאַר גילבערט. שטענדיק דרייט ער זיך אַרום הין און צוריק איבער דעם קהלשן וואַלד, ווי אַ שיפל פון אַ וועבער, לאָזנדיק נאָך זיך שלייפן און פעדעם אין די דערפער אויף ביידע זייטן פון דעם בערג-קייט.
— איך האָב מיך דאָ צוגעזעצט אַביסל אָפּרוען, — האָט בענאָני אַ פאַרשעמטער געזאָגט — ס'איז אָנגענעם צו הערן, ווי די אָסינעס שעפּטשען זיך.
— און איך גיי פון אַ חתונה, — האָט גילבערט געזאָגט — כ'האָב דאָרט באַגעגנט באַקאַנטע.
— ביסטו, מסתמא, אין דער קירך אויך געווען? — האָט בענאָני געפרעגט.
— געווען אין דער קירך אויך. אַ גרויסאַרטיקע חתונה! מאַק איז אויך געווען.
— נו, אוודאי.
— פריער איז געקומען צו פאָרן דער חתן רייטנדיק.
— רייטנדיק?
— און נאָכדעם די כלה אויך רייטנדיק.
בענאָני האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אַהין און אַהער. יאָ, דאָס איז גרויסאַרטיק.
— זי האָט געטראָגן אַ ווייסן שלייער, שיר נישט ביז דער ערד.
בענאָני האָט זיך טיף פאַרטראַכט. „יאָ, איז אַ סוף צו אַלץ. אַ ווייסער שלייער... יאָ, יאָ...” נאָכדעם איז ער אויפגעשטאַנען און איז צוזאַמען מיט דעם לאָפּאַר אַוועק אין דער ריכטונג צו זיין הויז.
— יאָ, יאָ, נאָר מילא, איך און בענאָני וועלן זיך שוין דערמיט אַן עצה געבן! — האָט ער געזאָגט — קום, לאָמיר אַריינגיין צו מיר.
— אַ דאַנק, צו וואָס זאָל איך אייך גלאָט די צייט פטרן אומזיסט.

בענאַני האָט אַרויסגענומען בראָנפּן און אָנגעגאָסן פאַר גיל־בערטן אַ קעלישעק.

— צו וואָס טוט איר עס? אַן עברה. — האָט יענער גע־זאָגט.

— איך בין דיך מכבד לכּבוד דער גרויסער נייעס, — האָט בענאַני געזאָגט מיט צימערנדיקע ליפּן — איך ווינטש איר אַלדאָס גוטס! — האָט ער צוגעגעבן.

גילבערט האָט אויסגעטרונקען, אַרומגעקוקט זיך איבערן צי־מער און אויסגעדרוקט זיין פאַרוואונדערונג, וואָס עס זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע ווילן נישט וווינען אין אַזאַ הויז, ווו עס איז פאַ־ראַן אַזויפיל עשירות.

בענאַני האָט דערויף געענטפערט, אַז ער האָט זיך איינגע־אָרדנט אַזוי, ווי עס איז מעגלעך פאַר אַזאַ קבצן, ווי ער. ער האָט גילבערטן באַוויזן דעם פּאָרטעפּיאַן און דערקלערט, אַז דאָס איז אַ מוזיק־אינסטרומענט, באַוויזן דאָס אַרבעט־טישל, וואָס איז באַ־לייגט מיט זילבער און מיט שוואַרץ האָלץ, נאָכדעם אַרויסגעשלעפּט דאָס זילבער אויך.

— איך האָב דערפאַר באַצאָלט הונדערט דאָלאַר. — האָט ער געזאָגט.

גילבערט האָט לאַנג געשאָקלט מיטן קאָפּ און ווידער נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי זאָגן זיך עס מענטשן אָפּ פון אַזאַ פּראַכט. לסוף האָט ער געזאָגט:

— אַן אויסזען האָט זי אין קלויסטער געהאַט נישט קיין פּרייזלעכן.

— ראָזע? ס'קאָן נישט זיין.

— ניין, ס'האָט אויסגעוויזן, אַז זי האָט חרטה.

בענאַני איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אויסגעגלייכט אַנטקעגן גילבערטן ווי גרויס ער איז און געזאָגט:

— זעסטו אָט דעם רינג? מער זאָל ער אויף דער האַנט נישט זיין צו פאַרביטערן מיין לעבן.

ער האָט אַראָפּגענומען דעם רינג פון דער רעכטער האַנט און אָנגעטון אויף דער לינקער.

— דו האָסט געזען וואָס. איך האָב געטון?
גילבערט האָט פּייערלעך געענטפערט
— יאָ.
נאָכדעם האָט בענאָני געכאַפּט דעם לוח און געזאָגט:
— זע: דו זעסט אָט-דעם-אָ שטריך? אָט מעק איך אים אויס. איך מעק אויס דעם טאָג פון הייליקן סילוועריוס.
— פונם הייליקן סילוועריוס, — האָט גילבערט איבערגעחזרט.
— דו ביסט געווען דער עדות. — האָט בענאָני געזאָגט.
אַז דאָס איז אָפּגעטון געוואָרן, האָט בענאָני מער נישט געהאַט מיט וואָס אונטערצוהאַלטן אין זיך די פייערלעכע שטי-מונג, און האָט זיך פאַרטיפט אין שווייגן...
גילבערט איז אַוועק קיין סירילונד, אין קלויסט, און האָט דאָרט דערציילט וועגן דער חופּה. קיינמאָל האָט מען נישט געזען אַזאַ פּראַכט, האָט ער געזאָגט, דער ווייסער שלייער האָט זיך געשלעפּט איבער דער ערד. און די כּלה האָט טאַקע באַ-קומען, וואָס זי האָט געוואָלט, און געשיינט פאַר גליק. מאַק אַליין איז אויך געווען אין קירך.
געענדיקט מיט סירילונד, איז גילבערט אַביסל שפּעטער אַוועק צו דעם קירך-שמשס הויף. דאָס יונגע פּאָר-פּאָלק איז געקו-מען צופאָרן ערשט אָוונט-צייט, ראָזע איז געפאָרן רייטנדיק, אָבער דער יונגער אַרענטסען האָט זיך מיטן זאָטל אָנגעריבן אַ פוס און האָט זיך מיט אַ קלאָגעדיקן אויסזען געשלעפּט צו-פוס, פירנ-דיק דעם פערד פאַרן צוים. דער אָוונט איז געווען אַ ליכטיקער און אַ וואַרעמער. די זון האָט נאָך נישט אַראָפּגעלאָזן זיך, נאָר די ים-פייגל זענען זיך שוין פונאַנדערגעפלויגן רוען אין די נעסטן.
גילבערט האָט ווידער אַראָפּגענומען דאָס היטל פאַרן יונגן פּאָר-פּאָלק. ראָזע איז דורכגעפאָרן ווייטער, אָבער דער יונגער אַרענטסען האָט זיך אָפּגעשטעלט און איבערגעגעבן דעם פערד גילבערטן. ער איז געווען מיד און זייער בייז.
— הער, אַקאָרשט, נעם די דאָזיקע חיה און פיר זי אַביסל אונטער. איך האָב זי גענוג געשלעפּט.

— איך בין געווען אין דער קירך, און האָב איך געזען. — האָט גילבערט געזאָגט.

דער יונגער אַרענטסען האָט בייז געענטפערט:

— איך בין אויך געווען אין דער קירך און געזען די חופּה, כ׳האָב מיך בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסמאַכן.

אָט אַזוי האָבן ראָזע און דער יונגער אַרענטסען געמאַכט דעם אַריינפאָהר זייערן אין דעם שמשס הויז, ווו זיי האָבן גע־זאָלט וווינען...

אין עטלעכע טעג אַרום איז בענאָני אַרויסגעפאָרן מיט דער גרויסער נעץ און מיט אַלע זיינע אַרבעטער. דער גלויבן אין זיין מזל איז געווען אַזוי גרויס, אַז צו אים זענען געקומען מעלדן זיך אַסאַך מער מענטשן, איידער ער האָט געדאַרפט.

סווען דער וועכטער איז געפאָרן אַלס אַן אייגענער שטענ־דיקער אַרבעטער ביי דעם באַלעבאָס פון דער נעץ.

## XIX

די זון האָט געשיינט אין הימל אַן אויפהער ביי טאָג און ביינאַכט. פאַר דער לאַנגער צייט, וואָס ער איז נישט געווען אין דער היימישער געגנט, האָט זיך דער יונגער אַרענטסען אָפּ־געוווינט פון דער ביינאַכטיקער זון. ער האָט אָנגעהויבן ליידן אויף שלאָפלאָזיקייט, און בשום אופן נישט געקאָנט דערגרייכן, אַז אין שלאָפצימער זאָל זיין גענוג טונקל, דערצו איז נאָך גע־ווען אַ צוגאָב, וואָס דער פאָטער זיינער, דער אַלטער קירך־שמש, איז קראַנק געוואָרן, און איז געלעגן אין אַנטקעגנדיקן צי־מער, אַריבער דעם קאָרידאָר, און דער זון האָט די גאַנצע צייט געהערט זיין אָכצן און קרעכצן, הגם צווישן איז געווען אַ קאָרידאָר. ער פלעגט אויפשטיין, אָנטון זיך און אַוועק פון שטוב. און ראָזע איז געבליבן אין בעט און איז געשלאָפן מיט אַ געזונטן רויקן שלאָף, איבערגעדעקט מער נישט ווי מיט אַ לײלעך, צוליב דער הייסער זומערדיקער נאַכט.

איצט, שניט-צייט, האָט שוין דער אַדוואָקאַט נישט געהאַט אַזוי פיל אַרבעט אין דער קאַנטאָר, אַזוי ווי אין פרילינג, אין אָנהויב האָט ער געהאַט צוגעפּאַסט ראָזען אַלס אַ געהילפין, אַרויפ-וואַרפנדיק אויף איר די לאַנגע און לאַנגווייליקע איבערשרייבעכץ, אָבער איצט האָט ער שוין געקאָנט אויסקומען אַליין אויך, אַר-בעט איז געווען זייער ווייניק, זינט דער טינג איז פאָרגעקומען האָט ער געדאַרפט צונויפשטעלן נאָר עטלעכע פּאַפּירן צום פרידנס-געריכט. און די פולע גרויסע פּראָצעסן, וואָס דער טינג האָט נישט אַנטשידן, האָבן אַלע איצט געוואַנדערט פון געריכט צו געריכט, און אַליין געאַרבעט לטובת דעם אַדוואָקאַט אַרענט-סען. אים איז געבליבן נאָר הנאה האָבן פון לעבן און עולה רגל זיין פון צייט צו צייט צו מאַכן אין שענקל.

דער פּסק-דין אין דעם פּראָצעס פון גיו טרעוועליאַן מיט לעוויאָגען פון טאָרפּעלוויקן איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן. דער דאָזיקער משפּט האָט אַרענטסענען געקאָסט פיל מי. לאָזנדיק זיך אַריבער דער בערג-קייט צו דער חופּה, האָט ער געמוזט מאַכן אַ גרויסן קרייז און אַראָפּפאָרן אויף דעם באַרימטן אָרט פון דעם לאַקס-פאַנג, כּדי אויסצומעסטן די ברייט פון דעם טייך ביים וואַסערפאַל. ער האָט מיט זיך געהאַט צוויי עדות. דערזען אויפן אַנטקעגנדיקן ברעג סער גיו, ווי ער שטייט מיט דער ווענטקע, האָט ער צו אים אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, ווי צו אַ באַקאַנטן און אַראָפּגענומען דעם הוט. אָבער דער גוטער ענג-לענדער איז געשטאַנען מיט קרימיש אומגעשטערטער רויקייט און האָט נישט געענטפערט אויף דעם גרוס. ווען דאָ וואָלט געווען ראָזע, וואָלט זי דערפון געהאַט גרויס צער. אַ פאַרשעמ-טער און אַ צערייצטער, האָט אַרענטסען זיינע מענטשן געהייסן מעסטן זייער געניו. אָבער דער טייך האָט ווי פריער געהאַט בלויז צוועלף קלאַפטער אין דער ברייט.

— די ברייט איז פאַר מיר גאָרנישט. — האָט אַרענטסען געזאָגט.

ער האָט זיך צוגעקוקט צו סער גיוען, און האָט אויפן אויג אָפּגעשאַצט, אַז דאָס שווימערל פון זיין ווענטקע ליגט צו

לעוויאַנס ברעג נענטער, איידער צו מארעליוסעס. ער האָט גלייך אָנגעשריבן אַ הוספה צו זיין ערשטן באריכט און עס אָפּגעשיקט דורך דער פּאָסט.

איז אראָפּגעקומען דער פּסק-דין. דאָס וואָס ער האָט באַזוכט דעם אָרט, וועגן וועלכן ס'איז פאָרגעקומען דער משפּט, האָט קיין נוצן נישט געבראַכט: מען האָט צוגעמשפּט, אַז סער גיו דאַרף באַצאָלן אַזוי פיל, וויפל ער אליין האָט שוין פאָרגעלייגט אין דער אויסגלייך-קאָמיסיע, און קיין גראָשן נישט מער.

באַקומען אַ קאָפּיע פון פּסק-דין, איז סער גיו געקומען מיט עדות און געוואָלט באַצאָלן: „זיינט אַזוי גוט, אָט איז געלט". אָבער אויך דאָס מאָל איז דערפון גאָרנישט אַרויס צוליב לעוויאַנס גייציקייט.

— איר האָט דאָס רעכט צו כאַפּן פיש דערפאַר באַקומען אַזוי ביליק, ווייל איר האָט עדוואַרדען באַזונדער געצאָלט, — האָט ער געמאָלדן — אָט האָט זי איינגעלייגט ביי מאַקן גאַנצע פינפאונצוואַנציק דאָלאַר.

סער גיו האָט נאָכאַמאָל פאָרגעלייגט געלט, האָט באַקומען אַן אָפּזאָג און איז אַוועק.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם פּסק פון דער דאָזיקער נידעריקער אינסטאַנץ, איז נאָך דער פּראָצעס נישט געווען פאַרשפּילט, סער גיוס לאַקס-פישעריי האָט זיך אַלץ דעם אַדוואָקאַט געדוכט פאַר אַ גוטן קוואַל פון פּרנסה. דער פּועל יוצא איז געוועז, אַז דער משפּט איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין אויבערגעריכט אין טראָנדיעם. אַדוואָקאַט אַרענטסען האָט געגרייט אַ פאַרניכטענדיקע אָנקלאַגע, אין וועלכער עס האָט געזאָלט אויף אַ געהעריקן אופן באַלויכטן ווערן אַ וויכטיקער אומשטאַנד: די באַציונג פון סער גיו צו דער טאָכטער פון דעם אַנטקעגנדיקן צד.

— אָבער דאָס וועט פאָדערן צו מאַכן וויניקער הוצאות פאַרויס. — האָט אַרענטסען געזאָגט.

— נו מילא, געוויס, אַן דעם קאָן עס דאָך נישט זיין. וואָס זאָל מען טון! וויפל זשע דאַרף מען איצט האָבן?

— הייגטיקס מאָל פיר דאָלער.

— קאָסט עס מיר טייער די גערעכטיקייט און דער משפט איבער דידאָזיקע רשעים!

— די גערעכטיקייט קאָסט קיינמאָל נישט צו טייער. — האָט אַרענטסען געענטפערט.

לעוויאַן פון טאַרפּעלוויקען האָט באַצאָלט און איז אַוועק.

— דער צווייטער!

אַראַן פון די בערג. זיין פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ נאַרישן שפּאַס. אַ יונגער פישער פון די ווייטע שכערן האָט איינמאָל ביידערנאַכט צוגענומען אַראַנס שיפל און איז אויף דעם פאַרפאַלן געוואָרן צווייַ מעת לעת. ווו זשע איז ער געווען די גאַנצע צייט? ביי זיין געליבטער. צוריקגעקומען מיטן שיפל, באַגעגנט דעם יונג אַראַנען, וועלכער האָט אים אַ סטראַשע געטון מיט דעם נייעם אַדוואָקאַט פון דעם קירך-שמשס הויף. דער יונג האָט זיך זייער פאַרוואונדערט, אַליין נעמען אַ פרעמד שיפל איז געווען גאָר אַ געוויינלעכע זאַך. און ער האָט לכתחילה אָנגענומען אַראַנס סטראַשונעק פאַר אַ פּשוטן שפּאַס, געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס דער יונגערמאַן האָט געמאָלדן: „גיי דיר צו אַלדע רוחות מיט דיין אַדוואָקאַט! זאָלסט זיך עס וויסן": אַראַן האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס, נו האָט עס אים אַריינגעטריבן און „הוצאות! איין קו האָט ער שוין אַוועקגעטריבן צו דעם שמש אין הויף פונקט איניטן זומער, ווען זי גיט מילך מער ווי אַלע מאָל. צו הערבסט צו וועט ער מסתמא דאַרפן פאַרקויפן אויף פלייש די צווייטע קו אויך.

— מיר קאָנען די זאַך אַזוי נישט לאָזן, — האָט אַרענטסען געמאָלדן, נאָכדעם ווי מען האָט דעם פּראָצעס פאַרשפּילט אין דער אונטערשטער אינסטאַנץ. — איך וועל אָנשרייבן אַ פאַרניכטנדיקן באַריכט אין קרייז געריכט און אַפּעלירן. נאָר דאָס דאַרף קאָסטן געלט.

— יאָ, יאָ, געלט, אַלץ געלט און געלט! — האָט אַראַן געוואָטשעט. — באַלד וועלן מיר שוין בלייבן אָן ברויט.

— אפשר וועט גאָט געבן, אַז דערצו וועט נישט דערגיין.

— און איר קאָנט מיר נישט העלפן פארקויפן די בערג? — האָט אראן געפרעגט.

— די בערג?

מען זאָגט, אַז זיי וועלן אמאָל ווערט זיין אסאך געלט, דער פּראָפעסאָר פון כריסטיאַניע שרייבט, אַז זיי האָבן בליי־ערץ מיט זילבער.

אדוואָקאַט ארענטסען האָט געענטפערט:

— קיין ערץ דארף איך נישט האָבן, נאָר פון זילבער וועל איך מיך נישט אָפּזאָגן, אראן!

דעמאָלט האָט אראן פון די בערג פארשטאנען, אַז זיין צווייטע קו איז אויך פארלוירן, האָט געחתמעט דאָס פּאַפּיר און איז אוועק...

אָבער זומער נאָך איז שוין ניקאָלאַי ארענטסען אַזוי אומעטיק געוואָרן, אַז ער האָט אָנגעהויבן רעדן מכּוח איינאָרדנען זיך אלס ריכטער ביי די פישער אויף די לאָפאָדען־אינזלען. וואָס וועט ער ווינטער טון אינדערהיים? און די דערפער פארבלייבן מער נישט, ווי די ווייבער און די קינדער, מ'וועט ערגעץ נישט קאָנען פארדינען קיין פערטל קראָן. ראָזע האָט גאָרנישט נישט געזאָגט קעגן דעם, הגם איר האָט אפשר אויסגעוויזן משונה, וואָס א יונגער באַלאַבעסל קאָן זיך גאָרנישט פּאַסיקערס צוטראַכטן, ווי סטארען זיך ביי דער ערשטער מעגלעכקייט צו פארלאָזן די היים. ראָזע האָט געהאָלפן אין דער ווירטשאַפט און אויפגעפּאסט אויף דעם קראַנקן שמש. דער אַלטער איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן מאָגערער, שוואַכער, און האָט נאָר געוואַרט אויף דעם סוף. זיינע פליכטן אַלס קירך־שמש האָט אויף זיך איבערגענומען דער שוללערער...

אין סירילונד איז פאָרגעקומען די ענדערונג, וואָס דער אַלטער מאָנס איז פון זיין קעמערל אַריבערגעפאָרן אויפן בית־עלמין. איינמאָל האָט מען אים געפונען אויף זיין געלעגער ווי געוויינלעך מיט א שטיקל ברויט פארדריקט אין האַנט און מיט אַן אויסדרוק פון זאַטקייט אין געזיכט.

מאַנס האָט שוין פיל יאָרן כּמעט נישט גערירט זיך פון

אָרט, אַזוי אַז עס איז אַביסל שווער געווען גלייך צו באַשטימען, צי האָט ער שוין אינגאַנצן אַרויסגעהויכט די נשמה. אַז מען האָט געפרעגט ביי פרידעריק מענזאָן, וואָס איז געלעגן אין דעם צווייטן בעט: „אפשר שלאָפט נאָר מאָנס?" האָט פרידעריק מענזאַ נאָר איבערגעחזרט ווי אַלע מאָל: „שלאָפט?" אַזוי איז מאָנס גע־בליבן ביז דעם צווייטן פרימאָרגן. אָבער ווײַבאַלד, אַז ער האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעגעסן זיין שטיקל ברויט, איז שוין געווען קלאָר, אַז ער איז טויט.

פרידעריק מענזאַ האָט פון זיין בעט צוגעקוקט, ווי מען פירט אַריבער זיין אַלטן חבר. דאָס האָט אים ווי ס'שיינט גאָר־נישט באַאומרויקט. ער האָט זיך דאָך צייטנווייז אַריינגעמישט אין דעם, וואָס דאָ קומט פאָר מיט עטלעכע ווערטער, פון וועלכע די אַרומיקע האָבן גאָר פאַרשטאַנען: „קרא, קרא, זאָגן די ראָבן. מיטאָג? האַ־האַ־האַ..."

דער הערבסט איז נאָענט געווען. די אָסינעס אין וואַלד זע־נען געל געוואָרן. מאַקס שטאָק־פיש האָבן זיך אויסגעטריקנט. אַראָן דער פישער האָט זיי שוין אַוועקגעפירט קיין בערגען אויף דעם זעגל־שיף. די רויגן־לאַקסן אין טייך זענען מאָגער געוואָרן ביז גאָר. די זומערדיקע שפילן זייערע האָבן זיך געענדיקט, און סער גיי טרעוועליאַן האָט צונויפגעלייגט זיין ווענטקע און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים קיין ענגלאַנד, צוזאַגנדיק זיינע באַלעבאַטים אין טאָרפּעלווי־קען און עדוואַרדען אומצוקערן זיך אין פרילינג. איצט האָט מען געשניטן קאָרן, און מען האָט שוין אָנגעהויבן גראָבן קאַרטאָפל אויף די פּאַסן, וואָס זענען געלעגן צו דער שיינער דרומדיקער זון. אַלץ איז געגאַנגען מיט דעם געוויינלעכן וועג.

אויך בענאָני האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים מיט דער גרויּ־סער נעץ און מיט דער גאַנצער חברה. ער האָט קיין סטאַדע פיש נישט געכאַפּט. אָבער אַזוי ווי ער האָט אָנגעטראָפן אַ גוטן אָרט, ווו ס'איז געווען אַ היפּש ביסל הערינג, וואָלט ער דאָרט מיט פאַרגעניגן פאַרבליבן נאָך עטלעכע וואָכן, כדי נישט דורכצו־לאָזן די ווינטערדיקע הערינג. אָבער די צייט פונם וואַרטן וואָלט צו טייער געקאָסט דעם באַלעבאָס פון דער נעץ, וועלכער האָט

נאָך חוץ אַלעמען געהאַט אַ שטענדיקן אַרבעטער אויף געהאַלט. דערצו האָט זיך ביי דער מאַנשאַפט געענדיקט די שפּייז, און מען האָט מער נישט געוואָלט וואַרטן. דעריבער האָט זיך בענאָני אַוועקגעלאָזן אַהיים, מאַטערנדיק זיך ווי פריער מיט דער מעלאַנכאָליע אין קאָפּ.

דער איינציקער, וואָס איז געבליבן ביי דעם פריערדיקן גוטן הומאָר איז געווען סווען דער וועכטער. אגב, האָט ער קיינע סיבות נישט געהאַט צו זיין פאַרדאַגהט. דעם גאַנצן זומער האָט ער פּינקטלעך באַקומען געהאַלט, בשעת אַנדערע האָבן נאָר גע־מאַכט הוצאות, און איצט האָט ער זיך חוץ אַלעמען נאָך געפריייט, וואָס ער קערט זיך אום אויפן אַלטן טייערן אָרט. אין דעם ערשטן אָוונט איז ער שוין אַוועק קיין סירילונד, אונטערגעהיט עלען דאָס שטוב־מיידל, מיט איר באַגריסט זיך און אָנגערעדט זיך, וויפל דאָס האַרץ גלוסט. צוליב איר איז ער גרייט געווען ווידער אָנצוקומען צו מאַקן, שטיין פאַר אים אָן אַ היטל און בעטן, ער זאָל אים דערלויבן צו פאַרבלייבן. וואָס וועט דערויף מאַק זאָגן?

— איצט איז מאָנס געשטאָרבן, און פרידעריק מענזאַ שטייט נישט אויף. מסתמא, מוזסטו אַליין שפּאַלטן האָלץ? — האָט סווען געפרעגט ביי זיין געליבטער.

— יאָ, ס'קומט אויס.

— הממ... ער נעמט נאָך אַלץ זיינע וואַנעס?

עלען דאָס שטובמיידל האָט זיך פאַרקרימט.

— די וואַנעס? יאָ.

— איז ווי, ער וועט זיך באַלד ווייטער חאַשן?

— איך ווייס נישט, דאַכט זיך, יאָ, היינט אין אָוונט.

— איך קאָן מער נישט בלייבן ביי האַרטוויגסענען, — האָט סווען געזאָגט — איך האָב באַקומען געהאַלט דעם גאַנצן זומער, און ער האָט אַזוי פיל עגמת נפש, וואָס ער האָט קיין איין סטאַ־דע פיש נישט פאַרנומען.

— מען זאָגט, אַז ער איז גאָר רוּיִנירט, — האָט עלען געזאָגט.

סווען דער וועכטער האָט שנעל און אויפגעבראַכט געענטפערט:

— זיי ליגן אלע, די וואָס רעדן עס! בלויז גנבים און רמאים קאָנען אזוי רעדן. הארטוויגסען איז א רייכער מענטש. אָט וועט ער אין עטלעכע חדשים אַרום באַקומען זיין געלט.

— יאָ, יאָ. — האָט עלען נאָר געענטפערט אויף זיין היצן זיך.

אָבער אינדעראמתן איז ביי סוועגען איצט דער קאָפּ גע־ווען פאַרנומען מיט איין זאַך:

— איז אָט וואָס, אלץ הענגט איצט אָפּ דערפון, צי וועל איך דאָ קאָנען פאַרבלייבן. אפשר וואָלסטו געקאָנט בעטן מאַכן?

— איך וויים נישט. דו מיינסט דאָס וועט זיך איינגעבן?

— פאַרוואָס דען נישט? ווען דו וועסט אים היינט אינאָווגט באָדן, זעסטו... די מעשה איז, וואָס איך האָב מיך דאָ איינגע־לעבט, און אז איך זאָל מיך אפילו זעצן אויפן דאַמפּער, וועט מיך אלץ איינס תיכּף ווידער נעמען ציען אהער. איך וויים נישט, וואָס מיט מיר טוט זיך אזוינס, עפּעס מאָדנע... גיב מיר דיינע הענטלעך...

די שמאָלע הענטלעך זענען געווען אַזעלכע קליינינקע, ווי ביי א קליין מיידעלע, די פינגערלעך אַזעלכע שוואַכינקע, גלייך ווי הונגעריקע, גלייך ווי בכיוון באַשאַפענע, אז סוועגן זאָל זיי קאָנען באַהאַלטן אין זיינע גרויסע הענטיילעס. ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך, אויפגעהויבן אויף די הענט, פּאַמעלעכקע אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד און לאַנג געקושט. נאָכדעם האָט ער דאָס זעל־ביקע געטון נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

— עלען! וויפל מאָל האָב איך דעם דאָזיקן נאָמען אַרויס־גערעדט פאַרן זומער! — האָט ער געזאָגט, — רעד מיט אים היינט אינאָווגט, ווען דו וועסט אים גיין באָדן, — האָט סוועגן ווייטער גע־זאָגט — ווען דו וועסט אים רייבן דעם רוקן. זאָג, אז איך האָב מיך צוריקגעקערט, אז איך בין דאָ, און אז ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל שפּאַלטן האָלץ. דו קענסט דאָך אים גוט, וועסט שוין וויסן ווי צו רעדן. סטאַרע זיך נאָך אויסקלויבן א רגע, ווען ער איז

אויפגעלייגט, און ברענג אים נישט אריין אין כעס. עלען, עס איז מיר אזוי א שאָד וואָס דו דאַרפסט אים בעטן, נאָר וואָס־זשע זאָלן מיר טון?

— איך וועל מיך פּרוּוון בעטן אים היינט אינאָוונט. — האָט זי געענטפערט.

בענאָני איז אַוועק קיין סירילונד און האָט באַגעגנט סוועין דעם וועכטער.

— דו האָסט גאָר פון מיר נישט געדאַרפט אַוועק, — האָט בענאָני געזאָגט, מאַכנדיק אַן אָנשטעל — דו ביסט מיר אַלעמאָל נויטיק געווען אויף פאַרשידענע זאַכן. אפשר וועסטו כאָטש קומען אויסקערן דעם קוימען ביי מיר אין הויז?

— אַלעמאָל, ווען איר וועט נאָר הייסן.

— מיין אַרבעטאָרין באַקט און קאָכט אַזוי, אַז דער קוימען איז אינגאַנצן פאַרוואַקסן. ווי זשע, דו בלייבסט דאָ?

סוועין דער וועכטער האָט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ. יאָ, אזוי האָט זיך עס געמאַכט. מאַק האָט אויסגעהערט זיין בקשה, האָט א רגע א טראַכט געטון און לסוף געזאָגט: — „קאָנסט פאַרבלייבן."

— פּשוט ווי אויף צו להכעיס, — האָט בענאָני געזאָגט — איך האָב אזויפיל אַרבעט! מען דאַרף עפּעס וואָס אויספאַרבן, — האָט ער זיך ווייטער באַרימט — איך וועל מיך דאָך אַליין נישט גיין שמירן!

בענאָני האָט געהאַט פיל סיבות צו האָבן פאַרדרוס. דער דאָזיקער ערגייציקער מענטש האָט קוים באַוויזן אומצוקערן זיך אהיים, האָט ער שוין באַמערקט, אַז דער עולם קוקט אויף אים, ווי אויף א באַנקראָט. מען האָט אויף אים רחמנות געהאַט. בענאָני איז בכלל נישט געווען קיין שלעכטער שכן, און נישט קיין שלעכטער מענטש, צו וועלכן מען קאָן זיך נישט ווענדן נאָך הילף, אָבער איצט האָט ער פאַרלוירן זיין עשירות, און מען האָט אפילו געמורמלט, אַז ער האָט פאַרזעצט זיינע בנינים. דערצו האָט אים נאָך דער פישערישער מזל פאַרראַטן. פאַרן גאַנצן זומער האָט אים נישט געלונגען צו כאַפּן קיין איין סטאַדע הערינג. א זודיקער

צאָרן האָט בענאָנין אָנגעבאַפּט יעדעס מאָל, ווען די דאָרפסלייט האָבן אים לויט דער אַלטער געוווינהייט אָנגערופן פשוט בענאָני. און סטען דער קלייט-משרת, וועלכער האָט געהאַט פאַרוואָס אָן אים זיך נוקם צו זיין נאָך פון פאַראַיאָרן ווייַנאַכט, האָט אים חוצפהדיק געזאָגט אפילו „דו".

— ווּעמען דוצסטו דאָס? — האָט בענאָני בייז געפרעגט — איך דאַט דיר נישט נאָכאַמאָל צו טון אַזוי.

— נישטאָ וואָס צו פאַררייסן די נאָז און מאַכן אַן אָנשטעל פון אַ קו, ווען מען איז אינגאַנצן אַרום און מער נישט ווי אַ קעלבל. — האָט סטען דער קלייט-משרת געענטפערט.

אָט ס'אַראַ שאַרפע צונג דער דאָזיקער סטען האָט געהאַט!

— נו, וואַרט אָקאָרשט, אָט וועט דיר מאַק אַליין זאָגן אַזאַ וואָרט! — האָט בענאָני געסטראַשעט.

און ער איז אַוועק צו מאַקן אין קאַנטאָר.

מאַק איז געשטאַנען ביים פולט, ווי פריער, אין אַ געקראָ-כמאַלעטער מאַנישקע מיט אַ בריליאַנטענער נאָדל, מיט געפאַרבטע האָר פון קאָפּ און פון באָרד. אין זיין אויסערלעכקייט איז נישט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונג. אין דער צייט, וואָס די רכילותן האָבן אַזוי געפרעסן בענאָנין, האָבן זיי מאַקן פון סירילונד אפילו נישט אָנגערירט, און ער איז אַלץ געווען דער זעלביקער רייבער וויכטיקער פריץ. ער האָט ביי בענאָנין אָפּגענומען דאָס געלט, כדי צו מאַכן מיט זיי געשעפט, — נו, יאָ, יאָ, אַ גליטשיקער און אַ פלינקער, ווי אַ פישל איז ער אין געשעפט... האָט זיך נישט אָפּ-געזאָגט פון איבעריקע פינף טויזנט דאָלאַר! צי האָט אָבער עמע-צער געהערט, אַז ער זאָל באַגזלענען עפּעס אַן אָרעמע פישער-משפחה, און אַראָפּלאָזן איר געלט צו זיך אין קעשענע אַריין? ער איז נישט געווען אַזאַ מענטש.

— נו, — האָט מאַק געזאָגט צו בענאָנין — היינטיקס מאָל האָט דיר נישט אַזוי אָפּגעגאָלטן?

— ניין.

— מילא, נישט אַלעמאָל קאָן דאָך אַזוי אָפּגילטן.

— ווען איך וואָלט נאָר געכאַפּט די גאַנצע הערינג, וואָס

איך האָב באַגעגנט! נאָר, מסתמא, איז מיר נישט באַשערט געווען.

— א צווייטן מאָל וועסטו האָבן מער מזל.

— איך האָב גערעכנט, אַז איר וועט וואַרטן אויף מיר מיט אָפּשיקן די פיש קיין בערגען. — האָט בענאָני געזאָגט.

מאַק האָט געענטפערט:

— איך האָב דאָך נישט געוווּסט אויף ריכטיק, ווען דו וועסט קומען, דו האָסט מיר געזאָלט שיקן א בריוו.

— יאָ, מסתמא, איז טאַקע בעסער, וואָס אַראָן דער טריקע-נער איז אַוועק מיטן זעגלשיף. ער וועט עס מאַכן בעסער פאַר מיר. איך האָב נאָר געהאָפט... צוליב מיין נארישקייט...

— ווען איך וואָלט געוווּסט, ווען דו וועסט קומען... איבע-ריקנס, איך בין גאָרנישט מחויב געווען אויף דיר צו וואַרטן. — האָט מאַק אים אָפּגעשניטן.

בענאָני האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט און גענומען רעדן וועגן די חשבונות. מאַקס גרויסער קרעדיטאָר האָט דערקלערט, אַז ער האָט פאַרן זומער גאָרנישט נישט פאַרדינט, אַזוי אַז ער קאָן איצט נישט באַצאָלן פאַר די חפצים, וואָס ער האָט ביי אים געקויפט.

ער איז געשטאַנען מיט אומגעוויינלעכער עניוות און האָט געבעטן, מען זאָל אים פּראָלאָנגירן דעם חוב.

— איך דריק דיך נישט. — האָט מאַק געזאָגט.

— וועט מען מוזן פּראָלאָנגירן, ביז וואַנען איר וועט מיר נישט באַצאָלן די פינף טויזנט. — האָט בענאָני געמאָלדן מיט דעם לעצטן ביסל זיכערקייט אין זיך.

— ווי דו ווילסט. איבעריקנס, איך קאָן ביי דיר גיין צוריק צונעמען מיינע אַלטע קאָסטבאַרקייטן. — האָט מאַק פאַרגעלייגט.

— איר ווילט זיי צוריקנעמען?

— יאָ, פאַר דער זעלביקער פּרייז. איך בענק נאָך די דאָ-זיקע חפצים.

בענאָני האָט א רגע געטראַכט. ווי קאָן אַזא באַנקראָט ווי מאַק פאַרלייגן אַזא מין עסק? און וואָס וועלן לייטן זאָגן, ווען בענאָני וועט אַרויספירן די דאָזיקע רייכע זאַכן פון זיין הויז?

„מסתמא האָט די נויט געטריבן". — וועלן אַלע זאָגן.

— יעדנפאַלס דאַרף איך אין שטוב אַן אינסטרומענט, און אַביסל איבעריק זילבער אויך. — האָט מאַק געזאָגט.

— איך ווייס נישט, לעת עתה איז נאָך ביי מיר די נויט נישט אַזוי גרויס, אַז איך זאָל פאַרקויפן מיינע חפצים. — האָט בענאָני געענטפערט.

— ווי דו ווילסט.

מאַק האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און גענומען זיך פאַר דער פעדער.

און בענאָני איז אַוועק אַהיים, דאַנקען גאָט, ער איז נאָך נישט דערגאַנגען צו אַזאַ נויט, אַז ער זאָל ביי מאַקן בעטן קרעדיט אין קלייט. ביי אים איז נאָך אין קאַסטן געווען באַהאַלטן אַ זעקל מזומן. אפשר איז דאָרט אפילו געווען נישט ווייניקער, איידער עס ליגט ביי מאַקן אין שקאַטולקע. און צו וואָסערע טייוואָלים פלוידערן מענטשן, אַז ער איז פלומרשט רוינירט? דאַנקען גאָט, אים וועט קלעקן אויף ברויט, און ווי צוצושפּאָרן דעם קאָפּ האָט ער אויך, העיהע, — ס'וועט אויף אַלץ קלעקן, אָט מאַקס גדולה — זי האַלט זיך שוין גראָד נישט אַזוי פעסט, כאָטש אפילו ער קלויבט זיך קויפן אַ נייע מוזיק מיט נייעם זילבער. ווו וועט ער דערויף נעמען געלט?

און בענאָני האָט ווידער אַ טראַכט געטון, אַז מאַק איז אַ גרויסער אַפעריסט, מיט וועלכן עס איז בעסער גאָר קיין עסקים נישט צו האָבן. אָט האָט ער בענאָנין איצט אפילו נישט פאַרגעלייגט צו פאָרן מיט דעם זעגלשיף אויף די לאָפאָדן־אינזלען אויפקויפן לאָדונג פאַר די דריי שיפן. ס'קאָן נאָך אפשר זיין, אַז אויך דאָס וועט ער איבערגעבן אַראָן דעם טריקענער?

ס'זענען אַריבער עטלעכע וואָכן, בענאָני האָט ווייטער נישט געהאַט וואָס צו טון, אַחוץ צו גיין זונטיק אין דער קירך אַריין.

## XX

אין סירילונד שטעבט מען חזירים. א האלביעריק חזירל איז שוין דערשטאָכן, אויסגערייניקט די אינגעווייד, און ער קאָכט זיך אין זוד. איצט האַלט עס ביי א יאָריקן, א שוואַרץ-און ווייס-געפלעקטן אומגעהייער מיט אייזערנע רינגען אין די נאָזלעכער. מיט דער ארבעט פארנעמען זיך עטלעכע מאנסביל און פרויען. דער עלטסטער פון די הויף-ארבעטער שטעכט, סווען דער וועכטער און אָלע-פויערל העלפן אים. און די קעכין מיט בראמאַפּוט-רען לויפן ארום הין און צוריק נאָך וואסער און נאָך זוד. פון דער מילכיקערין איז קיין נוצן נישטאָ. זי גייט נאָר ארום און באגיסט זיך מיט טרערן: עס איז איר א שאָד אויף די חיות, אַלע יאָר חזרט זיך מיט איר איבער די זעלביקע געשיכטע.

דער ארבעטער האָט אביסל מורא פאר דעם געזונטן חזיר. סווען דער וועכטער האָט געראָטן דערשיסן אים, ווי מען טוט ביי לייטן, אָבער די ווירטשאַפטערין האָט דאָס איינמאָל אויף אַלעמאָל פארבאָטן, כדי דאָס בלוט זאָל נישט גיין אין גיוועק.

— גייען מיר נאָך אים. — האָט דער עלטסטער ארבעטער געזאָגט, אָננעמענדיק זיך מיט מוט.

— גייען מיר. — ענטפערן סווען דער וועכטער און אָלע-פּויערל.

זיי לאָזן איבער די ווייבער בריען און אויסרייסן די האָר פון דעם האלביעריקן חזירל. איבער זיי טראָגט זיך ארום און שרייט און קראַקעט א גאַנצע מחנה ראָבן און סאראָקעס.

די דריי מאנסביל לאָזן זיך אוועק צום חזיר-שטאַל, דער חזיר הויבט אויף דעם קאָפּ און ברוקעט, קוקנדיק אויף זיי. זיי האָבן צוגעגרייט א שטריק צו פארוואַרפן אים אויף די פאָדער-שטע פיס. די שטאַלאויפזעערין נאַרט אים ארויס אויפן הויף דורך א קאָריטע מיט עסן. ער גייט נאָך איר גערן ברוקענדיק, גלייך

ער וואָלט וועגן עפּעס געפרעגט. דער אַרבעטער שרייט צו בראַמאַפּוטרען, זי זאָל צוגרייטן אַ שיסל, וווהין אַרויסצולאָזן דאָס בלוט. שטיל־ינקערהייט, אָפּט אָפּשטעלנדיק זיך רירט זיך די פּראָצעסיע צו דעם גרויסן שליטן, אויף וועלכן מען שטעכט די חזירים. אָט זענען זיי שוין דערגאַנגען. די קעכין לאָזט איבער דעם האַלביעדיקן און לויפט אין קיך. זי קאָן נישט זען קיין בלוט. עס יאָגן זי נאָך פון הינטן פעפערדיקע ווערטלעך. בראַמאַפּוטראַ שטייט מיט דער שיסל, אין וועלכער עס ליגט אויפן דעק אַ הויפן זאַלץ. אַלץ איז גרייט.

אַמאָל ברוקעט דער חזיר, אַמאָל ווערט ער אַנטשוויגן. ער פינטלט אָפּט מיט די אויגן, גלייך ווי ער וויל זיך פּרוּוון צו פאַרשטיין, וואָס אַזוינס רעדן די מענטשן. דער שטאַל־אויפזעערין הייסט מען האַלטן זיך נאָענט פון אים, כדי אים צו באַרויקן, אָבער זי זעט גאָרנישט מחמת די טרערן — און פּלוצלינג לאָזט זי זיך לויפן פונם אָרט אַ צונויפגעדרייטע און הויך רעווענדיק, אוויסער זיך פון רחמנות. דער חזיר הויבט אויך פּלוצלינג אָן צו ווילדעווען און וויל לויפן נאָך איר.

— שטעל כאָטש אוועק די קאָריטע, נאַרישע בהמה!—שרייט דער אַרבעטער — ער איז אַזוי אויך ווילד.

אָבער די שטאַל־אויפזעערין הערט גאָרנישט נישט.

דער חזיר נעמט זיך קוויטשען. די שטריק האָט אים פאַרפּלאָנטערט די פיס און שטערט אים צו לויפן נאָך דער שטאַל־אויפזעערין און נאָך דער קאָריטע. צו וואָס דאַרפן זיי עס די דאָזיקע שטריק! ער קוויטשעט מיט די לעצטע כוחות און דעם אַרבעטער קומט אויך אויס צו שרייען וויפל כוח ער האָט. „לאָז נישט אַרויס די שטריק! שדים! אַך, דו, זאָל דיר! אַ רוח אין דיין טאַטן אַריין!” — קאָכט ער זיך אויף אָלע־פיערל, וואָס האָט אַרויסגעלאָזן די שטריק.

דער חזיר טוט עטלעכע מאָל אַ שפּרונג איבערן הויף. סוועןדער וועכטער דעריאָגט אים, כאַפּט די שטריק און ציט זי אָן. די גרויסע טושע פאַלט אויף די פאָדערשטע פיס. שיר־שיר, וואָס

סווען דער וועכטער פאַלט אויך נישט, נאָר חי דורך א נס בלייבט ער שטיין אויף די פיס.

דער צערייצטער עלטסטער אַרבעטער לייגט אַוועק דעם לאַנגן מעסער און גייט אונטער דראָענדיק צו אַלע-פויערל:

— צו וואָס האָט מען דיך דאָ אַוועקגעשטעלט, האַ? די ראָבן צייל̈ן?

— וואָס איז דיין דאגה, ס'זענען דיינע ראָבן, וואָס?

— אַ, אזוי! — דער עלטסטער אַרבעטער איז אין גרימצאָרן. אַליין זיך אויסגעקליבן העלפער צו אַזאַ קאַטאָרזשנער אַרבעט! ער גייט צו צו סווען דעם וועכטער און זאָגט:

— דו וועסט הײנט דאַרפן העלפן שטעכן איינעם אָדער צוויי שטיק.

און צו אַלע-פויערל האָט ער אויך א געשריי געטון:

— און דו אויך!

דריי מאָל האָט ער א טרייסל געטון די פויסט סאַמע אים פאַר די אויגן און האָט דרייסט געפרעגט:

— ווייסט, וואָס דאָס איז?

אָבער אַלע-פויערל האָט א שמייכל געטון גלייך אים אין פנים אַריין און געענטפערט:

— די סאָראָקעס אפילו זענען אויך נישט דיינע.

— איז זעסטו, אָט-אָ-דאָס-אָ וועל איך דיר אַריינלייגן גלייך אין פיסק אַריין, — האָט דער אַרבעטער געמאָלדן, פאָכנדיק מיט דער פויסט — דו'סט מיר פרווון נאָכאַמאָל אַרויסלאָזן די שטריק!

— גיי דו צום טייוול! גיב מיר דאָס מעסערל, וועל איך אַליין אָן דיר דערשטעכן

— דו?

סווען דער וועכטער שלעפּט דעם חזיר אויף דער שטריק, יענער שפאַרט זיך איין און קוויטשעט אויף וואָס די וועלט שטייט. דעמאָלט טוט אַלע-פויערל א שפּיי איינמאָל אויף איין האַנט, נאָכ-דעם אויף דער צווייטער און כאַפּט ווידער די שטריק. סווען דער וועכטער האָט צוגעגרייט נאָך א שלייף, און וואַרט אויס א גוטע געלעגנהייט, כדי צו פאַרוואַרפן דעם חזיר אויף דער שנויץ

— היט זיך! — שרייט בראַמאַפּוטראַ.

זי ווייסט. אַז דאָס איז אַ געפערלעכע זאַך. דער חזיר קאָן דעם דרייסטן מענטש צעטרעטן די הויט מיט די רייס-ציין.

— דו וועסט אַמאָל אַנטשווינגן ווערן מיט דיין סווענען, צי-ניין? — ווערט דער עלטסטער ארבעטער בייז.

ער איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פאַר גרימצאָרן.

בראַמאַפּוטראַ קוקט אויף אים.

— דו ביסט אַזאַ שלעכטס, אַז דיך וועל איך נישט קושן. — ענטפערט זי.

ביי די ווערטער ווערן ביי אַלע-פּויערל די אייגלעך קלייניק-קע און שטעכעדיקע.

— איך וועל דיר פאַרמאַכן דאָס מויל! — סטראַשעט ער.

דערווייל איז סווען דעם וועכטער געלונגען אַרויפצוואַרפן אַ צווייטן שלייף דעם חזיר אויפן שנויץ און בליץ-שנעל נעמט ער אים אַרומוויקלען מיט דער שטריק נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. איצט איז די חיה נישט געפערלעך, און מען קאָן זיך מיט איר אַן עצה געבן. דער חזיר הערט אויף צו קוויטשען, און אָטעמט שווער דורך דעם שטייף פאַרצויגענעם מויל. מען באַפּט אים פאַר אַלע פיר פיס און מען שליידערט אויפן שליטן. פון אויפרעגונג און נער-ווען אָנשטרענגונג ווייזן די מענטשן אַרויס איבעריקע גראָבקייט און אכזריות, באַטש דער חזיר ליגט שוין אַזוי אויך הילפלאָז אויפן שליטן. דער עלטסטער שלעפּט אַרויס דעם מעסער און צי-לעוועט זיך אָן.

— נישט צו הויך. — גיט אַלע-פּויערל אַן עצה.

— נישט רעד אונטערן האַנט. — וואָרנט בראַמאַפּוטראַ און נעמט זיך שוין מישן דאָס זאַלץ אין שיכל. דאָס זאַלץ סקריפּעט אונטער דער לאָפּעטקע.

און אָט האָט זיך דאָס מעסער אַריינגעשטאָכן. דער ארבע-טער טוט צוויי מאָל אַ זעץ איבערן שטול, דאַן גייט דער לאַנגער שאַרף אריין אין דעם פעטן האַלז ביזן סאַמע שטיל.

לכתחילה פאַרשטייט דער חזיר גאָרנישט נישט. ער ליגט עטלעכע סעקונדעס רויק, גלייך ווי באַטראַכטנדיק עפּעס, נאָר

פלוצלינג נעמט ער פארשטיין, אז מען האט אים גערהרגעט, און הויבט אָן ארויסלאָזן טעמפּע פיינלעכע קרעכצן, ביז ער פארלירט די כוחות. דאָס בלוט שמייסט ביי אים די גאנצע צייט פון האלז, און בראמאפוטרא מישט עס כסדר פונאַנדער אין דער שיסל...

— ס'איז א לייכטער טויט גערהרגעט צו ווערן, — האט סוועז דער וועכטער א פארטראַכטער געזאָגט.

— דו האָסט אפנים געפרוּווט, וואָס?

נאָר איין רגע, טיי פאר דעם, וואָס שטעכט, סיי פאַר דעם, וואָס שטארבט...

נאָך מיטאָג האָט סוועז דער וועכטער באַקומען א דער־לויבניש אריבערצוגיין צו בענאָנין אויסקערן דעם קוימען. ער האָט זיך באוואָפנט מיט א לאנגן בערעזענעם בעזים און מיט א מאָזשעוויאָוון בעזימל אויף א דיקן שטאָלענעם דראָט.

בענאָני איז געווען אינדערהיים. דאָס קערן דעם קוימען איז געווען מער נישט ווי איינע פון זיינע נארישע אויסטראַכטע־נישן, כדי צו באווייזן פאר לייטן, אז זיין קוימען איז שטענדיק אין דער ארבעט, און דער אויוון רוט קיינמאָל נישט.

— איך בין דיר זייער דאנקבאר פאר דער דאָזיקער טובה, — האט בענאָני געזאָגט, אָנגיסנדיק סוועגען א קעלישעק.

זיי זענען ווייטער געבליבן גוטע פריינט, ווייל סוועז דער וועכטער איז געווען אזא איידעלער מענטש, און מען האט גע־קאָנט מיט אים דורכקומען.

— ס'וואָלט פאר מיר געווען מיאוס, ווען איך וואָלט מיך אָפּגעזאָגט צו טון הארטוויגסענען אזא קליינע טובה, — האט סוועז געענטפערט.

ער איז אוועק אין קיך, אראָפּגענומען פון דער פּליטע אַלע סקאווראדעס, טעפּלעך, נאָכדעם ארויף אויפן דאך.

בענאָני איז געשטאַנען אונטן און האט זיך מיט אים דורכ־גערעדט.

— נו, וואָס פאר א סאַזשע? א פעטע?

— א שרעק! — האָט זיך שוין אָנגערופן, — א פעטע, א גלאַנציקע.

— דאָס איז אַלץ פון בראָטנס, — בארימט זיך בענאָני. — איך האָב שוין געזאָגט מיין דינסט, אז מיר וואָלטן זיך קאָנען באגיין אָן די עופות.

— יאָ, רעדט מיט זיי, מיט די ווייבער! —האָט שוין געלאַכט.

— מילא, וואָס קאָן מען טון. זי איז נעבעך ביי מיר אין הויז געוווינט צו אזא לעבן, — נעמט זיך בענאָני אָן פאר זיין אַל־טע דינסט. — זאָגסטו אז די סאַזשע איז א שוואַרצע און א פעטע?

— איך האָב קיינמאָל נישט געזען קיין שוואַרצערע און קיין פעטערע.

בענאָני איז אין זייער א גוטער שטימונג און צופרידן, וואָס ער קאָן זיין צוזאמען מיט דעם אַלטן גוטן פריינט, מיט וועלכן ער איז געשוווּמען סיי אויפן „פונטוס", סיי מיט דער גרויסער נעץ. ער האָט מיט אַלע מיטלען געסטאַרעט זיך לענגער צו פאַרהאַלטן סווענען אויפן דאַך, כּדי אַלע וואָס גייען קיין סירי־לונד אין קלייט און צוריק זאָלן אים זען.

— איך וויל ביי דיר קויפן דיין בריליאַנט, — זאָגט בענאָני.

— דאָס איז שוין א צו־גרויסער חסד. אויף וואָס דאַרפט איר אים?

— זאָל ער ליגן. איך האָב אזוי אויך א פולע טייערע זאכן. און ס'זענען נאָך צוגעקומען. באַלד וועט שוין נישט זיין קיין אָרט ווו צו לייגן.

סווען דער וועכטער ענטפערט דערויף, אַז אפשר וואָלט הארטוויגסען אים בעסער געליען עטלעכע דאָלאַר אויפן ברי־ליאַנט, טאָמער טרעפט זיך א נויט....

— וואָס פאַר א נויט?

— אָט, אויב איך וועל התונה האָבן מיט עלענען.

— הי, איר רעכנט אפנים חתונה האָבן? ווו זשע וועסטו מיט איר וווינען?

— מיר וועלן אפשר זיין אין קעמערל, ווען פרעדריק מענזא וועט שטאַרבן.

— דו האָסט וועגן דעם גערעדט מיט מאַקן ?

— יאָ, עלען האָט אים געזאָגט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט אַ טראַכט טון.

בענאָני האָט זיך אויך פאַרטראַכט אַ רגע.

— איך וועל ביי דיר קויפן דעם בריליאַנט און וועל דיר תיכף-ומיד באַצאָלן מיט מזומן, — האָט ער געזאָגט. — אַזוי אַז דו דאַרפסט נישט אַריין אין חובות צוליב עטלעכע דאָלאַר.

קלויבנדיק זיך אַראָפּצוגיין פון דאַך, האָט זיך סווען דער װעכטער ארומגעקוקט און געזאָגט:

—אַ, גייט דער אַדוואָקאַט פונם שמשס הויף ווידער אין קלייטל אַריין.

— וואָס רעדסטו ? אַן אמת ?

— יאָ, ער גייט אַהין אָפטלעך. קיין גוטס וועט דערפון נישט אַרויסקומען.

בענאָני האָט זיך דערמאַנט אין ראָזען און אָן דער צייט, ווען ער איז געווען איר חתן, ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— יאָ, יאָ, ראָזע, דער מאַן פאַרדינט, אפנים, פיינע געלט !

נאָר סווען דער וועכטער האַלט נישט שטאַרק פון אַדוואָקאַט אַרענטסען. ער איז אויך נישט מסכים מיט בענאָנים מיינונג בנוגע דעם פיינעם געלט.

— אָט וואָס איך וועל אייך זאָגן, האַרטוויגסען: צי פאַרדינט ער דען באמת אַזוי פיל ? ער האָט עטלעכע פּראָצעסן און האָט פון זיי אַ ביסל פּרנסה. אָבער ער וועט דאָך מוזן פּטרן אַלץ, וואָס ער פאַרדינט. ווען זיין פאָטער וועט שטאַרבן, וועט ער שוין נישט וווינען אומזיסט אין דעם שמש-הויז, ער וועט מוזן דינגען, אָדער אַליין בויען אַ הויז. און חוץ דעם האָט ער נאָך אַ מוטער ביי זיך.

בענאָני האָט מיט פאַרשידענע מיטלען פאַרהאַלטן סווענען אויפן דאַך, ביז וואַנען דער אַדוואָקאַט איז אַרויס פון קלייט און האָט זיך ווידער באַוויזן אויפן וועג.

— ער האַלט זיך פעסט אויף די פיס? — האָט בענאַני גע־פרעגט.

— ער האַלט זיך, ווייל ער איז שוין געוווינט. — האָט סודן געענטפערט.

ער איז אַראָפּ פונם דאַך און גענומען רייניקן די פּליטע אין קיך. בענאַני איז פון אים די גאַנצע צייט נישט אָפּגעטראָטן.

— אָט האָב איך מיך דערמאַנט אָן דעם גלעקל, וואָס ביי מאַקן, — האָט ער געזאָגט, — דאָס שנירל איז דאָך פון סאַמעט מיט זילבער?

— ניין, אַ זיידענע מיט זילבער. און דאָס הענטל איז באַצויגן מיט רויטן סאַמעט.

— ווי מיינסטו, מאַק וועט עס נישט פאַרקויפן?

— דער גוטער יאָר וויס אים. איר וואָלט געקויפט?

— איך וואָלט מיר אויך געדאַרפט איינשאַפן אַ גלעקל, — האָט בענאַני געענטפערט. — איך וואָלט נאָר נישט געוואָלט קויפן פון אַ ביליקער סאָרט. מען ליגט זיך, הייסט עס, אין בעט, און מען קלינגט?

— יאָ, יאָ. מען ליגט זיך און מען ציט דאָס הענטל, איינמאָל, צי צוויי מאָל, וויפל מען וויל. נאָר מען דאַרף גאָר נישט יעדעס מאָל ליגן זיך אין בעט, ווען מ'וויל אַ קלונג טון, — האָט דער פרייליכער סודן צוגעגעבן מיט אַ געלעכטער.

— כ'וועל זיך אַנדערש נישט ווי ברענגען אַזאַ גלעקל פון בערגען, — האָט בענאַני ערנסט געזאָגט. — איך וועל נישט באַשטיין אום עטלעכע דאָלאַר, איך האָב ליב, אַז ביי מיר אין הויז זאָלן ליגן און הענגען אַלערליי אַזעלכע חפצים.

אָך, נישט אַלע מאָל איז בענאַני געווען אַזוי זיכער אין דעם, אַז ער איז רייך. אין די שטילע לאַנגע נעכט איז ער נישט איין מאָל געלעגן מיט אָפענע אויגן און האָט זיך געפייניקט מיט ספקות וועגן זיין לאַגע. וואָס, אייגנטלעך, האָט ער? אויטער יענע פינף טויזנט דאָלאַר, וואָס דער דאָזיקער אַפּעריסט מאַק האָט ביי אים אויסגענאַרט, האָט ער געהאַט מער נישט ווי אַ שפּייכלער און אַ הויז. די נעץ וועט באַלד קיין גראָשן שוין

נישט ווערט זיין. ס'איז נישט פריילעך געווען איינצושלאָפן מיט אַזעלכע געדאַנקען.

אַלע זונטאָג האָט זיך בענאָני אויסגעפּוצט און איז געגאַנגען אין קירך. ער האָט אַלץ געהאָפט, אַז ער וועט לעבן דער קירך באַגעגנען איינע אַ פּערזאָן, דעריבער האָט ער זיך יעדעס מאָל אָנגעטון באַזונדערס יום־טובדיק, אין צוויי רעקלעך און אין הויכע שטיוול מיט לאַקירענע כאָליעוועס, וואָס זייער גלייכן איז אין דער גאַנצער סביבה נישט געווען.

אין איינעם אַ זונטאָג איז ער געגאַנגען פון דער קירך אין אַן אומגעוויינלעך געדריקטער שטימונג. אַראָן דער טריקענער האָט זיך אויפן „פונטוס" אומגעקערט פון בערגען, און האָט געמאַכט די דאָזיקע רייזע נישט ערגער פאַר בענאָנין גופא און פונקט מיט אַזאַ ערפאָלג. באַלד וועט שוין יעדער שוטה קאָנען מאַכן דעם דאָזיקן שווערן וועג קיין בערגען, און דער „פונטוס" האָט זיך ווי אַלע מאָל אומגעקערט מיט אַ לאָדונג פון סחורות פאַר דער קלייט און האָט נאָך געבראַכט אַ שרעקלעך שווערן קאַסטן, וואָס אַכט מאַן האָבן אים קוים אויפגעהויבן. מען האָט אים אַעקוועגטראָגן צו מאַקן, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ נייע מוזיק וואָס מאַק האָט געקויפט. בענאָני איז געווען שטאַרק פאַרוווּנדערט, ווען ער האָט דערהערט וועגן דער מוזיק און וועגן דעם נייעם גלאַנציקן זילבער, וואָס מאַק האָט אויך אויסגעשריבן און ווי האָט זיך דאָס גענומען געלט ביי דעם דאָזיקן רוינירטן אַפעריסט ?

דעם אינסטרומענט האָט מען אַוועקגעשטעלט אין דעם פּאַראַדנעם זאַל און ראָזע האָט אים אויסגעפּרוווט. זי האָט עטלעכע מאָל שטילינקערהייט אַ קלאַפּ געטון מיט די פינגער איבער די קלאַווישן, נאָכדעם באַגאָסן זיך מיט טרערן און אַוועקגעלאָפן אַהיים, – אַזאַ וווּנדערלעכן קלאַנג האָט געהאַט דער נייער אינסטרומענט.

אָבער בענאָני האָט געהאַט נאָך אַן אַנדער סיבה, און אַן ערגערע, כדי אַריינצופאַלן אין פאַרצווייפלונג. מען האָט אויסגעהאָנגען די רשימה פון שטייער־צאָלער, און בענאָנין האָט מען

דורכגעלאָזן, מען האָט אים שוין מער נישט געהאַלטן פאַר קיין פאַרמעגלעכן מענטשן.

בענאַני איז בלאַס געוואָרן, לייענענדיק די רשימה. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע קוקן אויף אים מיט רחמנות. ער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— ס'איז אויסגעצייכנט, וואָס איך וועל מער קיין שטייערן נישט דאַרפן צאָלן!

אָבער אויף דער נשמה איז אים געווען שלעכט. און די ליפּן האָבן בײַ אים געציטערט. אויפן וועג פון קירך אַהיים האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט גיין צום שטייער-אינספּעקטאָר, זאָגן אים עטלעכע וואַרעמע ווערטער און פּיין דריקן די האַנט אויס דאַנקבאַרקייט, וואָס ער האָט אים באַפרײַט פון אַן איבעריקער הוצאה, האַ-האַ-האַ!

אויפן וועג האָט אים דעריאָגט אַראָן פון האַפּאַן. בענאַני האָט זיך אָנגעכמורעט. מיט עטלעכע חדשים צוריק האָבן נאָר די סאַמע חשובע לײַט זיך דערלויבט אָנצוזאָגן בענאַנין און גיין מיט אים צוזאַמען.

אַראָן האָט פרײַנטלעך געזאָגט: — פריד צו אײַך!

בענאַני האָט געענטפערט: — גוט מאָרגן! — כּדי צו באַווײַזן, אַז ער איז נישט זײַנס קיין גלײַכן.

אַראָן האָט, ווי דער מנהג, פריער אָנגעהויבן רעדן וועגן וועטער און וועגן ווינט, נאָכדעם איז ער אַריבער צו זײַן עסק: אפשר קאָן אים האַרטוויגסען געבן אַן עצה?

— מכּוח וואָס?

אָט, מכּוח דעם פּראָצעס. אַדוואָקאַט אַרענטסען האָט שוין בײַ אים אָפּגענומען איין קו, און די צווייטע איז שוין אויך אויף זײַן נאָמען פאַרשריבן. אָבער אַראָנס ווײַב האָט זיך בנוגע דער דאָזיקער בהמה אײַנגעשפּאַרט און זי זאָגט, אַז זי וועט זי קיין לעבעדיקע נישט אַרויסלאָזן פון הויף.

— איך קאָן דיר קיין עצה נישט געבן, — האָט בענאַני געזאָגט, מאַכנדיק זיך גאָר פאַר אַן ענוו. — ווי קום איך? דו האָסט הײַנט אַליין געזען, מען האָט מיך אפילו נישט אַרײַנגעשטעלט אין

דער רשימה פון די שטייער-צאָלער, איך האָב דאָך קיין פאַר-מעגן נישט, האַ-האַ-האַ!

— כ'האָב פון געבוירן אָן נישט געהערט אזעלכע ווּנדער! ווער זשע פון אונז האָט שוין, אויב אזוי, יאָ אַ פאַרמעגן?.. — און אַראָן איז אַריבער צו אַן אַנדער ענין: אפשר וואָלט ביי אים האַרמאָוויגסען אָפּגעקויפט זיינע בערג?

— פאַרוואָס לייגסטו עפּעס מיר פאָר דיינע בערג?

— צו וועמען דען זאָל איך גיין? איך גיי צו דעם, ווער עס איז בכוח. איך האָב מיטן אַדוואָקאַט גערעדט וועגן די דאָ-זיקע פאַרשאָלטענע בערג, ער קאָן נישט. כ'האָב גערעדט מיט מאַקן — ער קאָן אויך נישט.

דערהערנדיק אַזוי, האָט בענאָני געזאָגט:

— איך וועל אַ טראַכט טון. און מיטן אויפזעער פונם לייכט-טורעם האָסטו גערעדט?

— מיטן אויפזעער? ער האָט געשיקט שטיינער צום פּראָ-פעסאָר אין כריסטיאַניע, און ער האָט געענטפערט, אַז אין זיי איז פאַראַן בליי-אַרץ און זילבער. וואָס זשע קאָן דער אויפזעער נאָך טון? מער ווי איר איינער בלייבט נישט.

— יאָ, יאָ, — האָט בענאָני געזאָגט, שנעל באַטראַכטנדיק די זאַך — איך בין נישט גייציק נאָך געלט, נישט אַזאַ בין איך! איך וועל קויפן דיינע בערג.

— טוט זשע מיר אַזאַ טובה, איך וועל אייך דאַנקען כל זמן איך וועל לעבן!

— רעכט, קום צו מיר מאָרגן, — האָט בענאָני קורץ גע-ענטפערט, נאָכמאַכנדיק מאַקן, און האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, אויך אויף מאַקס שטייגער.

די זאַך איז געווען באַשלאָסן.

אויף מאָרגן האָט בענאָני ווידער דורכגערעדט זיך מיט דעם אויפזעער פונם לייכט-טורעם. דער דאָזיקער אָפּגעלעבטער מענטש איז פול געוואָרן מיט פרייד און שטאָלץ דערפון, וואָס מען האַלט באַטש עטוואָס פון זיין מיינונג. די דאָזיקע בערג, איבער וועל-כע ער האָט אַזויפיל יאָרן געוואַנדלט, אויף וועלכע ער האָט אַזוי פיל יאָרן געקוקט, גייען איצט אַריבער אין אַנדערע

הענט, יערנפאַלס קומט פאַר עפּעס אַן ענדערונג. זיין אידעע, הייסט עס, איז פאָרט נישט געבליבן קיין טויטע, ווי אַ פּגר. דער אויפזעער האָט געראַטן צו באַצאָלן פאַר די בערג דעם אמתן פּרייז, לפּחות צען טויזנט דאָלאַר!

אָבער סיי בענאָני סיי אַראָן פון די בערג, זענען ביידע געווען מענטשן מיט פאַרשטאַנד, און זיי האָבן געזען, אַז דער אויפזעער האָט שוין פאַרלוירן דעם שכל. און בענאָני איז געבליבן, ווי אַלעמאָל, זיך געטריי, און ער האָט געקויפט די בערג, גאָרנישט גלאַט אַזוי זיך. אין האַרץ און אין זילבער האָט ער חייניק װאָס פאַרשטאַנען, נאָר אַריינלייגנדיק אַביסל מי און געלט, וואָלט מען אויף די דאָזיקע בערג געקאָנט איינאָרדענען אַן אויסגעצייכנטע פּלאַטפאָרמע אויף טריקענען פיש. ס'קאָן געמאָלט זיין, אַז אַמאָל, ווען עס איז, ווער אים אָפּגליקן, און ער ווער אַליין ווערן אַן אויפקויפער פון פיש אויף די לאָפאָדענס, און דעמאָלט ווער אַזאַ פּלאַטפאָרמע פונקט צונוץ קומען.

ער האָט זיך צונויפגערעדט מיט אַראָנען, אַז ער קויפט ביי אים אָפּ דעם פּלאַץ מיט די בערג און מיטן קוסטן-ווערדל פאַר הונדערט דאָלאַר. דעם קויף-אַקט האָט אָנגעשריבן דעם לענסמאַנס שרייבער.

נאָר ווען בענאָני האָט געדאַרפט אַרויסלייגן דאָס געלט, האָט ער זיך דערפילט אַזוי ווייט אַראָנס בעל-טובה און אַפּוטרופּוס, אַז ער האָט געזאָגט:

— נאָר זע אָקאָרשט, אַז דאָס געלט זאָל נישט אַריינפאַלן צו דעם אַדוואָקאַט אויפן שמשם הויף. דו פאַרשטייסט? אַזעלכע עסקים זענען נישט פאַר דיין קעשענע.

— הממ... וואָס איז שייך דערצו... ניין, וואָס רעדט איר, דאָס גאַנצע געלט? זאָל גאָט היטן.

— פאַר וויפל איז די קו פאַרמשכּונט?

— פאַר צוועלף דאָלאַר.

בענאָני האָט אָפּגעציילט צוועלף דאָלאַר און דערלאַנגט אַראָנען.

— אָט דאָס איז פאַר ניקאָלאַיען. און אַ סוף צו אַלע פראַ-

צעסן! – נאָכדעם האָט ער איבערגעציילט די איבעריקע אכט און אכציק דאָלאַר, פאַרוויקלט אין אַ פּאַפּירל און געזאָגט:

— און דאָס — דאָס איז נישט פאַר ניקאָלאַיען!

אראָפּ פון האָפאַן האָט, פאַרשטייט זיך, געוווּסט וועגן די באַציונגען צווישן בענאָנין און ראָזען, דעם אַדוואָקאַטס ווייב, דע־ריבער האָט ער, נעמענדיק דאָס געלט, אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איבערגעחזרט:

— ניין, דאָס איז שוין נישט פאַר ניקאָלאַיען.

— נו, טאָ דערוויייז, ווי דו קאָנסט האַלטן וואָרט!

אַך, ווי אָנגענעם עס איז צו רעדן מיט אַזאַ באַפעלערישן טאָן, שפּילן די ראָלע פון אַ מאַק און זיין געשעצט פון לייטן.

נו, איצט זאָל אראָפּ פון די בערג פונאַנדערקלינגען איבער דער גאַנצער סביבה, וואָס עס האָט גערעדט און וואָס עס האָט געטון בענאָני הארטוויגסען...

דעם לענסמאַנס שרייבער האָט מיט זיך גענומען דעם קויף־אַקט, כדי אַריינצושיקן אים צום קרייז־ריכטער, מען זאָל אים באַ־שטעטיקן אויפן טינג.

## XXI

בענאָנין האָט זיך בשום אופן נישט איינגעגעבן באַפרייען זיך דערפון, וואָס ער האָט געטראָפן מעלאַנכאָליע אין קאָפּ. ער האָט ראָזען קיין איינציק מאָל נישט געזען, זינט זיי האָבן זיך דעם לעצטן מאָל געשיידט אויפן וועג. וווּהין איז זי פאַרפאַלן געוואָרן? זאָל איר גאָט העלפן, ראָזען. וואָס גייט עס אים אָן? נאַר מאָד־נע, פאַרוואָס עפּעס גייט זי נישט אין קירך, פאַרוואָס זעט מען זי אין ערגעץ נישט אויפן וועג, פאַרוואָס איז זי שוין נישט אַזוי אָפט אין סירילונדע, ווי זי פלעגט זיין פריער? איצט איז דער אַלטער שמש אויך געשטאָרבן, הייסט עס, אַז זי דאַרף שוין נישט זיצן נעבן דעם חולה. איבעריקנס, וואָס גייט אים אָן ראָזע.

און הגם בענאָני איז געווען ביי דעם שטייער־אינספּעקטאָר

און האָט זיך גוט אויסגעלאַכט און אָנשטעלן געמאַכט פאַר אים, נאָר דעם כּבוד אַריינצושטעלן אים אין דער רשימה פון די שטייער-צאָלער האָט מען אים נישט אָנגעטון. דאָס האָבן פּשוט אַלע געמאַכט יד אחת קעגן אים, מען האָט אים געוואָלט נאָר אַראָפּשלעפּן אין דער נידער, מאַכן ווידער פאַר אַ גלייכן צו זיינע אומפאַרמעגלעכע חברים.

בענאָני האָט איבערגעלעבט שווערע טעג און שלאָפלאָזע נעכט. גאָט ווייסט, אפשר זענען לייטן טאַקע גערעכט, ער הויבט זיך אָן צו קייקלען אַראָפּ-באַרג. און וואָס ער זאָל נישט טון, כּדי צו פאַרבלענדן לייטן די אויגן מיט זיין עשירות, איז אַלץ געווען אומזיסט. ער האָט אויסגעקערט די קוימענס, אַרויסגעוואָרפן דעם גרעסטן טייל פון דעם ביסל פאַרבליבענעם געלט אויף עפּעס פעלזן צו טרוקענען פיש, וועלכע ער וועט, מסתּמא, קיינמאָל נישט דאַרפן, און צו דעם אַלעמען האָט האָט ער נאָך מער נישט ווי מחמת גאווה געקויפט אַ בריליאַנט צו שניידן גלאָז. און פונדעסטוועגן זענען אַלע געבליבן ביי דער איבערצייגונג, אַז בענאָני איז רואינירט, אין איין שיינעם פרימאָרגן וועט אים מאַק פון סירילונד נעמען צום געריכט פאַר די חובות!

„איך שלעפּ מיך, שלעפּ מיך, ווי דער אָקס מיט דעם יאָך אויפן האַלז", האָט בענאָני געטראַכט אויפן שטייגער פון דער ביבל. און איבערגייענדיק צום וועלטלעכן אָרט דענקען, האָט ער זיך אויסגעדריקט לפי ערך אַזוי: „איך רודער אומזיסט, עס טראָגט מיך צו אַ קעסלגרוב."

ס'איז געקומען ערב-ניטל. בענאָני איז געזעסן אינדערהיים. נישט דאָס וואָס פאַראיאָרן, ווען ער איז געווען האַרטנעקיגסטן, און מאַק אַליין האָט אים איינגעלאַדן צו זיך. נו, דערפאַר אָבער זאָל זיך איצט מאַק פון סירילונד אַליין שוין היטן! דער טערמין פאַר זיינע פינף טויזנט האָט זיך שוין געענדיקט נאָך מיט עטלעכע וואָכן פריער, אָבער בענאָני איז בכיוון נישט געגאַנגען בעטן, כּדי צו זען, צי וועט ער אויך היי-יאָר באַקומען אַן איינלאַדונג פון מאַקן צו פאַרברענגען דעם ניטל-אָוונט אין סירילונד.

בענאָני האָט איצט נישט געהאַט קיין נויטווענדיקייט צו שוי-
נען מאַקן, און נישט צוליב אים האָט ער באַשלאָסן מאַכן אים
די פּראָלאָנגאַציע, נאָר צוליב ראָזען. מחמת זי וועט היי-יאָר זי-
כער זיין אויף ניטל-אָוונט בײַ מאַקן. מילא איז וואָס, וואָס גייט
אים נאָך אָן אפילו ראָזע.

אויף בענאָנין האָט צייטנווייז גענומען אָנפאַלן אַ מאָדנע קאָרג-
קייט אפילו בנוגע צו זיך אליין. ער האָט צעטרענצלט אַזוי פיל
מזומן געלט, אַז ס'שיינט, אָט וועט ער באַלד דאַרפן אָנקומען צו
מאַקן, ער זאָל אים געבן אויף קרעדיט אין געוועלב, אָבער ער
האָט געוואָלט וואָס לענגער צו אויסמיידן עס.

האָט ער גענומען אַריינגיסן אין גלאָז פריער שמאַנט דערנאָך
די קאַווע, מער נישט ווי כדי צו פאַרהיטן די זילבערנע לעפל,
מען זאָל מיט זיי נישט דאַרפן מישן. נאָכדעם האָט ער גענומען
באַשיטן דאָס ליכט אַרום דעם קנייטל מיט זאַלץ, זאָגנדיק: „נו,
איצט ברען זיך געזונטערהייט!" און זאַלץ האָט ער געשאָטן, כּדי
דאָס ליכט זאָל ברענען לאַנגזאַמער, עס זאָל קלעקן אויפן גאַנצן
אָוונט.

צו וועטשערע האָט ער זיך געזעצט איינער אַליין, אויפגע-
געסן דאָס געריכט און פאַרטרונקען מיט עטלעכע קעלישקעס.
נאָכדעם האָט ער פאַר זיך איבערגעלייענט די פּאַטשערעס, נאָך
אַביסל געטרונקען און אָנגעהויבן זינגען אַ מזמור פון תהלים. איצט
איז שוין מער נישט געבליבן וואָס צו טון.

און ראָזע זיצט, מסתמא, איצט אין דעם פּאַראַדנעם זאַל און
מירילונד און שפּילט אויף דער נייער מוזיק. זי האָט אַזעלכע
סאַמעטענע הענטלעך, די-אָ ראָזע...

בענאָני האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן ראַנד פונם טיש
און איז אַנדרימלט געוואָרן. נאָר דאָס ליכט האָט געזאָמט און גע-
קנאַקט פונם זאַלץ. און דאָס קנאַקן האָט אים אויפגעוועקט. דע-
מאָלט האָט ער זיך צום טויזנטסטן מאָל גענומען טראַכטן וועגן
זיין לעבן, וועגן ראָזען, וועגן זיינע מיטלען און צירונג און די נעצן.
יאָ, ס'קאָן זיין, אַז ער וועט מוזן באַנקראָטירן, יאָ, יאָ, און דער-
מאָנט זיך אָן די בערג, וואָס ער האָט געקויפט ביי אַראָן פון

האָפֿאַן, האָט בענאָני אויסגערעכנט, אַז זיי זענען נישט פֿיל מוסיף צו זײַן עשירות. זיי פֿאַרגרעסערן נאָר אַ ביסל דעם אַקטיוו, און דאָס גאָר. נו, מילא, אַ קבצן איז אַ קבצן. נאָר אָט וועט ער נעמען און פֿאָרט אַװעקשיקן ראָזען יענע לעפֿל און גאָפּל, וואָס ער האָט אַמאָל פֿאַר איר אָפּגעלייגט. אָבער אָט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר, און סווען דער וועבטער איז אַרײַן.

— הער אָקאָרשט, — האָט בענאָני תּיכף אויסגעשריען — דו האָסט זיכער נאָך נישט באַגעגנט דעם יום־טובֿ? איך האָב דאָ אַלץ, וואָס מען דאַרף, — האָט ער גיך ווייטער גערעדט, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף סווענען — איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס איז עס אַזוינס מיטן ליכטל. אַזעלכע שלעכטע זענען הײַנטיקע ליכט, — זיי לייכטן גאָרנישט.

— דאָ איז גענוג ליכטיק. — האָט זיך סווען דער וועבטער אָפּגערופֿן צעשטרייט.

ער איז געווען זייער צערודערט און טרויעריק.

בענאָני האָט אָנגעגאָסן אַ גלעזל און געגווײט דעם גוטן פֿרײַנט אויסצוטרינקען; נאָכדעם האָט ער אָנגעגאָסן אַ צווייטע, אַ דריטע, האָט געגרייט צום טיש, אַרויסגענומען עסנוואַרג, נישט אויפֿהערנדיק צו פּלוידערן.

— פֿאַרשטייט זיך, דו ביסט געקומען פֿון אַן אַנדער כּיבוד, אַ ביסל אַ רייבערן פֿאַר מײַנעם, נאָר אפֿשר וועסטו אויך מײַנעם אָננעמען פֿאַר גוט.

— כ'נעם פֿאַר גוט. — האָט סווען געענטפֿערט, גענומען עפּעס אויפֿן טעלער און אָנגעהויבן קייען אָן חשק.

— אַ טרוקענער ביסן רײַסט אין האַלז, — האָט בענאָני געזאָגט, און ווידער אָנגעגאָסן אים אַ קעלישעק — איז וואָס, אין סירילונד איז הײַנט אויך געדעקט דער גרויסער טיש?

— יאָ.

— המם... און געסט זענען געווען?

— איך ווייס נישט. איך בין נישט געווען.

— נישט געווען?

— ניין. ס'האָט זיך נישט געוואָלט.

בענאַני האָט אויף אים אַ קוק געטאָן אַ פֿאַרוווּנדערטער.

— איך בין אַוועק אויף אַ ווײַלע דורכגיין זיך, — האָט יענער געגעבן צו דערקלערן — און דערנאָך האָב איך מיך מיישב געווען אַרײַנגיין צו אײַך.

— דו ביסט עפּעס הײַנט גאָר נישט ווי אַלע מאָל. יאָ, מסתּמא, ביסטו געקומען וועגן עפּעס אַן ענין?

דער בראָנפֿן האָט אויף סיוועגן נישט געווירקט, כאָטש ער האָט פֿיל געטרונקען. ער איז געזעסן אַלץ אַזאַ בלאַסער און אַ צעשטרײַטער. ווי אַלע געזונטע און שטאַרקע מענטשן, איז ער, אַפּנים, פֿונם ערשטן גלעזל תּיכּף שיכּור געוואָרן, און האָט פֿאַרלוירן די כּוחות.

— ניין, איך בין זיך גלאַט אַזוי געגאַנגען, — האָט ער ווײַטער געזאָגט — און עלען אויך. נאָר, מסתּמא, האָט זיך איר פֿאַרוואָלט אַהיים, צו וואָס.

— יאָ, מסתּמא, אַזוי. און ראָזע איז געווען אין סירילונד?

— יאָ.

בענאַני האָט צו זיך אַליין אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— יאָ, יאָ, איך וועל נאָך חנא רעדן מיט מאַקן.

— איר ווילט אויך רעדן מיט מאַקן?

— איך וויל בײַ אים אָפּנעמען מײַן געלט.

— איך קלויב מיך אויך רעדן מיט מאַקן. איך קען עס שוין מער נישט איבערטראָגן, — האָט סוועז דער וועבטער געזאָגט — פֿרעדעריק מענזאַ שטאַרבט אַלץ נישט. אָבער איך וויל שוין חתונה האָבן און באַזעצן זיך אין קעמערל, צי ערגעץ ווו אַנדערש.

— זע נאָר, עס זאָל זיך דיר אײַנגעבן מיט גוטן.

— מיט גוטן צי מיט בייזן.

בענאַני האָט געהאַט מער צוטרוי צו פּשוטע ווערטער, אײדער צו שטאַרקע, דעריבער האָט ער זיך געסטאַרעט אַריבערפֿירן דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש:

— מסתּמא, איז דער אַדוואָקאַט דאָרט אויך געווען?

— יאָ, דאָס האָט ער מיר געשטערט.

— ער האָט דיר געשטערט?

— איך וואָלט זי דערשטאָכן...

סוועז דער וועכטער האָט פון דער אינעווייניקסטער קעשענע אַרויסגעשלעפּט דעם עלטסטן אַרבעטערס לאַנגן מעסער, מיט וועלכן מען האָט געשטאָכן די חזירים, און האָט אים גענומען באַטראַכטן, פּרובירנדיק די שאַרף מיטן פינגער.

— וואָס איז עס מיט דיר אַזוינס? דו ביסט גאָר משוגע געוואָרן, צי וואָס? — האָט בענאָני אַ געשריי געטון, — גיב מיר אַהער דאָס מעסער!

אָבער סוועז דער וועכטער האָט דאָס מעסער צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע און אָנגעהויבן דערציילן, פאַרענטפערן זיך:

— מאַק האָט געהייסן דערווירטשאַפטערין צוגרייטן די וואַנע. די וועכטערין האָט געזאָגט: „רעכט". נאָכדעם האָט ער געהייסן עלענען, זי זאָל זיך לאָזן אונטערזוכן, ווי ביי זיי טוט זיך עס אַלע ערב-ניטל, אָבער עלען האָט נישט געוואָלט. „פּרווו אָקאָרשט". — האָב איך איר געזאָגט. דאָס איז געווען אינדערפרי. און פאַרנאַכט האָט מאַק ווידער געכאַפּט עלענען און גענומען צו-שטיין צו איר, אַז זי זאָל ביי זיך באַהאַלטן אַ גאָפּל פונם טיש, און נאָכדעם זאָל זי צו אים קומען און לאָזן זיך אונטערזוכן. און איצט האָט זי צוגעזאָגט. אַז איך האָב דאָס דערהערט, בין איך גלייך אַוועק צו דעם עלטסטן אַרבעטער און זאָג: „טו אַ טובה, ליי מיר דיין גרויס מעסער". -- „אויף וואָס דאַרפסטו עס? — פרעגט ער, — עס טויג פאַר דיר נישט". — „איך וויל מיט אים אָפּגאָלן די באָרד". — זאָג איך. ער האָט מיר געגעבן דאָס מעסער. אָבער איך האָב זיך מיט אים נישט געגאָלט, נאָר אַריינגעלייגט אין קעשענע און בין אַוועק צו עלענען. איך האָב זי גערופן מיט זיך, נאָר זי האָט זיך דערשראָקן און מיט מיר נישט געוואָלט גיין. — „איך האָב קיין צייט נישט*. — זאָגט זי. איך האָב ווידער גענומען בעטן. דעמאָלט האָט זי געזאָגט: „נו, רעכט, רעכט, זאָל גאָט העלפן!" — און זי איז מיט מיר אַרויס. „דו האָסט צוגעזאָגט גיין צו אים היינט אינאָווענט און לאָזן זיך

אונטערזוכן?" — פרעג איך זי. — „ניין". -- זאָגט זי. „פּרוּוו נאָר, —
זאָג איך ווידער — עפּעס גיסטו זיך צו לייבט אונטער. מער זאָל
דאָס נישט זיין."—„איך פאַרשטיי נישט," — זאָגט זי — „וואָס ווילט
איר אַלע פון מיר האָבן, נישטאָ פּשוט קיין רו פון אייך. אפילו
עפּעס אויפצונייען זיך, איז אויך קיין צייט נישטאָ." זאָג איך: „איך
וויל מיט דיר חתונה האָבן, און מער הערט מען פון דיר נישט,
ווי „ניין" און „ניין". איך וועל גאָר נעמען און אַוועקפאָרן." — „נו,
מילא, — זאָגט זי, — פאָר." „זאָגסטו „פאָר"? -- האָב איך גענומען
שרייען, און נאָך העכער האָב איך אַ געשריי געטון: — דו ווייסט,
וואָס איך וועל טון?" עלען האָט אויף מיר אַ קוק געטון, און זיך
געלאָזן לויפן צו דער קיך. איך האָב גענומען אַרומקריכן איבערן
הויף. ס'איז געוואָרן גאָר פינסטער. איך בין אַוועק אַרום הויז,
געקומען צום גאַניק. קיינעם זעט מען נישט. נאָר אַ לייכטל שטייט
און לייכט אין פירהויז. ווען איך בין אַריין אין שטוב פאַר דער
דינערשאַפט, האָט מען פונקט אַלעמען גערופן צו וועטשערע. איך
בין צוריק אַוועק צו דעם פאַראַדנעם גאַניק און גענומען וואַרטן.
אַביסל שפּעטער איז עלען געקומען. „איך זוך דיך אומעטום,
זאָגט זי, גיי, זיי אַזוי גוט, עסן. האָב איך שוין מיט איר גאָרנישט
געקאָנט מאַכן. אַזוי פריינטלעך האָט זי מיך גערופן: „גיי, זיי אַזוי
גוט, עסן." — „ווי זשע, וועסטו צו אים גיין אויבן?" -- פרעג איך.—
„יאָ, מסתמא," — האָט זי געענטפערט. — „און מען קאָן נישט-
גיין?" — פרעג איך. — „אַך, ניין, בשום אופן נישט," — זאָגט זי.
דערביי איז זי צוגעגאַנגען צו מיר, אַרומגענומען אַרום האַלז און
אַ קוש געטון, איך האָב באַמערקט, אַז זי האָט אויסגעטרונקען
עפּעס שטאַרקס. — „איז אָט פאַרוואָס דו האָסט נישט קיין מורא
פאַר מיין מעסער, — האָסט עפּעס אויסגעטרונקען?" — זאָג איך.
„איך האָב אַזוי אויך קיין מורא נישט פאַר דיין מעסער, — ענט-
פערט זי, — מאַך קומט באַלד, לאָמיך נאָר אַ געשריי טון."—„איך
וועל אים אויך טויטן" — זאָג איך. דאַן האָט זי געענטפערט: —
„דאָס דאַרפן מיר נאָך ביידע אינאיינעם באַשליסן"!

שוין דער וועכטער איז שטיל געבליבן און טיף פאַרטראַכט
זיך. נאָכדעם האָט ער אויסגעטרונקען נאָך אַ קעלישעק, אויסגע-

שטעלט די אויגן אויף בענאָנין און איבערגעחזרט:

— „דאָס דאַרפן מיר נאָך ביידע אינאײנעם באַשליסן". — אַזוי האָט זי געזאָגט.

— אַזוי? וואָס האָט זי דערמיט געוואָלט זאָגן?

— איך ווייס אַליין נישט.

— וואָס ווייטער? דו האָסט אויף איר אויפגעהויבן אַ האַנט?

— איך האָב זי געכאַפּט פאַר די האָר, נאָר זי האָט זיך אין מיר אַזוי פעסט איינגעקלאַמערט, אַז איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסנעמען דאָס מעסער. איך האָב איר צוויי מאָל אַ זעץ געטון. זי איז געפאַלן אויף די קני. „נו, איצט רוף אים!" — האָב איך געשריגן. — „ניין, זאָגט זי, רופן וועל איך אים נישט, נאָר אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן. איך בין היינט נאָכמיטאָג ביי אים געווען, זאָגט זי, און וועל צו אים ווייטער גיין, און מער וועט שוין צו אים קיינער נישט גיין, חוץ מיר." איך בין געשטאַנען ווי אַ שטיין. פּלוצלינג האָב איך דערפילט, אַז עפּעס אַ מאָדנע זאַך קומט אין מיר פאָר... איך האָב געוואָלט אַרויסכאַפּן דאָס מעסער, אָבער עס איז שוין געווען אין עלענס הענט. איך האָב איר פונאַנדערגעעפנט די האַנט און אָפּגענומען דאָס מעסער... נאָר זי האָט זיך אַרויסגעגלימשט פון מיינע הענט... ווי אַ וואָרים... און האָט זיך אין איין כהרף עין באַהאַלטן אין פירהויז... איך האָב מיך אַ לאָז געטון נאָך איר, ערשט אין טיר שטייט דער אַדוואָקאַט... „וואָס איז דאָ, זאָגט ער, פאַר אַ גערודער?" און האָט צוריק פאַרמאַכט די טיר. עלען האָט צונויפגענומען די האָר צוגעשפּיליעט און איז אַרויפגעלאָפן אויבן איבער די טרעפּ. איך לויף נאָך איר, נאָר אין טיר שטייט שוין ווידער דער אַדוואָקאַט און קוקט.

בענאָני האָט נישט פאַרשטאַנען אַזאַ ווילדקייט, און האָט געהערט סוועגס דערציילונג, גלייך ווי עפּעס אַ געשיכטע פון אַ צייטונג. סוען דער וועכטער האָט מאַשינעל אויסגעטרונקען נאָך אַ קעלישעק און איז גאָר שוואַך געוואָרן.

— אַזוי איז מיר נישט געלונגען זי צו טויטן. — האָט ער געזאָגט.

— אויב דאָס איז אַלץווירקלעך אַזוי געוועזן, — האָט בע־נאָני געזאָגט — אויב דו האָסט זיך באמת פאַרהאַלטן צו איר ווי אַ ווילדע חיה, בלייבט מיר, אייגנטלעך, מער גאָרנישט חוץ נעמען אַ שטריק און בינדן דיך.

— יאָ, אַזוי איז עס געווען.

— היינט אינאָווגט?

— נאָר וואָס, מיט עטלעכע מינוט פריער...

דערויף האָט בענאָני געענטפערט:

— אויב אַזוי, ביסטו נישט ווערט, דו זאָלסט זיצן ביי מיר אין מיין זאַל. גיי וווהין דו ווילסט. צי גיסטו זיך אָפּ אַ רעכענונג, ווי דו האָסט זיך געהאַלטן? ווי אַ חזיר...

סווען דער וועכטער איז געזעסן פאַרזונקען אין מחשבות און האָט אפּנים נישט געהערט. פּלוצלינג האָט ער אַ פרעג געטון:

— וואָס האָט זי דערמיט געוואָלט זאָגן: „דאָס דאַרפן מיר נאָך ביידע איניינעם באַשליסן". זי איז אין אים פאַרליבט?

— אין וועמען? אין מאַקן? — האָט בענאָני געפרעגט, ווי אַרױספאַלנדיק פון די וואָלקנס.

— יאָ.

סווען איז געזעסן אָנגעבויגן פאָרויס און האָט געטראַכט, אָפּט פינטלענדיק מיט די אויגן. ער איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. דעמאָלט האָט בענאָני פאַרשטאַנען, וויפל דער דאָזיקער מענטש האָט געזאָלט אויסשטיין, אויב ער האָט אַזוי פאַרלוירן דעם זינען און איז דערגאַנגען ביז אַזאַ צושטאַנד. ער האָט בלי ספק אינגאַנצן פאַרלוירן דעם פאַרשטאַנד, אויב ער קאָן מיינען, אַז עלען דאָס שטוב מיידל איז פאַרליבט אין מאַקן.

— איצט זיץ אַ רגע רויק, — האָט בענאָני געזאָגט — און נאָכדעם וועל איך דיך אָפּפירן קיין סירילונד. און דו דאַרפסט פאַר גאָרנישט נישט מורא האָבן, וויבאַלד אַז דו גייסט מיט מיר.

נאָר סווען דער וועכטער איז געווען אָן כוחות פון די איבערגעלעבטע אויפרעגונגען, אַזוי אַז די אויגן האָבן זיך ביי אים פאַרמאַכט. מיט די לעצטע כוחות האָט ער אויפגעהויבן די ברעמען און געזאָגט:

—זאָל זי זיך כאָטש עפּעס נישט איינשניידן מיט דעם מעסער, לאָמיר גיין גיכער.

ער האָט זיך געפּרוווט אויפהויבן, אָבער ער איז תּיכף צו־ריקגעפאַלן אויפן שטול און האָט זיך פון אָרט נישט געקאָנט רירן. בענאָני האָט ביי אים שטילערהייט ארויסגענומען דאָס מע־סער פון קעשענע און באהאַלטן.

## XXII

עטלעכע טעג נאָך חגא איז בענאָני אַוועק צו מאַקן אין קאַנטאָר. מאַק האָט, אפּנים, גלייך פאַרשטאַנען, נאָך וואָס ער איז געקומען, און האָט געזאָגט:

— וואָס מאַכסטו, הארטוויגסען? איך האָב טאַקע ערשט געוואָלט שיקן נאָך דיר. מיר האָבן דאָך עפּעס צווישן זיך חשבונות, האָב איך מיך געוואָלט מיט דיר אויסרעכענען.

בענאָני איז שרעקלעך צערודערט געוואָרן. ס'קאָן דען זיין, אַז מאַק זאָל אים טאַקע אַרויסצאָלן דאָס געלט?

— פריער פאַר אַלץ וויל איך דיר זאָגן, אַז ס'פאַרדריסט מיך זייער, און איך בעט, דו זאָלסט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך האָב דיך נישט געקאָנט איינלאַדן צו מיר ערב-ניטל, — האָט מאַק ווייטער געזאָגט — היי־יאָר איז דאָס געווען נישט באַקוועם.

— ווען וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן! — האָט בענאָני ביטערלעך זיך אָפּגערופן.—נישט מיין לאַגע, נישט מיין פאַרמעגן...

— אָך, אַזוי פאַרשטייסטו מיך גאָר? נישט אַזאַ לאַגע, נישט אַזאַ פאַרמעגן! איך וועל דיר דערויף נאָר איין זאַך זאָגן, אַז קיינער וואָלט פאַר מיר נישט געווען קיין מער געוווּנשענער גאַסט. נאָר איך האָב דיך נישט געקאָנט איינלאַדן סיי צוליב דיר גופא, סיי... אויך צוליב אַנדערע.

— איך וואָלט איר נישט אָפּגעביסן, — האָט בענאָני געזאָגט.

— המם... איך מיין, דו פאַרשטייסט אַליין, ווי שווער דאָס

וואָלט געווען פאַר... נו, יאָ, פאַר אַלעמען. דער מאַן איז דאָך אויך געווען.

בענאָני האָט דערפילט, אַז מאַק האָט געטון ריכטיק, און האָט נאָכגעגעבן:

— נו, יאָ, יאָ, איך מיין עס דאָך נישט ערנסט.

מאַק האָט אָפגעעפנט דאָס טישקעסטל און אויפגעהויבן די שקאַטולקע פאַרן הענטל. זי האָט אויסגעוויזן אַזאַ שווערע אין זיין דינער האַנט. נאָך פלוצלינג האָט ער צוריק אַוועקגעשטעלט די שקאַטולקע און געפרעגט:

— אָך, יאָ. אפשר קאָנסטו פאַרן מיטן „פונטוס" אויף די לאָפאָדן-אינזלען?

— צי איך קאָן? מיטן „פונטוס"?

— ווי פאַראיאָרן?

— צי דען נישט אראָן דער טריקענער וועט פירן די זעגל-שיף?

— ניין. — האָט מאַק אָפגעהאַקט.

פויזע.

—דו פאַרשטייסט דאָך,—האָט מאַק ווייטער געזאָגט—אַז אראָן דעם טריקענער קאָן איך שיקן קיין בערגען אָפפירן לאָדונג—דאָס איז נישט קיין קונץ, איך קאָן מיך אָבער אויף אים נישט פאַר-לאָזן מיט איינקויפן לאָדונג פאַר דריי שיפן, דערצו פאָדערט זיך אַ מענטש מיט אַ קאָפּ.

— אַז ער האָט געקאָנט פאָרן אין בערגען... — האָט בענאָני געפרווט רעדן.

— און דער עיקר, — האָט מאַק ווייטער גערעדט, נישט הערנדיק וואָס בענאָני זאָגט — דאָ איז פאַראַן פאַראַנטוואָרטלעכ-קייט. אראָן דער טריקענער איז הויל ווי אַ קאַטויל. דיר אָבער קאָן איך אָנגעטרויען, וויפל טויזנט דו ווילסט. דו ביסט אַ פאַר-מעגלעכער מענטש.

פון די ווערטער איז בענאָנין וונדערלעך גוט געוואָרן אויפן האַרצן, — אַזוי פיל האָט ער זיך אָנגעליטן פון די אַלע קלאַנגען וועגן זיין הינטערשטעליקייט. ער האָט געענטפערט:

— נישט אַלע טראַכטן אַזוי ווי איר. מען האַלט מיך היינט פאַר אַזאַ קבצן, אַז מען האָט מיך אפילו נישט אַריינגעשטעלט אין דער רשימה פון שטייער־צאָלער.

— אָך, סאַראַ מזלדיקער מענטש דו ביסט! נישט קיין מאַיאָנטעק, נישט קיין הכנסות, נישט קיין שטייערן... און ווילאַדס פון האַפן און אַלע פויערל וואָלטן געגאַנגען מיט די יאַכטעס, ווי פאַראַיאָרן. וועסט מיט זיך אויפן „פונטוס“, מסתמא, ווידער נעמען סיזען דעם וועכטער?

בלויז אויס איינגעוואָרצלטן רעספּעקט צו מאַקן פון סירילונד, מחמת איינגעבוירענעם דראַנג צו פאָלגן דעם דאָזיקן גבירמער פאַר אַלץ אויף מיילן ווייט אַרום, האָט זיך בענאָני נישט דערלויבט גלייך אָפּצוזאָגן זיך פון דעם פאָרשלאַג. חוץ דעם האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער איינציקער, וואָס קאָן מאַכן, אַז מען זאָל ווידער אָנהויבן גלויבן אין זיין עשירות — איז נאָר מאַק. דעריבער האָט ער געזאָגט:

— צי וועל איך טויגן דערצו?

— דו האָסט דאָך פאַראַיאָרן געטויגט.

דעמאָלט האָט בענאָני געזאָגט:

— אַלץ רעכט, אָבער קיין געלט האָב איך דאָך פאָרט נישט.

— געלט? — האָט מאַק געפרעגט אַ פאַרוווּנדערטער — אָט איז געלט! — האָט ער געזאָגט אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף דער שקאַטולקע.

— נו, אויב אַזוי...

— די מעשה איז נאָר, וואָס איך דאַרף דאָס געלט איצט האָבן, — האָט מאַק געזאָגט, גייענדיק דירעקט צום ציל — איך האָב געוואָלט באַקומען נאָך אַ פּראָלאָנגאַציע, כדי איינצוקויפן פיש. דעריבער לייג איך אָט וואָס פאָר: דו וועסט אַליין פאָרן אויף די לאַפאָדענס און איינקויפן פיש פאַר די דריי שיפן; וועסט קויפן וויפל דו ווילסט. צו הערבסט, ווען איך וועל די פיש פאַרקויפן, באַקומסטו דיין געלט מיט די פּראָצענטן.

— ניין, — האָט בענאָני געענטפערט — איך האָב שוין באַ-

שלאָסן... ניין, בשום אופן... פונוואַנען ווייס איך, אַז איך וועל דאָס געלט צוריק באַקומען?

— האָסטו דאָך די פיש פאַר אַ משכון. — האָט מאַק גע־ענטפערט פאַרוווּנדערט.

— אַ, וועל איך האָבן די פיש פאַר אַ משכון?

— פאַרשטייט זיך, די פיש געהערן צו דיר, ביז איך וועל זיי פאַרקויפן, און נאָך דעם — באַקומסטו דאָס געלט.

בענאָני האָט זיך פאַר זיך משער געווען, אַז דעם נייעם פּראָיעקט קאָן מען פאַרבינדן מיט די טרוקן־פּלעצער וואָס ער האָט געקויפט. איצט וועלן אים די בערג צונויף קומען, מחמת ער וועט דאָך האָבן פיש. ער האָט געזאָגט נישט זיכער, נאָכ־דענקענדיק:

—אָבער וויבאַלד אַז איך וועל קויפן די לאָדונג פאַר מיין אייגן געלט, הייסט עס, אַז איך קויף דאָך, אייגנטלעך, נישט פאַר אייך.

— ליבער האַרטוויגסען! כדי איינצוקויפן פיש, דאַרף מען האָבן שיפן. איך האָב דריי, און דו — קיין איינע נישט. חוץ דעם וויל איך דיר אויך דאָסמאָל נאָך העלפן, ווי אַלע מאָל. דו דאַרפסט זיך צוגעוווינען צום געשעפט. דו רעכנסט דאָך, מסתמא, מיט דער צייט אָנהויבן זעלבסטשטענדיק צו פאַרנעמען זיך מיט איינקויפן פיש, וואָרום אויב נישט, צו וואָס דען האָסטו געקויפט די טריקן־פּלעצער? איז אָט, האָב איך צוטרויען צו דיין גוטן קאָפּ און צו דיין מזלדיקער האַנט, און איך לייג דיר היי־יאָר פאַר אַ ביסל לערנען זיך דעם געשעפט אויף מיין חשבון, וועל איך עפּעס פאַרדינען — איז גוט, וועל איך פאַרלירן — איז דער היזק מיינער, און דו פאַרלירסט גאָרנישט. דו וועסט נאָר באַקומען פּראָ־צענט פאַר דיין געלט, אַחוץ דעם געהאַלט.

בענאָני איז לאַנג געשטאַנען און האָט געטראַכט. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— איך וואָלט וועלן כאָטש אַ קוק טון אויפן געלט.

מאַק האָט אויפגעעפנט די שקאַטולקע און אַרויסגענומען פון איר אַסיגנאַציעס אַ פּעקל נאָך אַ פּעקל. בענאָני האָט פאַר וווּנדער אויפגעהויבן די ברעמען אַזוי הויך, אַז די קנייטשן אויף זיין

נידעריקן שטערן האָבן זיך פאַרצויגן ביז אונטער זיין צעפּאַטל־טער גריווע.

— אפשר ווילסטו איבערציילן? — האָט מאַק געפרעגט.

— ניין, איך האָב נאָר געוואָלט... ניין, צו וואָס...

ווי בענאַני איז געקומען צו מאַקן אַן געלט, אַזוי איז ער פון אים אַוועק אָן געלט. נאָך גוט, וואָס צום סוף האָט ער זיך דערמאָנט פאַרזיכערן זיך אַ קרעדיט ביי מאַקן אין קלייט ביז הערבסט, ווען מ'וועט פאַרקויפן די פיש. און מאַק האָט, פאַר־שטייט זיך, אים נישט אָפּגעזאָגט, נאָר פאַרקערט, ער האָט גלייך מסכים געווען צו געבן אים קרעדיט אין קלייט.

— מירן שוין דאָס איינאָרדענען.

און כאָטש בענאַני האָט אַביסל מורא געהאַט פאַר סטען דעם קלייט־משרת, וואָס האָט זיך ליב צו טשעפּען, פונדעסטוועגן האָט ער געמוזט צו אים קומען.

— אַז איך וועל שיקן מיין דינסט נאָך עפּעס אין קלייט, זאָלסטו פאַרשרייבן אויף מיר. — האָט ער געזאָגט.

— מאַק האָט דיר געעפנט קרעדיט? — האָט סטען גע־פרעגט.

בענאַני האָט אַראָפּגעשלונגען די באַליידיקונג און געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— יאָ. ער געפינט, אַז מען קאָן מיר נאָך געטרויען. און ווי מיינסטו?

— איך? מיר איז אַלץ איינס, אויף וועמען איך וועל פאַר־שרייבן, איר שטייט אַלע ביי אונז אין די ביכער.

— האַ־האַ־האַ! דו האָסט שוין בעסער געזאָלט זאָגן: „בײַ מיר אין די ביכער.”

בענאַנין האָט זיך גרייליך געוואָלט אָנווייזן דעם דאָזיקן קלייט־משרתל זיין אָרט און גוט אָנלערנען אים. צופיל פאַררייסט ער שוין די נאָז און איז אַן עזות פנים. און דאָ איז נאָך ראָזען מיטן אַדוואָ־קאַט איינגעפאַלן נעמען צו זיך סטענס זעקס־יאָריק מיידעלע אויף געניג און פון פאַרוויילונג וועגן. נאָכדעם האָט סטען דער קלייט־

משרת נאַכמער פאַרריסן די נאָז, ווייל מען האָט זיין מיידעלע גע־שענקט אַ ניי קליידל.

— אָט דאָס זענען מענטשן! — האָט ער געזאָגט צו בענאָני. — זיי האָבן דאָס מיידעלע אויסגעקליידט ווי אַ בת־מלכּה, און עסן גיט מען איר אַזויפיל, אַז עס בלייבט נאָך.

— דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס דער אַדוואָקאַט אַליין וועט קיינמאָל קיין קינדער נישט דערלעבן צו האָבן. — האָט געזאָגט סווען דער וועכטער, וואָס איז געשטאַנען דערביי און האָט אַלץ געהערט.

מען האָט זיך אָנגעהויבן אַמפּערן. סווען דער וועכטער האָט געזאָגט, אַז אינגיכן וועט זיין אַ סוף צו דעם אַדוואָקאַטס עשירות. אָט האָט ער שוין געמוזט אַרויספאָרן פונם שמש־הויף און דינגען זיך אַ שטיבל ביי דעם שמיד, וואָס „איז דאָס פאַר אַן אָרט פאַר אַזאַ איידעלע פּערזאָן? צי דען אַזעלכן האָט ראָזע דעם פּאַסטאָרס געדאַרפט האָבן פאַר אַ מאַן? מער טוט ער גאָרנישט, נאָר ער שטייט אין שענק און טרינקט. — פוי! ווען איך וואָלט דאָ געווען אַ וועכטער, וואָלט איך אים פּשוט גענומען פאַרן קאָלנער און גע־זאָגט: „גיי נאָך מיר!“

בענאָני האָט אַרויסגערופן סווען דעם וועכטער אינדרויסן און האָט געזאָגט:

— איך פאָר ווידער צו די לאָפּאָדענס אויפן „פונטוס“. וואָס וועסטו דערצו זאָגן?

וואָס זאָל סווען דער וועכטער זאָגן דערצו? ניין, היינטיקס מאָל וויל זיך אים נישט פאָרן. ער איז ווידער מיט עלענען שלום געוואָרן נאָך יענער משוגענער נאַכט פון ניטל, און פון דע־מאָלט אָן זענען זיי צווישן זיך אפילו, דאַכט זיך, נאָך בעסער ווי געווען. די קלעפּ און דאָס מעסער האָבן, מסתּמא, גוט געווירקט אויף עלענען. און זי איז בעסער געוואָרן. זי האָט זיך צו אים נאָר געלאַשטשעט און געזאָגט מיט פאַרדרוס: „אָבער דו וועסט עס שוין מער קיינמאָל, קיינמאָל נישט טון?“ — „ניין, ניין, קיינמאָל נישט, — האָט ער געענטפערט אַ פאַרשעמטער און האָט זיך גע־פילט גאָר פאַר אַן אומגליקלעכן — איך האָב עס אַזוי זיך, נאָר

געהיצט זיך אביסל". און מאַק האָט אָפּן געזאָגט עלענען: — „זאָל זײַן דער װעכטער מיט דיר חתונה האָבן אין פרילינג, איך װיל נישט, אַז בײַ מיר אין שטוב זאָל פאַרקומען אַ רציחה."

איז טװען געשטאַנען קעגן זײַן אַמאָליקן קאַפּיטאַן און האָט זיך מתודה געװען, פאַרװאָס ער האָט נישט קײן חשק צו פאָרן אויף די לאָפּאָדענס.

אָבער בענאַני האָט געמאָלדן, אַז דאָסמאָל פאָרט ער אײַנקויפן פיש פאַר זיך אַלײן.

אָ! אויב אַזוי איז עפּעס אַנדערש. פאַר זיך?

דעמאָלט װעט טװען דער װעכטער פאָרן, אַז נישט, װאָלט עס פאַר אים געװען אַ חרפּה.

בענאַני איז אָפּגעשװומען צו די לאָפּאָדענס אויף דער אַלטער זעגל־שיף, נאָך אים זענען געגאַנגען בײדע יאַכטעס. דער האַפן איז װיסט געװאָרן, און דער װינטער האָט דאָס גאַנצע שטעטל אײַנגעדעקט אין שניי און אין שטילקייט...

דערװײל האָט זיך דער אַדװאָקאַט מיט דער פרוי אַריבערגעקליבן צום שמיד.

— דאָס איז נאָר עד־לחײלע, — האָט געזאָגט דער יונגער אַרענטסען — און נאָכדעם װעלן מיר זיך בויען אַן אײגן הויז.

זײ האָבן מיט זיך גענומען דעם אַלטן שמשס אלמנה און דאָס אַדאָפּטירטע מײדעלע, סטענס טאָכטער.

זײ האָבן זיך געקאָנט אײַנאָרדענען, װי זײ האָבן געװאָלט: דער שמיד האָט פאַר זיך איבערגעלאָזן נאָר אײן חדרל אין דעם גאַנצן הויז. מען האָט אַלץ אויסגעװאַשן, אויסגערײניקט, אַזוי אַז פון אויבן ביז אַראָפּ האָט אַלץ געבלאַנקט, און אויף עטלעכע פענסטער האָט מען אויפגעהאָנגען פּיראַנקעס. קײנמאָל האָט דעם שמידס שטיבל נישט געװוּסט פון אַזאַ פּוּץ. אמת, עס איז קײנמאָל נישט באַשטימט געװען פאַר אַזעלכע געהויבענע קװאַרטיראַנטן. ראָזע האָט דרײַ טעג צוגעקליבן און גערײניקט אײדער מען איז אַריבערגעפאָרן. זי האָט זיך גענוג אָנגעהאָרעװעט. די קאַנאַפּע און צװײ בעסערע שטולן האָט מען אַרײַנגעשטעלט צו ניקאָלאַיען אין קאַנטאָר פאַר די קליענטן. נאָכדעם איז אין זאַל גאָר פּוסט גע

וואָרן. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי וויכטיק. אין עטלעכע יאָר אַרום וועלן אפשר זיין מיטלען אפילו אויף אַ ראָיאַל, כדי צו פאַרשטעלן דעם פוסטן פּאָדערשטן ווינקל, וואָס צום ים צו.

דער אַדוואָקאַט האָט צוגעשלאָגן זיין טאָוועלע צו דער ערשטער טיר אין פירהויז. אָפטמאָל פלעגט ער אַליין גיין דורך דער דאָזיקער טיר, כדי אונטערצוהאַלטן זיין אַדוואָקאַטישע ווערדע, און כדי די טיר זאָל זיך כאָטש איינמאָל אין טאָג עפענען. אָבער קיין לעבעדיקער נפש האָט זיך צו אים אין קאַנטאָר אַריין נישט באַוויזן. אמת, ס'איז טאַקע געווען ווינטער, אַלע קריגערייען און לאָדענישן האָבן געשלאָפן. ער האָט אַזוי חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך נישט אויסגעפועלט קיין ריכטער-שטעלע אויף די לאָפּאָדען-אינזלען. איצט איז ער אַרומגעקראָכן אָן אַרבעט, ווערנדיק פון טאָג צו טאָג אַלץ טעמפּער און אָפּגעלאָזענער, גלייך ווי נאָר דערויף איז ער באַשאַפן געוואָרן, כדי ווען נישט ווען צו שפּילן מיט דעם שמיד אין אַ וועלכע נישט איז אומשולדיקע קאָרטן-שפּיל.

דאָס, וואָס דער געריכט האָט זיך צו אים באַצויגן אַזוי שענדלעך, האָט אים אויך נישט געקאָנט צוגעבן קיין מוט. דער פּראָצעס פון לעוויאַן פון טאַרפּעלוויקען מיט סער גיו טרעוועליאַנען איז שוין דורכגעגאַנגען אין אויבערגעריכט אויך, און ער האָט אים ווידער פאַרשפּילט: דער פּסק-דין פון דעם ערשטן געריכט איז באַשטעטיקט געוואָרן. וואָס זשע זענען עס פאַרא געריכטן! און נאָכמער: דער אויבער-געריכט האָט אַדוואָקאַט אַרענטסענען געמאַכט אָן אויסרייד און אַרויפגעלייגט אויף אים אַ שטראָף דערפאַר, וואָס ער האָט אין דער הוספה צו זיין באַריכט אומאָנשטענדיק גערעדט וועגן דער פרייליין עדוואַרדע. ער האָט איצט מיט אומרויקייט געוואַרט אויף דעם רעזולטאַט פון נאָך עטלעכע פּראָצעסן פון דעם זעלביקן מין. וואָס זשע זאָל ער איצט טון, כדי לייכטער צו מאַכן זיך אויפן האַרצן, אויב נישט שפּילן אין קאָרטן און אַלץ אָפטער און אָפטער באַזוכן דאָס סירילונדער שענקל?

מען קאָן נישט זאָגן, אַז ניקאָלאַי אַרענטסען איז געווען אַן אמתער שיכור, נאָר געטרונקען האָט ער כּדבעי, און דערצו נאָך

האָט ער זיך זייער אָפּגעלאָזן מחמת לײדיקגײן און לאַנגװײליקײט. אָנגעהויבן האָט ער דערפֿון, װאָס ער פֿלעגט קומען אין שענק, בלומרשט עס טרייסלט אים פֿון פֿאַרקילונג. אויסגעטרונקען אַ פּאָר קעליִשקעס און אַװעק. אָבער די פֿאַרקילונג האָט דאָך נישט געקאָנט דויערן אָן אַ סוף, האָט ער גענומען בעטן זיינע קעלישקעס מיט אַ פֿרייערן טאָן, אַמאָל אויף דעם סמך, װאָס ער האָט צו מיטאָג געגעסן געזאַלצנס, אַמאָל אויף דעם סמך, װאָס ער איז חײַט געגאַנגען און איז פֿאַרמאַטערט.

– העי, סטען, קום אָקאָרשט אַהער און גיב מיר אָן אַ קעלישעק! – האָט ער הויך גערופֿן, כּדי צו פֿאַרבאָרגן, װאָס ער שעמט זיך.

אַמאָל פֿלעגט ער שפּילן אין קאָרטן אויף בראָנפֿן, און נאָכדעם דעם געװינס גיין פֿאַרטרינקען צוזאַמען מיט דעם שמ״ד. װען ראָזע האָט אים אויסגערעדט, װאָס ער קאָמפּאַנירט זיך מיט אַזעלכע מענטשן, האָט ער געענטפֿערט, אַז ער טוט עס בבֿיון, כּדי צו באַװײַזן פֿאַר דעם עולם, פֿון װעלכן עס הענגט אָפּ זיין פּרנסה, אַז ער איז נישט קיין בעל־גאווה.

אָך, צװישן ראָזען מיט דעם יונגן אַרענטסענען האָבן זיך שוין אָנגעהויבן מחלוקתן. אָנגעהויבן נאָך סאַמע פֿון דעם אַלטן שמשס קבורה. אַרענטסען האָט בײַ דעם בר־מינן פֿון האַנט אַראָפּגענומען דעם רינג. – „מיין ליבער פֿאָטערל האָט געמעגט נאָך פֿאַרן לעבן אַראָפּנעמען דעם רינג פֿון האַנט. – האָט ער געזאָגט, – ס'איז נישט פֿאַר אונזער קעשענע צו נעמען מיט זיך אין קבר אַריין גאָלד.”

דער רינג איז געװען גאָר אַן אָפּגענוצטער, אַ דינינקער, אַזוי אַז עס איז נישט געװען קיין גרויסער שאָדן איבערצולאָזן אים. אָבער דער יונגער אַרענטסען האָט אַזוי לאַנג געדרייט און געקרומט בײַ דעם בר־מינן דעם פֿאַרגליװערטן פֿינגער, ביז ער האָט דעם רינג אַראָפּגעצויגן. ראָזע האָט דערפֿון געהאַט גרויס צער, און כּדי צו טרייסטן די אַלטע שמשטע, האָט זי געזאָגט: – „איך װעל אים שענקען אַן אַנדער רינג, אַ בעסערן!” און זי האָט דעם בר־מינן אָנגעטון דעם דיקן גאָלדענעם רינג, װאָס בענאָני האָט איר

געשענקט. זי האָט אים מאַקע עד היום נישט אָפּגעשיקט. און ער האָט זיך געהאַלגערט אין קאָמאָד צוזאַמען מיט דעם באַרימטן גאָלדענעם צלם. ניקאָלאַי האָט אַלע מאָל געזאָגט: „צו וואָס דאַרף מען באַליידיקן בענאָנין און אָפּשיקן אים זיינע מתנות?" טאָ זאָל דער דאָזיקער רינג לפּחות באַפּוצן אַ פיינעם מענטשן אין קבר, דער רינג איז גאָר פריי אַרויף אויף דעם פינגער פון דעם זקן, פון וועלכן עס איז געבליבן מער נישט ווי הויט און ביינער. אָבער דער יונגער אַרענטסען, — אָט דער טייוול אַרענטסען—האָט באַוויזן צוצולקחענען אויך דעם צווייטן רינג, איידער מען האָט די טרומנע באַגראָבן, און ער האָט אים באַהאַלטן.

פונדעסטוועגן זענען נאָך די באַציונגען צווישן דעם יונגן פּאָרפּאָלק אַ היפּשע צייט פאַרבליבן גוטמוטיקע און לייבטע, און דעם מאַנס וויצן, לייכטזיניקייט און פאַיאַצישע שטיק האָבן נאָך ראָזען נישט אינגאַנצן אַרויסגעבראַכט פון די כלים. שוין דאָס אַליין, וואָס ניקאָלאַי האָט זיך געסטאַרעט פריילעך צו פלוידערן, האָט באַוויזן, אַז ער האָט אין אַ געוויסער מאָס גוטן ווילן. אָבער וואָס טיפער אין ווינטער אַריין, אַלץ מער האָט זיך אין אים אָנגעקליבן פאַרביטערונג און צערייצטקייט, און זיינע רייד זענען אַריבער אין געמיינקייטן.

ווען ער האָט דעם ערשטן מאָל דערזען, ווי ראָזע טראָגט אַן עמער וואַסער פון ברונען, האָט ער זיך תיכף געמאַכט אַביסל פאָרוווּרף. ער איז געזעסן ביי זיך אין קאַנטאָר און האָט זי געזען דורכן פענסטער. נישט ווילנדיק האָט ער זיך אויפגעהויבן פונם שטול, כדי אַרויסצולויפן און צונעמען ביי איר די משׂא. אָבער אפשר איז דאָס נישט נויטיק. ס'איז נישט אַזאַ גרויס אומגליק, אויב ראָזע וועט שוין ברענגען אַן עמער וואַסער. נאָכדעם האָט ער שטענדיק געזען, ווי ראָזע שלעפּט האָלץ אין פאַרטוך, און דאָס האָט אים שוין גאָרנישט געאַרט. מען קאָן דאָך נישט נעמען קיין שטובמיידל, ווען זי האָט אפילו קיין קינדער נישט. עס איז שוין אַזוי אויך אין שטוב פאַראַן דריי ווייבער. נאָר עס וואָלט נישט געווען קיין עולה, ווען זי בינדט זיך אונטער אַ זאַק, אַז די פאַרטוכער זאָלן זיך נישט רייסן.

און ראָזע? — אויף איר האָט קיינער נישט געקוקט. איר ליבטיקער שטראַלנדיקער שמייכל האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן. אָבער קיין שום שמייכל קאָן נישט בלייבן אויף אייביק.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן עסק פאַר דער־האָקסענע מענטשן?

— האָט ער איינמאָל געזאָגט. — פשוט פוך און פעדערן. שוין אַזוי ווייניק און לייבט, אַז שיר־שיר מען קאָן אָוועקפליען. איך רעד נישט אויס, נאָר דאָס איז נישט קיין עסק פאַר אַן אַרבעטס־מענטשן.

„פאַר אַן אַרבעטס־מענטשן"! און צו קיין אַרבעט האָט ער זיך גאַנצענע טעג נישט צוגערירט!

— דאָ איז אַזוי קאַלט, און אין אויוון קיין שייט האָלץ נישט. — האָט ער געזאָגט אין אָוונט.

— טאָ גיי אַליין און ברענג אַ ביסל, — האָט זי געענטפערט — איך מיין, אַז ס'וועט דערויף קלעקן כוח ביי אַזאַ גראָבאַטש, ווי דו.

ראָזע האָט מיט גרויס פאַרדרוס געקוקט דערויף, וואָס ניקאָלאַי ווערט פון טאָג צו טאָג דיקער. ער צעגיסט זיך אינדער־ברייט, אפילו די באַקן האָבן ביי אים אָנגעהויבן אַראָפּהענגען.

ער האָט געענטפערט, ווי געוויינלעך, פויל, מיט אַ חיוק.

— ווען דו וואָלסט אויף מיר געזאָגט, אַז איך בין די פאַר־קערפּערונג פון מאָגערקייט, וואָלט עס, פאַרשטייט זיך, געווען אַ ליגן אויף דיינע ליפּן, ראָזע. מאָגערקייט איז נישט דער חסרון, אויף וועלכן איך לייד. בכן איז פּעטס די מעלה, וואָס...

— אַך, ניקאָלאַי, וואַרט, באַלד וועלן ביי דיר די באַקן גאָר פּלאַצן.

— באַקן דאַרפן גאָרנישט סטאַרטשען מיט קאַנטן אויפן פּנים.

— אָבער דער בויך וואַקסט ביי דיר אויך!

— המם... און ביי דיר אפילו דאָס אויך נישט.

ראָזע איז אַוועק נאָך האָלץ און אונטערגעוואָרפן אין אויוון.

„ס'איז נישט איר שולד, וואָס זי ווערט נישט דיקער אין טאַליע,

גאָט איז אַן עדות, אַז נישט זי איז אין דעם שולדיק!" — האָט זי געטראַכט.

— צו וואָס דאַרפסטו עס, אַז איך זאָל זיין אַ מאָגערער? — האָט ער געפרעגט מיט פאַרדרוס. — עס פּאַסט נישט פאַר אַדוואָקאַט אַרענטסען ארומצוגיין ווי אַ שאָטן. קיינער וועט פאַר מיר קיין רעספּעקט נישט האָבן.

אָבער אַלע פרווון זיינע, איינצונעמען זי מיט אזעלכע וויצן, האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרנישט. צו לאַנג האָט זי זיי געהערט, און איז געוואָרן צו זיי אינגאַנצן גלייכגילטיק. זי איז נאָר געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ערנסטער און איז דאָס רוב ארומגעגאַנגען מיט פאַרדריקטע ליפּן. ניקאָלאַי האָט אָפטמאָל זיך פאַרווילט דערמיט, וואָס ער האָט געפּלוידערט מיט דעם מיידעלע, מיט סטענס קליינינקער מאַרטען, און האָט איר געלערנט רעדן אַלערליי צווייַדייטיקע ווערטער. ראָזען איז יעדער מין וולגאַרקייט געווען דערווידער, און זי איז געווען אין כּעס, עס איז איר געווען אַ רחמנות אויפן קינד, און זי האָט געזאָגט:

— ער לאַכט עס פון דיר, הער אים נישט!

דעמאָלט פלעגט זיך ניקאָלאַי אָפּרופן פון זיין צימער:

— גאָט מיינער, איך האָב קיינמאָל נישט אויסגערעכנט, אַז די וועסט זיין אַזאַ יענטע, ראָזע!

אָבער ערגער פאַר דאָס אַלץ איז געווען, וואָס אַרענטסענס אָנגעקליבענער קליינער קאַפּיטאַל איז זיך ביסלעכווייז צעשוווּמען געוואָרן. און וויפל האָט ער עס אינגאַנצן, מ'שטיינס געזאָגט, אָנגעקליבן! פאַראַיאָרן איז אים אין אָנהויב אַוועק גוט, און ער האָט פאַרדינט פיין געלט, אָבער פון פרילינג אָן, זינד דער טינג איז פאָרגעקומען, איז שוין מער קיינער מיט קיין רעכטן פּראָצעס נישט געקומען, און די הכנסות זענען פאַרשוווּנדן. אמת, ווען די פישער וועלן זיך אומקערן פון די לאָפּאָדענס, וועט זיך ווידער אַ שאָט טון אַ רעגן פון געלט. אָבער ביז וואָס דאַרף מען דערווייל מיט אַ ווייטיק אין האַרצן פּטרן ביז דעם לעצטן שילינג, פון דעם גרייטן. אַביסל איז אַוועק אויף די קאָרטן מיטן שמיד, אַ ביסל אויף קעלישקעס אין סירילונד, דאָס איז אמת, מילא, איז וואָס? זאָל

ער טאַקע נעמען און אויסגיין פון אומעט בשעת ער דאַרף, אדרבא אויסהאַלטן אַ גאַנצע משפחה? ס'איז שוין אַזוי אויך גענוג נאַריש, ערשט אַכט אָדער צען הדשים נאָך דער חתונה, און ער האָט שוין צו טון מיט אַ משפחה פון פיר נפשות.

סוף מערץ האָט דער קרייז געריכט אַרויסגעטראָגן דעם פסק־דין אין דעם פּראָצעס פון אַראָן פון די בערג. דער פּראָצעס איז אויך געווען אַ פאַרשפּילטער, דער פסק פונם פריערדיקן געריכט איז באַשטעטיקט געוואָרן און אויף אַדוואָקאַט אַרענטסען האָט מען אַרויפגעלייגט אַ שטראָף–היינטיקס מאָל דערפאַר, וואָס ער פאַרציט אומזיסט די פּראָצעסן. באַפט עס דער רוח, וואָס איז עס אַזוינס? ס'האבן זיך אַפּנים אַלע געריכטן צונויפגערעדט אונטערצוגראבן אין וואָרצל די גאַנצע טעטיקייט פון דעם יונגן פלייסיקן אַדוואָקאַט.

ער האָט די קליינע מאַרטען אַוועקגעשיקט קיין סירילונד נאָך אַ גאַנצע פלאַש בראָנפן און איינגעלאַדן צו חברה דעם שמיד. ווען די פלאַש האָבן זיי אויסגעטרונקען, האָבן זיי זיך ביידע פאַלנדיק פון די פיס אַוועקגעלאָזן קיין סירילונד פאָרטצווזעצן די הוליאַנקע. דער יונגער אַרענטסען האָט זיך פאַרנאַכט אומגעקערט אַהיים, און דאָ האָט מען אים מיט קיין זאַך נישט געקאָנט צופרידנשטעלן. דער מיטאָג איז קאַלט געוואָרן. די מוטער, די אַלטע שמשטע, די אַלמנה, אַ מאָגערע און אַ אָנגעשראָקענע, איז פון אים אַנטלאָפן. ראָזע האָט לכתחילה געלאַכט פון זיין שיכורן צעבראַסטעטן אויסזען, אָבער נאָכדעם, אַז ער האָט זיך באַליידיקט, איז זי אַנטשוויגן געוואָרן און האָט דעם גאַנצן אָוונט קיין מויל נישט געעפנט.

— איך האָב פון דיר פיל טרייסט, ראָזע, ווען איך געפין מיך אין אַזאַ פאַרצווייפלטער לאַגע. — האָט ער געזאָגט.

פויזע.

— דער איצטיקער פאַרשפּילטער פּראָצעס באַטייט בלי־ספק, — האָט ער ווייטער גערעדט — אַז די געריכטן ווילן אַוועקפּטרן מיין פּראַקטיק. וואָס ווערסטו זאָגן דערצו?

ענדלעך האָט זי געענטפערט:

— איך װעל זאָגן, אַז דו האָסט נישט געדאַרפט שיקן דאָס קינד קיין סירילונד נאָך פלעשער.

— המם... אָט װעגן װאָס דו טראַכסט פריער פאַר אַלץ, װען דיין מאַן דער ארװאָקאַט פאַרשפּילט אַ פּראָצעס.

פויזע.

— נאָך פלעשער? װאָס װילסטו דערמיט זאָגן? ס'האָט ביי מיר קיין װערדע נישט אויסצוטרינקען צװיי פלעשער פאַר אַמאָל, און איך טרינק בסך הכל מער נישט װי צװיי דריי קעלישקעס. װאָס זשע, דו מיינסט אַז איך בין שכּור?

— ניין, — האָט זי געענטפערט — נאָר דו גייסט צו אָפט קיין סירילונד.

— טאָ װאָס זשע איז דערפון געדרונגען? דו װילסט, איך זאָל דאָ פאַרגרן פון אומעט? ניין, מיין טייערע, שװייג שוין בעסער, איך גיי פּשוט אַװעק פון שטוב, װען איך בין אין פאַרצװייפלונג, און מער גאָרנישט.

— הייסט עס, אַז פאַר די גאַנצע אַכט חדשים ביסטו יעדן טאָג מער אָדער װייניקער פאַרצװייפלט? — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, און צװיי מאָל האָט ער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ פאַר אַ באַװייז, אַז דאָס איז ריכטיק, — יאָ, דאָס איז כּמעט אַזוי.

כּדי אויסצומיידן װייטערדיקע שטעכװערטער האָט ראָזע געפרעגט:

— אפשר האָלטסטו, אַז ס'װאָלט גלייכער זיין אָפּצושיקן מאַרטען אַהיים צו דער מוטער?

— פאַרװאָס? יאָ, אפשר. איבעריקנס, ניין, מ'דאַרף נישט. װען איך שיק זי אַמאָל נאָך עפּעס קיין סירילונד, זעט זי זיך פאַר איין גאַנג מיטן פאָטער. דאָס איז זייער באַקװעם.

פויזע.

— ס'קאָן זיין, אַז דו װאָלסט טאַקע בעסער געדאַרפט חתונה האָבן מיטן ברײטטרעגער בענאָני. — האָט ער געזאָגט פאַרטראַכטערהייט.

— גאָר אַזוי, בעסער?

— און ווי מיינסטו אַליין? וואָס בין איך פאַר דיר פאַר אַ מאַן?

זי האָט אויף אים אַ קוק געטון, דער שפּיץ־קאָפּ איז ביי אים געווען איינגאַנצן אַ הוילער, די פּאַטילִיצע, פאַרקערט, איז ביי אים געווען פאַרוואַקסן מיט געדיכטע קורצע האָר. און דעריבער האָט זי אויסגעוויזן אַ משונה גרויסע. דער דאָזיקער מיאוסער קאָפּ האָט אים געגעבן אַן אויסזען פון עפּעס אַ קאַרליק, דער־הויפּט ווען ער איז געזעסן, ווי איצט, איינגעהויקערט און אַריינ־געצויגן דעם האַלז אין די פּלייצעס.

נישט באַקומען קיין ענטפער, האָט ער ווידער גענומען רעדן:

— ניין, פונדעסטוועגן. איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז דו ביסט אַזאַ לאַנגווייליקע פרוי.

— הייסט עס, ריכטיקער, אַז איך פּאַס דיר נישט פאַר קיין ווייב.

דער יונגער אַרענטסען איז געזעסן, קוקנדיק אויף די הענט. נאָכדעם האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צו דער וואַנט און גע־זאָגט:

— יאָ. יאָ, ראָזע, מען מעג זיך רעדן, וואָס מען וויל, נאָר קיין אַנדער ליבע איז נישטאָ, אויסער געגנבעטער.

איר געזיכט האָט זיך פיינלעך אַ קניימש געטון, און ס'איז געווען גלייך ווי אַ זונפאַרגאַנג ווען איר בליק איז לאַנגזאַם טונקל געוואָרן.

— פון דעם מאָמענט אָן, וואָס די ליבע ווערט אַ געזעצ־לעכע, ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַ חזירשאַפט, — האָט דער יונגער אַרענטסען פאַרענדיקט — פון דער רגע אָן גייט זי אַריבער אין רגילות. און פון דער זעלביקער רגע אָן איז די ליבע אויס־געדעמפּט.

# XXIII

די זעגל־שיף מאכט א גרויסן האלבקרייז און גייט אריין אין האפן.

אין א שעה ארום קומען אָןביידע יאכטעס. אלע דריי שיפן שטעלן זיך אָפּ לעבן מאַקס טריקן־פלעצער און וואַרפן ארויס שטריק אויפן ברעג. בשעת דער דאָזיקער ארבעט זינגט סווען דער וועכטער א מאטראָסן־ליד, אזוי אז עס הערט זיך אין סירילונד.

— איך האָב אליין אויך בערג, — זאָגט בענאָני, — אָבער ס'איז אלץ איינס, איך קאָן מיך אָפּשטעלן אויך ביי מאַקס פלעצער...

ער איז זייער פרעזענטאַבל אין די הויכע שטיוול מיט די בייגל און אין די צוויי רעקלעך, אָבער אין דער געדיכטער גרויער אויפן דעקשטערן באַווייזן זיך גרויע האָר.

אביסל שפּעטער שווימט ער צו אין א לאָדקע צום האפן מיט סווען דעם וועכטער און מיט נאָך אָן ארבעטער און ער גיט זיך תּיכּף אָן אלס באַלעבאָס פון די פיש.

— מאָרגן הויב איך אָן זיי איבערצוּוואַשן. — זאָגט ער אלע־מען, וועמען ער באַגעגנט.

צווישן דעם עולם, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אויפן ברעג, איז איין פערזאָן געקומען ספּעציעל צוליב סווען דעם וועכטער, — א פרוי אין א גרויסע פאַטשיילע, זיין ליבע עלען די שטוב־מיידל. זי האָט אַפנים גאָר פארגעסן אָן דעם לאנגן מעסער און אָן די קלעפּ ערב־ניטל, און אפילו אָן מאַקן גופא. זי איז געווען אזוי פריינטלעך צו איר שעצער, און האָט אים פאַר אלעמען אין די אויגן גענומען פאַר דער האַנט.

— מיט גליק! — האָט זי געזאָגט.

די פאַטשיילע האָט זי אויף זיך ארויפגעוואָרפן, אַפנים, נישט אומזיסט. די עקן אראָפּגעלאָזט ביז די קני, גלייך עס וואָלט דערצו געווען עפּעס א סיבה...

בענאָני איז אַוועק צו מאַקן אין קאַנטאָר.

און מאַק האָט פּונקט דעמאָלט גערעדט מיט ראָזען. די קלייניקע מאַרטע איז דאָ אויך געווען. זי האָט מיט גאווה גע-האַלטן אין האַנט אַ בלעכענעם עמער, וואָס מען האָט איר גע-געבן. ראָזע איז געווען נאָך שטילער און טרויעריקער ווי אַלע-מאָל און האָט אָנגעהויבן ווי אויף אַ געלעכטער:

— אפשר קאָן מען אונז אַביסל צייט געבן אין קלייט אויף באָרג?

— וואָס? — האָט מאַק איבערגעפרעגט. — פאַרשטייט זיך. גע-ווים, אָבער איר דאַרפט עס, אַפּנים?

— ניין, — האָט זי געענטפערט — אָבער ניקאָלאַי איז נישטאָ אינדערהיים, איך האָב געמיינט, אַז ער איז דאָ.

— ניין, ער קומט צו אונז זעלטן.

ראָזע האָט אַרויסגעשיקט די קליינע מאַרטען אין קלייט צום פאָטער. נאָכדעם האָט זי געזאָגט:

— ניין, ער איז דאָ אָפט.

מאַק האָט געפרוווט ענטפערן:

— שטענדיק מיט גוזמאות. אַך, די ווייבער!

אַהאָ! איצט מוז אפילו זיין מוטער, די אַלטע אלמנה, אַוועקגיין פון זיי צו דער טאָכטער. אַ חרפה און אַ שאַנד. פשוט אַ שרעק! און מער נישט, ווי צוליבן שטיקל ברויט, זי זאָל זיי נישט אָפּעסן דעם קאָפּ, מחמת ניקאָלאַי פאַרדינט ווינטער-גאָרנישט. ווען מאַק וואָלט מיט אים איבערגערעדט... וואָלט ער זיי ווי נישט איז געהאָלפן? אויף ניקאָלאַיען וועט געווים ווירקן, ווען מאַק וועט מיט אים ערנסט רעדן. די דאָזיקע חברשאַפט מיטן שמיד און דאָס אייביקע עולה רגל זיין קיין סירילונד...

— אַך, ווי דו ביסט אַלץ מגזם!

ראָזע האָט האַפנונגסלאָז אַ שאָקל געטון מיט קאָפּ.

— טאָג-טעגלעך, און אַן אַנדערש מאָל אפילו צוויי מאָל אַ טאָג. און אַלץ איז אַזוי שלעכט, דאָס גאַנצע לעבן, און דאָס באַגיין זיך... און דאָס קינד זעט עס נאָך אַלץ און הערט. ניין, דאָס מיידעלע מוז מען אַנדערש נישט ווי צוריק אָפּשיקן צו דער מוטער. זאָל מאַק איבעררעדן מיט אים, נאָר וואָס ווייבער,

פריינטלעבער. דאָס וואָס ער שטעקט אַלעמאָל אין שענק, איז פשוט נישט אָנשטענדיק.

מאַק האָט זיך געסטאַרעט טרייסטן די טויף-טאָכטער און האָט איר צוגעזאָגט איבעררעדן מיט ניקאָלאַיען און זען, עס זאָל זיין גוט.

— זאָג אים, אַז אַן אָנשטענדיקער מענטש פירט זיך נישט אַזוי אויף. אָט קערן זיך איצט אום די פישער פון די לאָפאָדענס אהיים, ניקאָלאַי דאַרף זיצן אינדערהיים, כדי אַז מענטשן וועלן קומען, זאָל מען אים געפינען. אַנישט, וואָס וועט דערפון אַרויס־קומען? באַטראַכט זיך נאָר, זיצן שטענדיק אין שענק — אַן אַדוואָקאַט?

— דו ביסט אַלץ מגזם. נאָר ער פאַרשפּילט די פּראָצעסן, דאָס איז שוין ערגער.

— יאָ, ער פאַרשפּילט די פּראָצעסן אויך.

— דו וואָלסט בעסער חתונה געהאַט מיט בענאָנין. — האָט מאַק געזאָגט.

— מיט בענאָנין? גאָר אַ נייס! — האָט זי שאַרף געזאָגט, אָנצינדנדיק זיך. — דו ווייסט עס אַליין זייער גוט. איך האָב חתונה געהאַט מיט דעם, מיט וועמען איך האָב געדאַרפט.

— און געטון טאַקע אַ גרויסע נאַרישקייט. דו האָסט געטון פּונקט קאַפּויר, ווי איך האָב דיר געראָטן.

ראָזע האָט איבערגעריסן.

— הייסט עס, דערווייל קאָן איך ביי סטענען נעמען פאַר־שידענע קליניקייטן?

בענאָני איז געגאַנגען איבערן וועג קיין סירילונד און האָט באַגעגנט ראָזען מיט מאַרטען, ווען זיי זענען אַרויס פון קלייט. דערזעענדיק, ווער עס גייט אים אַנטקעגן, האָט ער זיך אַ צאַפּל געטון און גענומען שטעלן קלענערע טריט. עט, ער האָט נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר ראָזען. און חוץ דעם איז בשום אופן נישט מעגלעך געווען צו באַהאַלטן זיך אויף דעם אָפענעם וועג. אָבער נאָך אַזאַ לאַנגע צייט, נאָך אַזוי פיל גרויסע געשעענישן איז נישט לייכט געווען צו גיין מיט גלייכע רויקע טריט. אָט האָט

זי שוין אויך דערזען, ווער עס גייט איר אנטקעגן. און אין איר גאַנג האָט זיך אויך באַוויזן אַ מין אומאַנטשלאָסנקייט. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז זי וואָלט אויך בעסער אַריין אין דער ערד.

— גוט מאָרגן! — האָט ער געזאָגט.

פון דעם ערשטן קוק אויף ראָזען האָט ער גלייך באַמערקט, ווי זי האָט זיך געענדערט פאַר די עטלעכע חדשים. די קליינינקע מאַרטע האָט געמאַכט אַ רעוועראַנס, דאָס איז געווען זייער פיין, אָבער אויף בענאַנין האָט עס געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק. רעוועראַנסן מאַכן געוויינלעך קינדער פון פּריצישן שטאַנד, און דאָס מיידעלע מיטן רעוועראַנס האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט פאַר זיך פּריצים. ראָזע האָט פאַר דער צייט באַוויזן צו ווערן אַ דאַמע.

— דיר איז נישט שווער צו טראָגן אַזאַ גרויסן עמער? — האָט בענאַני געפרעגט ביים קינד.

גאָט! ער האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס ער רעדט. גוט, וואָס דאָ איז דאָס מיידעלע. און ראָזע, אפנים, אויך אַ מטושטשע, האָט זיך אָנגעבויגן צו מאַרטען און געפרעגט:

— אמת טאָקע, דיר איז נישט שווער?

— ניין.

— נעם דו בעסער די פּעקלעך.

— ניין, די פּעקלעך זענען נישט אַזעלכע שווערע. — האָט מאַרטע געענטפערט אומצופרידן.

— דאָס איז אמת, אַז זיי זענען נישט אַזעלכע שווערע ווי דער עמער, — האָט זיך בענאַני פונאַנדערגעלאַכט — דער עמער איז אַ ביסל שווערער... דאָס איז טען דעם קלייט-משרתס מיידעלע?

— יאָ.

נאָך דעם דאָזיקן אַריינפיר האָט שוין בענאַני ווי נישט איז גובר געווען דעם שטאַרקסטן אָנגריף פון שעמעוודיקייט און געזאָגט:

— איך האָב אייך שוין לאַנג נישט געזען.

— יאָ, די צייט גייט.

— און איר האָט זיך גאָרנישט געענדערט. — האָט ער גע־זאָגט בלויז מחמת גוטסקייט.

— עס איז דאָך גאָרנישט אַזויפיל צייט אַריבער.

— היינט אַ יאָר... אין אַ וואָך אַרום. ווי לעבט זיך אייך, גוט?

— יאָ, אַ דאַנק.

— יאָ, אַזוי, אַזוי... אַ גרויסע ענדערונג פונדעסטוועגן. איר האָט איצט חתונה געהאַט און אַלץ. איצט זענט איר אַ וויכטיקע דאַמע.

— און עמער איז פּאַטעקע. — האָט מאַרטע פּלוצלינג אַ זאָג געטון.

בענאָני האָט נאָר אַ בליק געטון אויף דעם מיידעלע, נאָר נישט פאַרשטאַנען וואָס זאָגט זי. דערפאַר האָט זיך ראָזע אַביסל פאַרשעמט, וואָס זי האָט געקויפט אַזאַ בילִיקע נאַשעריי, און גע־זאָגט:

— יאָ, דאָס איז פאַר דיר. דו האָסט עס דאָך אַזוי ליב. קינדער האָבן אַלעמאָל ליב פּאַטעקע. — האָט זי געזאָגט און אַ בליק געטון אויף בענאָנין.

— יאָ, יאָ, קינדער האָבן ליב פּאַטעקע...

איבעריקנס, בענאָני האָט אַליין אויך גערן געגעסן ברויט מיט פּוטער מיט פּאַטעקע, און האָט געפונען, אַז דאָס איז זייער אַ געשמאַקער ביסן. אָבער ראָזע האָט, אַפּנים, קיין פּאַטעקע נישט אָנערקענט: מסתמא פּירט זי זיך פּריציש.

— אייך איז אוודאי צייט צו גיין אַהיים,—האָט ער געזאָגט— איך וויל אייך נישט פאַרהאַלטן.

— איר פאַרהאַלט מיך נישט, — האָט זי געענטפערט — יאָ, יאָ, מאַרטע, מיר וועלן אפשר טאַקע נאָך אַביסל דורכגיין זיך. איך האָב אייך געוואָלט זאָגן איין זאַך: איך דאַרף ביי אייך בעטן אַנטשול־דיקונג, דערפאַר, וואָס איך האָב אייך עד היום נישט אָפּגעשיקט— איר ווייסט שוין וואָס. דאָס איז זייער נישט פיין פון מיין זייט.

ווידער רעדט זי וועגן רינג און וועגן צלם!

— ס'לוינט וועגן דעם נישט צו רעדן. — האָט ער געזאָגט.

— איך האָב מיך אַזויפיל מאָל געקליבן, נאָר ס'איז עפּעס אַלץ נישט אויסגעקומען.

— אויב איר זענט דערפון אומרויק, קאָנט איר זיי אַריינוואַרפן אין ים. דעמאָלט איז, ווי מען זאָגט, פון אויג אַוועק, אויפן האַרצן פרייער.

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט שוין פון דעם רינג געמאַכט אַ תּכלית, אַוועקגעשענקט דעם בר־מינן. אָבער זי האָט זיך נאָך נישט געקאָנט אַריינלאָזן אין אַזעלכע לאַנגע דערקלערונגען.

— איר מיינט, אפנים, אַז איך וועל זיי וועלן אַריינוואַרפן אין ים אַריין? — האָט זי געזאָגט.

— און איר ווילט, אפנים, נישט?

— ניין.

אַ הייסער שטראָם פרייד האָט אַריינגעפליצט אין זיין נשמה. ער איז אַזוי פול געוואָרן מיט דאַנקבאַרקייט, אַז ער האָט נישט ווילנדיק געזאָגט:

— איך האָב נאָך אייניקע זאַכן, וועלכע זענען געווען באַשטימט פאַר אייך. נאָר אפשר טאָר איך זיי אייך נישט אָפּשיקן?

— ניין, אוודאי נישט. — האָט זי געענטפערט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— יאָ, יאָ, איך ווייס. אָבער דאָס זענען פשוט אַ לעפל און אַ גאָפּל, דאָס גאָר. פאַרשטייט זיך — זילבערנע. נאָר דאָס זילבער איז אַן איינפאַכס. איבעריקנס, איך וואָלט אייך מיט פאַרגעניגן אָפּגעגעבן דעם גאַנצן טוץ, ווען איר וואָלט וועלן.

— איך דאַנק אייך, נאָר מען דאַרף נישט.

— ניין, איך בעט אפילו נישט. איך האָב נאָר פשוט אַזוי אַ טראַכט געטון אַ רגע... אָבער וואָס זשע שטיי איך און פאַרהאַלט אייך אַלץ. — האָט ער זיך אַליין איבערגעשלאָגן און גענומען זיך איילן אַוועקצוגיין. ער האָט זיך דערשראָקן, ווי אַ יינגל, וואָס ער איז אַזוי ווייט פאַרגאַנגען אין זיין פּלוידערן וועגן דעם זילבער.

זי האָט זיך דערפאַר אָנגעכאַפּט און האָט צו אים אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, זאָגנדיק:

— יאָ, יאָ, אַ גוטן טאָג.

— אַ גוטן טאָג. — האָט ער געענטפערט.

ער איז געווען אַזוי משונה אויפגערודערט, אַז ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צו דערלאַנגען איר די האַנט. נאָר נישט באַגעגנט פון איר זייט קיין גרייטקייט דערצו, האָט ער זיך אַ צעמישטער אָנגעכאַפּט פאַר מאַרטעס עמער און האָט אים אויפגעהויבן.

— אָ, ווי שווער ער איז! דו ביסט אַזאַ כוואַט, אַז מען דאַרף דיר געבן אַ מתנה. — האָט ער געזאָגט און געגעבן דעם מיידל פיר קראָן. דאָס איז געווען גאָרנישט קיין שלעכטער אײַנפאַל, לפּחות אים אַליין האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט דערמיט געראַטעוועט די לאַגע. איבעריקנס, איז אַ ספק, צי האָט ער בכלל עפּעס קלאָר געקאָנט טראַכטן.

און מאַרטע האָט פאַרגעסן מאַכן אַ רעווערענס און באַדאַנקען. ווען מ'האָט איר וועגן דעם דערמאָנט, איז שוין דער גרויסער פרעמדער מענטש געווען אַוועק. ראָזע האָט געזאָגט: „יאָג אים אָן.״ מאַרטע האָט אַוועקגעשטעלט דעם עמער אויף דער ערד און דעריאָגט בענאָנין, פאַרנויגט זיך, באַדאַנקט און אַוועק צוריק, בענאָני איז אַביסל געשטאַנען און מיט אַ שמייכל נאָכגעקוקט איר.

בענאָני איז לאַנגזאַם אַוועק ווייטער. אפשר אַ גאַנצן יאָר שוין האָט ער נישט איבערגעלעבט אַזאַ צערודערטקייט. ער האָט געקוקט אין רוים און זיך געטראַכט, פאַרגעסנדיק צייטנווייז, אַז ער דאַרף גיין, האָט זיך אָפּגעשטעלט און ביי אַ מינוט געשטאַנען אומבאַוועגלעך אויפן מיטן וועג.

— אָט זי האָב איך עס אַמאָל אַרומגענומען, זי, אָט די, וואָס איז אַוועק. יאָ, יאָ, ראָזע... מסתמא, דאַרף שוין אַזוי זיין... נאָר אין וואָס איז זי געווען אָנגעטון? אין אַ פּלאַשטש? יאָ, דאַכט זיך אין אַ פּלאַשטש. — ער האָט גאָרנישט נישט געזען.

ער איז אַריין צו מאַקן אין קאַנטאָר, געמאָלדן וועגן זיין צוריקקער פון די לאָפאָדנס און איבערגעגעבן די רעכנונגען. ער האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אין יענער ווייכער שטימונג, און

שטייענדיק פּנים אל פּנים מיט מאקן, האָט ער שוין נישט גע-רעדט, ווי ער האָט געהאַט בדעה: „מיינע פּיש, מיין גאָרדונג,“ נאָר ער האָט זיך געפרעגט, צי איז מאַק צופרידן און צי רעכנט ער אפשר מאָרגן מאַקע אָנהויבן די פיש-וואַשעריי. מסתמא, וועט אויפן טריקענען אַכמונג געבן, ווי פּאַראַיאָרן, אַרן דער טריקענער?

— פאַרשטייט זיך, — האָט מאַק געענטפערט — ער קען די זאַך אויסגעצייכנט.

אינדעראמתן האָט בענאָני געהאַט געטראַכט אַליין אַכ-טונג צו געבן אויפן טריקענען זיינע אייגענע פיש, וואָרום וואָס האָט ער געהאַט וואָס אַנדערש צו טון דעם זומער? אָבער מאַק האָט אונטער דעם גלייך אוועקגעשטעלט אַ צלם. און בענאָני איז נישט געווען געשטימט אָנצוהויבן אַ מחלוקת מיט מאקן פּונקט איצט נאָך דעם אומגעריכטן באַגעגעניש אויפן וועג און נאָך דער אי-בערגעלעבטער אויפרעגונג.

מאַק האָט אים, אפנים, געוואָלט אָנווייזן זיין אָרט, צוריק באַשאַפן דעם פריערדיקן שטח צווישן אים מיט זיך. ער האָט קיין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן דעם, אַז די פיש געהערט אינ-דעראמתן קיינעם נישט, אויסער בענאָנין, נאָר, פאַרקערט, ער האָט אוועקגעשטעלט עטלעכע פראַגן וועגן באַזונדערע פּונקטן אין די חשבונות.

— פאַרוואָס האָסטו מאָנטיק דעם דרייצנטן געקויפט אַזוי פיל פיש פאַר אַזאַ טייערן פּרייז? דער מקח איז יענעם טאָג גע-ווען אויף גאַנצע צען שילינג ביליקער.

און אַלס אַ באַווייז האָט מאַק באַוויזן אַ דעפּעש, וואָס ער האָט באַקומען. אָט אַ כוואַט דער מאַק! ווי ער האָט עס אַלץ געוווּסט!

בענאָני האָט געענטפערט:

-- דערפאַר, וואָס מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָב איך גע-קויפט פיש אויף גאַנצע צוועלף גראָשן ביליקער, איידער ס'האָבן געקויפט אַלע אַנדערע אויפקויפער. איר האָט, מסתמא, אַ דעפּעש וועגן דעם אויך באַקומען? אַזאַ אָפּמאַך איז ביי אונז געווען.

— מיט וועמען?

— מיט אייניקע פון אונזערע פישער, וועלכע האָבן זיך געקליבן אַהיים צו גאַסט. זיי האָבן דעמאָלט געדאַרפט האָבן מער געלט, און נאָך פאַסטע האָב איך אומגעקערט דעם גאַנצן היזק, און נאָך מיט אַביסל ריווח.

— נו, און וואָס וואָלט געווען, ווען די דאָזיקע אַלע מענטשן וואָלטן פלוצלינג דערטרונקען געוואָרן אין ים, פאַרנדיק אַהיים?

— מען האָט געדאַרפט ריזיקירן, — האָט בענאָני געענטפערט — איר אַליין וואָלט זיי געטון די טובה, ווען איר וואָלט געווען אויפן אָרט.

— אָבער דו האָסט דערויף קיין רעכט נישט געהאַט.

בענאָני האָט ברוגז געענטפערט.

— מיר דאַכט זיך, אַז פונקט אַזאַ רעכט, ווי איר.

מאַק האָט אַ צוק געטון מיט די אַקסלען. ער האָט נישט איינגעלאַדן בענאָנין צו זיך אין צימער, כּדי צו נעמען אַביסל בראָנפן לכּבוד דעם גליקלעכן צוריקקער, נאָר צום סוף שמועס האָט ער געעפנט די טיר אין קלייט אַריין און געזאָגט:

— ביטע!

ווען זיי זענען אַריין אין קלייט, האָט מאַק מיט די אייגענע הענט אָנגעגאָסן אַ גרויסן קעלישעק קאָניאַק און דערלאַנגט בענאָנין.

דאָ? ביים טיש, ווו אַלע טרינקען? מאַק פון סירילונד האָט, אַפּנים, פאַרגעסן, מיט וועמען ער האָט צו טון! דאָ, אויף דעם אָרט, קאָן בענאָני אַליין בעטן אַ קעלישעק און באַצאָלן.

ער האָט זיך באַליידיקט און קאַלט געענטפערט:

— ניין, אַ דאַנק.

מאַק האָט זיך כּלומרשט פאַרוווּנדערט.

— ווי, איך לייג דיר פאָר אַ גלעזל משקה, און דו זאָגסט זיך אָפּ?

— ניין, אַ דאַנק. — האָט בענאָני איבערגעחזרט.

מאַק האָט געוווּנדערט דעם מאַן, נאָר ער האָט נאָך אַלץ מיט זיכערקייט געזאָגט:

— אָך, אַז אַלע וואָלטן עס געווען אַזעלכע ניכטערע מענטשן ווי דו, האַרפּענכטן! און סוען דער וועבטער האָט זיך ווידער־

אומגעקערט מיט דיר? איצט וועט ער ווידער נעמען שיכּורן און טון נארישקייטן.

— דאָס וועט זיך ווענדן אָן דעם, ווי מען וועט זיך מיט אים באַגיין. סוועך דער וועכטער שיכּורט קיינמאָל נישט גלאַט אַזוי.

— מער האָט נישט געפעלט, אַז עלען זאָל מיט אים אָני הויבן צו באַגיין זיך שלעכט. זיי האָבן דאָך איינגיכן חתונה. — האָט מאַק געזאָגט.

פונדעסטוועגן איז אַריבער אַ היפּש ביסל צייט, און סהען מיט עלענען האָבן נישט חתונה געהאַט. פאַרשטייט זיך, ס'איז געווען פרילינג, ביי מאַקן האָבן די אויגן געברענט, ווי גראַנאַטן, און ער האָט עלענען אַלץ געניויט אָפּלייגן די חתונה.

— איך קאָן מיך נישט באַגיין אָן דיר ביז נאָך דעם טינג, — האָט ער געזאָגט — אגב, דאַרף מען, אַז אַ נייע שטובמיידל זאָל פריער אָנקומען, מיר קאָנען נישט פאַרבלייבן אָן מענטשן.

די נייע שטובמיידל, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען, איז געווען אַ הויכע און אַ שטאַרקע פאַר איר עלטער, נאָר איר איז קיים געוואָרן זעכצן יאָר. זי איז געווען מאַרעליוסעס פון מאָרפעלהיקען צווייטע טאָכטער. די שוועסטער פון דער עדוואַרדע, וואָס האָט זיך אַזוי פלינק אויסגעלערנט רעדן ענגליש. די נייע קאָסטיומען, וואָס עדוואַרדע האָט געהאַט, האָבן דער יינגערער שוועסטער נישט געלאָזן צורו, האָט זיך איר אויך פאַרגלוסט צו גיין דינען.

דער טינג איז היי־יאָר פאַרגעקומען אויסערגעוויינלעך פרי. די באַאַמטע זענען געקומען אין פוטערס און אין וואַרעמע שיך. דערפאַר אָבער איז ער געווען אַזאַ ווי אין אַמאָליקע גוטע צייטן: אויף דעם ריכטער־אָרט איז געזעסן דער אַלטער ריכטער אַליין, און די העכערע מאַכט האָט רעפּרעזענטירט דעם אַמטמאַן גופא. דער עולם האָט ווידער געקאָנט פרעגן וועגן די געזעצן ביים ריכטער, אַנשטאָט צו צאָלן די אַדוואָקאַטן פאַר אַן עצה. דערפאַר האָבן זיך אויפן טיש פאַרן אַדוואָקאַט ניקאָלאַי אַרענטסען געזען אַ סך ווייניקער פּאַפּירן ווי פאַראַיאָרן. מען מעג זאָגן וואָס מען

ווײל, נאָר דער עולם האָט אָנגעהויבן צו געפינען, אַז משפּטן זיך איז אַ צו טײערער ביסן. און חוץ דעם האָט קײנער גאָרנישט אויסגעשפּילט פון די דאָזיקע פּראָצעסן. אַלע האָבן נאָר געהאַט הוצאות, עסקים און אומאָנגענעמלעכקײטן.

— יאָ, אפשר האָט דער דאָזיקער ניקאָלאַי אַרענטסען געבראַכט דעם דאָרף מער שאָדן אײדער נוצן. — האָט מען גערעדט צווישן זיך.

און ניקאָלאַי אַרענטסען איז שוין כּלל נישט געווען מער דאָס געזעץ. און פאַר די עטלעכע וואָכן, זינט די פישער האָבן זיך אומגעקערט פון די לאָפאָדן-אינזלען, האָט ער דערשפּירט, וואָס אַזױנס באַטײט פאַרלירן דעם חן בײ מענטשן אין די אױגן. פאַראיאָרן האָט ער אָנגעהויבן דערמיט, וואָס ער האָט פאַר אַן עצה גענומען אַ דאָלאַר, און הײ-יאָר האָט ער שוין גענומען נאָר אַ העלפט, און אַז מען האָט זיך מיט אים פאַר דעם האַלבן דאָלאַר אויך געדונגען, האָט ער געענטפערט:

— ביליקער קאָן איך נישט נעמען, איך דאַרף דאָך פון עפּעס לעבן.

נאָר אַדוואָקאַט אַרענטסען האָט זיך געמוזט אַראָפּלאָזן נאָך נידעריקער. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז פאַר אַ האַלבע קראָנע האָט ער געדאַרפט אויסגעפינען אין קאָדעקס געזעצן וועגן וויכטיקע פראַגן און פאַר צוועלף שילינג אויסשרײבן זײ געניי אויף אַ פּאַפּיר. און פונדעסטוועגן—פונדעסטוועגן זענען בײ אים קײן קליענטן נישט צוגעקומען, גיכער זענען זײ אָפּגעקומען. די סיבה איז, וואָס לײטן האָבן פאַרלוירן דעם צוטרוי צום אַדוואָקאַט אַרענטסען, וואָס האָט פאַרקערפּערט דאָס געזעץ, און אַז עס האָט געטראָפן, עמעצער איז שוין צו אים אַרײן נאָך אַן עצה מכּוח עפּעס אַן ענין, האָט ער זיך נאָכדעם פאָרט מיישב געווען מיטן לענסמאַן, צי איז די עצה אַ ריכטיקע. ס'איז שוין פאַר קײנעם נישט געווען קײן סוד, אַז אַדוואָקאַט אַרענטסען פאַרשפּילט זײנע פּראָצעסן אײנעם נאָכן אַנדערן, און אַז ער איז אפילו שטראָפירט געוואָרן דורך דער העכערער געריכטלעכער אינסטאַנץ אין טראָנדיעם.

איז צו וואָס זשע האָט ניקאָלאַי אַרענטסען געדאַרפט קריגן

פון דער הויט און זיצן די באַשטימטע שעהן ביי זיך אין דעם קאַנטאָר? לייטן האָבן אָן אים פאַרגעסן, און אַז דאָס ווייב האָט אים אויסגערעדט, וואָס ער מאַכט זיך אַרויס פון דער קאַנטאָר, האָט ער איר געענטפערט:

-- איך בין די גאַנצע וואָך געזעסן, ווי אַ סטאַטעק אויף מיין שטול, און האָב אויסגעוואַרט. קיינער איז נישט געקומען. איך בין געזעסן ווי אַ כלה, און בין שיר נישט משוגע געוואָרן פון מיין אייגענער אַרטיקייט, אָבער דערוואַרט האָב איך מיך פונדעסטהעגן קיינעם נישט.

זיינע קליענטן האָבן אויפגעהערט צו פירן „פּראָצעסן". די קעגנער האָבן זיך, באַגעגענענדיק אין סירילונד, געסטאַרעט שלום מאַכן ביי מאַקן אין שענק. „אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן,—האָט געווינלעך אָנגעהויבן איינער—מיר האָבן אָפּגעלעבט ווי גוטע שכנים פערציק יאָר." — „יאָ, — האָט געענטפערט דער צווייטער — און ביז אונז אונזערע עלטערן, אַ ליכטיקן גן-עדן זיי, אויך." נאָך אַזאַ אָנהויבווערט ביי ביידן דערווייכט דאָס האַרץ, זיי קוקן מיט פייכטע אויגן און זענען איינער דעם אַנדערן מכבד, סטאַרענדיק זיך איבערשטייגן איינער דעם אַנדערן אין גוט-שכנישע געפילן. און אַדוואָקאַט אַרענטסענען פלעגט אָפּטמאָל אַליין אויסקומען, אַריינגייענדיק אין שענק נאָך אַ באַשיידענעם קעלישעקל, בייצוזיין ביי אַזעלכע אידיאָטישע שלום-מאַכענישן, וואָס נעמען ביי אים אָפּ דאָס לעצטע שטיקל ברויט.

זיצט אַדוואָקאַט אַרענטסען אין זאַל, ווו עס קומט פאָר די זיצונג פונם טינג, אַ פאַרגליווערטער און אַ שיכורער, און מאַכט אַן אָנשטעל, כלומרשט, ער איז פאַרנומען מיט זיינע ענינים. און אַז ער דערלויבט זיך אַ קליינעם אַנטראַקט און הויבט אויף די אויגן פונם פאַפּיר און פון די פּראָטאָקאָלן, באַגעגנט זיך זיין בליק מיט די צעמישטע און נישט פאַרשטייענדיקע אויגן פון לעוויאָנען פון טאָרפּעלוויקען, וועלכער שטייט הינטער די שטאַכעטן. נאָכדעם ווי דער אויבער-געריכט האָט אַרויסגעטראָגן דעם פסק דין וועגן זיין משפט, האָט אַרענטסען געזאָגט: — „אונז בלייבט נאָך דער העכסטער געריכט, אָבער דערפאַר דאַרף מען דעם אַדוואָקאַט באַזונדער

צאָלן!״ לעוויאָן איז פון אים אַוועק און האָט זיך פאַרטראַכט.
איצט איז ער פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס דער טינג האָט זיך אָנגעהויבן, דאָ געשטאַנען מיט אַן אויסדרוק פון אַזאַ פיינלעכן ספק אויפן פנים, אַז פאַר אַדוואָקאַט אַרענטסען איז געווען אַן אמתער הייטיק צו באַגעגענען זיך מיט זיינע משוגענע אויגן. אַרענטסען האָט זיך געמאַכט, כלומרשט ער האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, האָט אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס נאָטיץ-ביכעלע און אָנגעהויבן עס איבערבלעטערן. און בשעת דער הפסקה פון דער זיצונג, איז לעוויאָן פון טאָרפּעלוויקען אונטערגעגאַנגען גלייך צום ריכטער, האָט אים דערלאַנגט דעם באַשלוס פונם אויבער-געריכט און געפרעגט, צי זאָל ער זיך ווייטער משפּטן.

דער ריכטער האָט שוין, אפּנים, מער נישט געליטן אויף קיין שלאָפלאָזיקייט, אויך נישט אויף קיין רעליגיעזע ספקות, דאָס איז אַלץ געווען נאָר פאַראַיאָרן, ווען מען האָט געדאַרפט באַשטע-טיקן די באַוווסטע היפּאָטעק און מיטן פּאָסט-דאַמפער האָט מען אים אַריינגעשיקט אַ האַלב פעסל יאַגעדעס. איצט איז דער ריכ-טער ווידער געוואָרן אַ פּאָלינקער, ער האָט זיך פאַרריבט אין גע-זונט און ווי געוויינלעך גערן איינפאַך געשמועסט מיטן עולם.

נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף אַדוואָקאַט אַרענטסענען און אויף דעם עולם, וואָס האָט זיך געשטופּט אין זאַל, האָט דער ריכטער געענטפערט:

— צי זאָלסטו זיך ווייטער משפּטן, לעוויאָן? ניין, מען דאַרף נישט. דו נעם דיין אַדוואָקאַט, גיי מיט אים און וואַרף אַריין דיין פּראָצעס אין דיין וואַסערפאַל. אָט האָסטו דיר די מיינונג פונם אויבער-געריכט און מיין מיינונג...

אין דעם לעצטן טאָג פונם טינג האָט מען איבערגעלייענט און באַשטעטיקט בענאַנים קויף-אַקט אויף די בערג. קיין גרויסער עולם איז דערביי נישט געווען, נאָר ביי אַלעמען האָט דער נייער דאָקומענט בענאַנים אַרויסגערופן אַ נישטווילנדיקן שמייכל אויף די ליפּן, פאַראַיאָרן איז ער געקומען מיט זיין באַרימטער היפּאָטעק, און הייאָר האָט ער געקויפט אַ גאַנץ פערטל מייל באַרג פון שטיין און האָט זיך נאָך נתרבה בהוצאה געווען, כדי דאָס צו-

באַשטעטיקן. דער דאָזיקער בענאָני וועט אויף אַזאַ אופן גאָר געבעך ווערן אַ קבצן.

נאָר קיין שום מענטשן איז נישט געווען אַזוי שלעכט, ווי אַדוואָקאַט אַרענטסענען. מאַק האָט געטון, ווי ער האָט צוגעזאָגט. ער האָט אים פאַררופן צו זיך, און דורכגערעדט זיך מיט אים אויג אויף אויג, נאָר דערפון איז גאָרנישט נישט אַרויסגעקומען. דעמאָלט האָט מאַק פאַרבאָטן זיינע אָנגעשטעלטע צו פאַרקויפן דעם יונגן אַרענטסען שאַרפע משקאות ביי זיך אין שענק. דער יונגער אַרענטסען האָט גלייך געפונען פאַרמיטלער. דעם לעצטן טאָג פון טינג איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די אָנגעפאָרענע פון די ווייטע שכערן, און האָט זיך געסטאַרעט פאַרקויפן אַ נייעם גאָלדענעם רינג. אים האָט זיך עס סוף־כל־סוף איינגעגעבן. דאָס איז געווען דער רינג, וואָס בענאָני האָט געשענקט ראָזען.

XXIV

ענדלעך האָבן סווען דער וועבטער מיט עלען דעם שטוב, מיידל חופה געהאַט. זיי האָבן זיך באַזעצט אין דעם זעלביקן קעמערל, וווּ עס איז געלעגן פרידעריק מענזאַ, וועלכער האָט אַלץ נישט געוואָלט שטאַרבן. עלען איז באמת געווען אַזוי פאַרליבט אין איר חתן, אַז זי האָט פיל מאָל אַרויסגעזאָגט איר פאַרלאַנג, וואָס גיכער מאַכן אַ סוף צו איר דינסט אַלס שטוב־מיידל.

אָבער זי האָט נאָך פאָרט געמוזט אַ היפשע צייט קומען העלפן דעם נייעם מיידל. יעדעס מאָל, וואָס זי האָט זיך געקליבן גיין אין די פריצישע פאַקאיעס, האָט זי זיך שטאַרק געלאַשצעט צום מאַן, ווי אַ פאַרליבטע געטרייע ווייב.

ס'איז אָנגעקומען די צייט, ווען מ'האַקט אַלע יאָר האָלץ אין קהלשן וואַלד. בענאָני איז אַרויס פון שטוב און אַוועק אַהין, ווּ די האָלצהעקער האָבן באַלעבאַטעוועט. ער האָט געוואָלט זען, צי גייען זיי ווירקלעך נישט אַריבער זיין נייע גרענעץ און צי האַקן זיי נישט דעם יונגן וואַלד אויף זיינע בערג. און ס'איז בכלל

אנגענעם געווען ארויסצווייזן זיך פאר באלעבאָס פון אזא גרויסן שטיק לאַנד.

אָבער דער עולם האָט געהאַקט נאָר גרויסע ביימער און כלל נישט געוואָלט פטרן קיין צייט אויף עפעס אומגליקלעכע קוסטעס. אזוי אַז בענאָנין איז פאָרט נישט געלונגען ארויסצוטרעטן אין דער ראָלע פון אַ גרויסן ערד־באַזיצער און מעלדן: „אָט ווו עס גייט אַדורך די גרענעץ! אויף יענער זייט איז דער וואַלד מיינער". דער עולם האָט נאָר אויפגעהויבן די קעפּ, געשווינד אַ קוק געטון, דערזען, אַז דאָס איז בענאָני, און האָט זיך ווידער גענומען פאַר דער אַרבעט.

ער האָט געפילט, אַז זיי פאַראַכטן אים דערפאַר, וואָס ער האָט געקויפט די בערג! ער איז מיט עניוות געגאַנגען פון איין פּאַרטיע האָלצהעקער צו דער צווייטער. רעדנדיק:

— גאָט העלף!

— אַ דאַנק, וואָס איז שוין דאָ צו העלפן! סיי ווי אַלץ אויסגעהאַקט, באַלד וועט שוין גאָרנישט נישט בלייבן.

מ'האָט נאָך אַביסל גערעדט וועגן דעם. בענאָני האָט געגעבן אָן אָנצוהערעניש, אַז ער וועט דאַרפן האָבן אַרבעטער, אַפּצוראַיניקן און אויסצוגלייכן פּלעצער אויף טריקענען פיש. איצט איז שוין די צייט.

אָבער קיינער האָט נישט אויסגעדריקט קיין חשק צו גיין צו אים אויף אַרבעט: מ'האָט אַוודאי מורא געהאַט, אַז מ'וועט נישט באַקומען קיין שבירות פּיי אַזאַ קבצן.

— אויף וואָס דאַרף ער טריקן־פּלעצער? — האָבן זיי געפרעגט.

בענאָני האָט דערקלערט, אַז ער האָט בדעה ווינטער צו פאַרנעמען זיך מיט אויפקויפן פיש.

אָבער קיינער האָט אים נישט געגלויבט. ער האָט דאָך קיין שיפן נישט.

— איך רעכן קויפן אַ קליינע יאַכטע. — האָט בענאָני געזאָגט.

דעמאָלט האָבן די האַלק-העקער גענומען לאַכן צווישן זיך פון בענאַנין, וואָס ער וויל קויפן א יאכטע.

און קיינער האָט אים שוין נישט גערופן האַרטוויגסען.

פאַר דער צייט, וואָס ער איז דאָרט געשטאַנען, זענען איבערן וואַלד דורכגעגאַנגען צוויי אָנגעפּאָרענע הערן אין קעסטלדיקע קאָסטיומען. דאָס האָט זיך אומגעקערט סער גיו טרעווענליאַן מיט נאָך איינעם א הער. איינער פונם דאָרף האָט זיי נאָכגעטראָגן זייער באַגאַזש.

בענאַני האָט זיך געגריסט, און אַלע אַרום האָבן זיך אויך פאַרנויגט. נאָר די בריטאַנער האָבן נישט געענטפערט. זיי זענען געגאַנגען, דורכוואַרפנדיק זיך גאַנץ זעלטן מיט א וואָרט, און האָבן אָפּגעבראָכן קליינע שטיקלעך שטיין פון די בערג.

ביי סער גיו זענען די אויגן געווען גאָר פאַרגליווערטע פון שיכּרות, קוים וואָס מען האָט זיי שוין געזען.

— איצט וועט מאַרעליוס פון טאַרפּעלוויקען ווידער אָנשאַרן געלט פאַר זיינע לאַקסן. — האָט דער עולם גערעדט.

— און זיין טאָכטער עדוואַרדע וועט באַקומען א טאַטן פאַר איר קינד.

— יאָ, יאָ, און געלט, מסתמא, א היפּש ביסל. א גליקלעכער מענטש מאַרעליוס, ס'האָט אים אָפּגעגליקט מיט די טעכטער.

ווען בענאַני האָט זיך געקליבן גיין אַהיים, האָבן פונדעסטוועגן עטלעכע מענטשן אים נאָכגעשריגן פון הינטן, אַז אויב זיי וועלן דעם טאָג-לוין באַקומען פון מאַקן, זענען זיי אפשר מסכּים אָפּצוריינִיקן זיינע בערג.

— דעם טאָג-לוין? — האָט בענאַני איבערגעפרעגט טיף א באַליידיקטער. — איז וואָס זשע, איר האַלט מאַקן פאַר מער בטוח ווי איך? פינף טויזנט דאָלאַר קומט מיר אָט-דער-אָ מאַק!

— נו, די וועסט זיך שוין מיט זיי קיינמאָל נישט זען! — איז געווען דער ענטפער.

יאָ, אויף קיין זאַך נישט געקוקט, איז מאַק ביי אַלעמען געווען א גרויסער בטוח, און בענאַנין האָט קיינער נישט געוואָלט אָנערקענען...

איינמאָל איז צו בענאָנין געקומען אַ שליח פון סער גיו טרעווועליאן, וועלכער האָט אים. געראָפן דורכצורעדן זיך מכּוח אַן ענין. דער שליח איז געווען מארעליוס פון מארפעלוויקען.

— אויף וואָס דאַרף ער מיך האָבן? — האָט בענאָני געפרעגט.

— איך ווייס נישט.

— זאָג אים, אַז בענאָני הארטוויגסען קאָ מען טרעפן אינדערהיים, אין זיין אייגענעם וווינאָרט.

מארעליוס האָט זיך געהאט געפּרוּווט עפּעס ענטפערן, נאָר בענאָני האָט נישט געלאָזן רעדן.

— דו פרעג אים, אָקאָרשט, צי וואָלט ער מאכן פון סירילונד געשיקט רופן אויף אַזאַ שטייגער? טאָ זאָל ער וויסן, אַז איך האַלט מיך נישט קלענער פאַר מאכן.

פונקט אין דעם טאָג האָט בענאָנין צערייצט דער אומאָנגענעמער סטען דער קלייט-משרת, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן זיין חוב אין קלייט.

— איז וואָס? — האָט בענאָני געפרעגט — צי דען קומט מיר נישט פון דיין מאכן קיין פינף טויזנט דאָלאַר?

— וועגן דעם איז מיר גאָרנישט נישט באַוווּסט, — האָט סטען געענטפערט — יעדנפאַלס איז דאָס אַ באַזונדער חשבון. און דיין דינסט איז דעם גאַנצן ווינטער און אַ גאַנצן פרילינג געגאַנגען צו אונז און גענומען סחורה. דאָס מאכט שוין אויס אַ פיינע סומע.

— איז וואָס גייט עס דיך אָן, דער טייוול זאָל דיך נעמען!

— האָט בענאָני בייז אַ געשריי געטון. — הונט דו איינער, מיר ווילט זיך נישט שמירן די הענט, אַנישט וואָלט איך דיר די הויזן אַראָפּגעלאָזן און גוט אַריינגעשמאַטן, ווי אַזאַ יונגאַטש פאַרדינט.

סטען דער קלייט-משרת האָט מער קיין העזה נישט געהאַט צו פאָדערן און אַרויסגעמורמלט באַשיידן:

— מיך אַרט עס נישט, איך האָב עס נאָר געזאָגט, ווייל אַזוי דאַרף מען, צוליב אָרדנונג. איך דאַרף פאַרשרייבן אַלץ וואָס עס פאָדערט זיך, און אויף וועמענס חשבון צו שרייבן—דאָס איז מיר אַלץ איינס. ס'וועט נאָר מאכן ערגער זיין.

— מאַק האָט דיר דען עפּעס געזאָגט וועגן מיין חוב? אויב אַזוי, טאָ זאָל ער בעסער צוהאַלטן די צונג הינטער די ציין. די פּיש אויף די בערג זענען דאָך נישט מאַקס, נאָר מיינע.

— וועגן דעם רעד שוין בעסער מיט מאַקן אַליין. — האָט סטען געזאָגט און אַרויסגערופן מאַקן פון דער קאַנטאָר.

בענאָני איז גלייך שטילער געוואָרן און וועגן די פּיש האָט ער שוין נישט דערמאָנט.

— דו האָסט מיט מיר געוואָלט רעדן? — האָט מאַק געפרעגט.

— ניין, דאָס איז ער אַלץ... סטען... איך האָב געוואָלט פרעגן וועגן מיין חוב אין קלייט. מען קאָן דאָך וואַרטן ביז הערבסט?

— נו, יאָ, — האָט מאַק געענטפערט — איך שטעל דיך נישט אויף הייסע קוילן.

בענאָני האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו סטען דעם קלייט־משרת און מיט נצחון געזאָגט:

— וואָס איצט? דו הערסט?

— איך האָב דאָך נאָר אַזוי זיך געזאָגט, — האָט סטען געענטפערט — ס'איז גאָרנישט געווען צוליב וואָס צו קאָכן זיך.

— מער גאָרנישט? — האָט מאַק געפרעגט.

— ניין... איך ווייס נישט...

מאַק, דער חשובער פּריץ, האָט זיך נישט געוואָלט מישן אין די מחלוקתן פון זיינע אָנגעשטעלטע מיט די קונים, ער האָט זיך אויסגעדרייט און איז צוריק אַריין אין קאַנטאָר.

אין אַ וואָך אַרום איז בענאָני אַליין אַריין אין שפּייכלער באַקוקן די נעץ און די שיפעלעך. ער איז געווען פאַרמשפּט אויף ליידיק אַרומגיין. די גאַנצע וואָך האָט ער זיך געסטאַרעט צונויפקלויבן אַ פּאַרטיע אויף אַרויסצופאָרן מיט דער נעץ. אָבער די גוטע שכנים פון זיין דאָרף האָבן נישט געגלויבט אין זיין מזל און נישט געוואָלט פאָרן מיט אים.

נאָר סווען דער וועכטער האָט תיכּף באַקומען ביי מאַקן אַ דערלויבעניש צו פאָרן מיט אים פאַר אַ מאַטראָס. ס'איז געווען זומער. האָלץ האָט מען אין סירילונד געדאַרפט נאָר פאַר דער

קיך, און סווען האָט געוואָלט פאָרן, כאָטש ער האָט ערשט נישט לאַנג חתונה געהאַט, און אפשר דווקא דערפאַר, וואָס ער האָט חתונה געהאַט.

בענאָני איז געשטאַנען אין מיר פון שפייבלער און האָט געקוקט אַרויף צו די בערג, ווו מענטשן האָבן זיך געפּאָרעט אונ־טער דער קאָמאַנדע פון ארן דעם טריקענער. צי דען קאָן מען צווישן די דאָזיקע זעכציק מאַן נישט אָנקלויבן קיין פּאַרטיע פאַר דער נעץ? שוין אַ היפּשע צייט, אַז עס האָט זיך געהאַלטן אַן אויסגעצייכנט וואַרעם וועטער. די פיש וועט מען אוודאי אינגיכן שוין קאָנען לאָדן אויף די שיפן. בענאָני האָט פאַרשפּאַרט די טיר פונם שפּייבלער און איז אוועק צו די בערג. ס'האָט נישט געשאַדט אַמאָל כאָטש אַ קוק צו טון אויף די אייגענע פיש.

דער טאָג איז געווען אַ שטילער און אַ וואַרעמער. די מע־וועס האָבן געגלאַנצט אויף דער זון, זענען געפלויגן מהנותוויז, דערמאָנענדיק אַ זילבערנע שער, וואָס שערט לאַנגזאַם אינדערלופטן.

בענאָני האָט מורא געהאַט צו באַליידיקן ארן דעם טרי־קענער מיט זיין קומען, דעריבער איז ער נישט גלייך צוגעטראָטן צום ענין, נאָר פריער האָט ער געזאָגט:

— גאָט העלף! דאָס וועטער איז גאָר אַ פאַסיקס, פּינקט פאַרן טריקענען.

— נישטאָ זיך וואָס צו קלאָגן. — האָט זיך ארן דער טרי־קענער אָפּגערופן און אָנגעהויבן טון עפּעס אַן אַרבעט.

בענאָני האָט גענומען אין האַנט איין פיש, נאָכדעם אוועק־געלייגט. גענומען אַ צווייטע. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן אויס־וועגן איין פיש נאָך דעם אַנדערן. אין דעם האָט קיין שום באַ־ליידיקונג נישט געקאָנט זיין. אַביסל שפּעטער האָט ער געזאָגט:

— דאַכט זיך, אַז אינגיכן וועלן זיי זיך שוין אינגאַנצן אויס־וויאַנדלען, ווי מיינסטו?

— ווי מיין איך? דו דאַרפסט דאָך בעסער וויסן. — האָט ארן דער טריקענער אַ בורטשע געטון און איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט.

בענאָני האָט גענומען אַרומבלאָנדזען איבערן פּלאַץ, באַקוקנ־

דיק זיינע אייגענע פּיש. ער האָט אויסגעגלייכט די צעקנייטשטע רוקן-שופן, און געקוקט, צי האָבן זיך די פּיש גוט אויסגעוויאַנדלט אין די קנייטשן. פּונקט אויף אַזאַ אופן האָט ער אויך אויסגע-גלייכט די שופּן אויפן בויך, הגם דאָס האָט נישט געהאַט קיין שום באַדייטונג. לסוף האָט ער אַ גאַנצן פּיש צווויפגעבויגן, כּדי אויסצופּרווון, צי איז ער נישט איבערגעטריקנט.

— נאָך עטלעכע טרוקענע טעג וועט עס זיין סחורה אַ בחיר. — האָט ער געזאָגט.

קיינער פון די אַרבעטעד האָט אים נישט געענטפערט. בע-נאָני איז דעמאָלט אַריבער צו דעם ענין, צוליב וועלכן ער איז, אייגנטלעך, געקומען, און האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן פאָרן מיט דער נעץ: ווער וויל מיט אים פאָרן? קיינער האָט זיך נישט אָפּ-גערופן, אַז מען וויל. איז אַזוי בענאָני האַרטנעקיגסען געשטאַנען צווישן די פּשוטע אַרבעטער און האָט זיך געבעטן און האָט באַ-געגנט מער נישט ווי אַן אָפּזאָג.

— בעסער שוין צו האָבן אַ קליינעם פאַרדינסט דאָ אויף די טריקן-פּלעצער, איידער פאָרן מיט דער נעץ. — האָבן די אַר-בעטער געזאָגט.

— וואָס איז שייך דערצו, זענען די פּיש באַלד אויסגעוויאַנדלט און דאַן איז אַ סוף צו אייער פאַרדינסט. — האָט בענאָני געענט-פערט.

— נו, פאַרשטייט זיך, דו ווייסט דאָך, מסתמא, בעסער פאַר אַרן דעם טריקענער.

און אין שטוב האָבן אויף בענאָנין געוואַרט וויכטיקע געסט: אומגעקערט זיך אַהייב, האָט ער דערזעהן ביידע קעסטלדיקע ענגלענדער מיט צוויי באַגלייטער. זיי זענען געשטאַנען און האָבן אויף אים געוואַרט.

אָנגעהויבן רעדן האָט מאַרעליוס פון מאַרפעלוויקען: סער גיו און דער צווייטער ענגלענדער זענען געקומען געשעפטלעך.

— וואָס פאַרלאַנגען זיי פון מיר? — האָט בענאָני געפרעגט.

דאָסמאָל איז מאַרעליוס מער געווען באַהאַוונט אין דעם ענין: סער גיו האָט מיט זיך הײ-יאָר געבראַכט אָט-דעם-אָ הער פון

ענגלאַנד, אַ מבין אויף באַרג-ענינים. זיי זענען עטלעכע טעג געגאַנגען און געבויערט די בערג, וואָס געהערן צו בענאָנין, און האָבן פון זיי אַראָפּגענומען קאַרטעס. איז ווילן זיי אפשר קויפן אַ טייל פון די בערג.

בענאָני האָט אַ טראַכט געטון, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ קליניקייט, וועגן אַן אָרט אויפן ברעג ים פאַר עטלעכע דאָלער און האָט געזאָגט:

— נ-יאָ, אויב איך און בענאָני וועלן וועלן פאַרקויפן.

— איר וועט נישט וועלן פאַרקויפן?

— ניין, וואָס איז מיר די נויט?

אָנשטאָט שטום צו ווערן און אינגאַנצן צו פאַרלירן זיך פון בענאָנים שטאָלצע ווערטער, האָט מאַרעליוס אָפּגעזוכט אַ שטיין און זיך צוגעזעצט.

— ס'קאָן זיין, אַז סער גיו וועט אייך אָפּשיטן מיט געלט פאַר די דאָזיקע בערג. — האָט ער געזאָגט.

— נו, איז וואָס?

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער שמועס. בענאָני האָט זיך די גאַנצע צייט גוט געהיט אויס מורא, טאָמער וועט עמעצער מיינען, אַז די נויט טרייבט אים צו פאַרקויפן כאָטש אַ צענדליק קלאַפּטער ברעג. דערווייל זענען ביידע ענגלענדער געשטאַנען אָן אַ זייט און האָבן זיך אַזוי געהאַלטן, גלייך ווי בענאָני איז דערביי גאָר נישטאָ. זיי האָבן שטילינקערהייט געשמועסט צווישן זיך, פון צייט צו צייט אָנווייזנדיק עפּעס איינער דעם אַנדערן אויף דער קאַרטע. און כאָטש מען האָט געזען, אַז סער גיו איז שיכור, און די אויגן זענען ביי אים גאָר גלעזערנע, איז דאָך דער בערג-אינזשעניער מיט אים באַגאַנגען זיך מיט גרויס רעספּעקט, אַזוי אַז דער דאָזיקער סער גיו איז זיכער געווען זייער אַ וויכטיקער מענטש. ער האָט זיך געמאַכט, כלומרשט, אויף נאַרוועגיש פאַר-שטייט ער נאָר מאַרעליוסן, און דעריבער האָבן זיך אַלע אונ-טערהאַנדלונגען געפירט דורך אים. מיט הכנעה, ווי אַ קנעכט, איז מאַרעליוס צוגעגאַנגען צו אים און האָט געמאָלדן, אַז בענאָני וויל נישט פאַרקויפן זיינע בערג.

פינקט ווי אַ גוטער מלאך וואָלט געשטאַנען לעבן בענאָנין און אים אַליין אַריינגעלייגט די נויטיקע ווערטער אין מויל אַריין! זיין אַנטשידענער אָפּזאָג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דעם ענגלענדער. מיט אַ שטיינערנער עקשנות האָט זיך סער גיו אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז דווקא ער, און נישט קיין אַנדערער האָט אַנטדעקט די דאָזיקע רייכע בערג אין דער צייט פון אַ פּיש-פּאַנג-עקסקורסיע אין „צפון-לאַנד״, אין נאָרוועגיע, און איצט וויל ער דורכויס באַקומען זיי פאַר זיך. דעריבער האָט ער עס געבראַכט מיט זיך דעם בערג-אינזשיניער, כדי אויסצופאָרשן זיי. פון פאַראַיאָרן אָן האָט זיך געביטן דער באַלעבאָס פון די בערג: פריער האָבן זיי געהערט צו אראַן פון די בערג, וועלכער האָט זיי, מסתמא, אוועקגעגעבן בחצי חינם. אָבער סוף כל סוף האָט דאָס נישט געהאַט קיין באַזונדער באַדייטונג — בענאָני וועט, מסתמא, אויך פאַרקויפן. און קויפן האָט זיי סער גיו געוואָלט פאַר דעם יונגאַטש, וואָס עדוואַרדע האָט געבוירן פאַר דער צייט, וואָס ער איז נישט הי געווען. אַך, סאַראַ יונגאַטש דאָס איז! אַ וווּנדער! אַן אמתער וווּנדער! סער גיו האָט אים אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוואויגן און, אַ שיכּורער, שיר נישט אַריינפאַלנדיק אין היסטעריק פון שמחה, האָט ער פאַר אַלעמען גערעדט וועגן דעם, סאַראַ פּרעכטיק קינד דאָס איז. אויף די קאָנווערטן האָט מען אים געשריבן „Sir״ און „Hon.״, אָבער דאָס איז גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דעם גליק צו זיין דער פאָטער פון דעם דאָזיקן קליינינקן וווּנדער. — „דו האַלטסט אים די גאַנצע צייט אַליין, — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער — גיב זשע מיר אויך צו האַלטן אים אַ ביסעלע.״

דער עקסצענטרישער ענגלענדער האָט צונויפגעבונדן די געבורט פונם קינד מיט דער אַנטדעקונג פון דעם אַרץ-לאַגער און האָט געוואָלט די דאָזיקע עשירות אָפּגעבן אַ מתנה זיין זון. ער האָט זיינע מחשבות פאַרטרויט דעם געלערנטן בערג-אינזשיניער: „סאַראַ גביר מיין זון וועט זיין מיט דער צייט! — האָט ער געזאָגט, — איך וועל אַלע יאָר קומען צופאָרן און זען, ווי ער וועט אַלץ ווערן רייכער און רייכער. די בערג וועלן דאָך שטיין און וואַקסן אין פּרייז.״

דער געלערנטער האָט זיך וועגן דער זאַך אַרויסגעזאָגט מיט גרויס פּאָרזיכטיקייט. די מוסטערן, וועלכע ער האָט אויסגעפאָרשט, האָבן, אמת, געגעבן זייער גרויסע האָפענונגען. אָבער ער וואָלט פּאָרט געדאַרפט אַליין דורכגיין זיך איבער די בערג און אויספאָרשן דעם גאַנצן גרויסן שטח. אָט האָט זיך איצט די אויספאָרשונג געענדיקט. ביים געלערנטן איז שוין קיין ספק נישט געבליבן, אַז דאָ אונטער די פיס זענען באַהאַלטן גרויסע רייכטימער...

לסוף האָט מארעליוס געפרעגט אין סער גיוס נאָמען, וויפל וויל בענאָני באַקומען פאַר די בערג?

— ווינטער וועל איך קויפן פיש, וועל איך אַליין די בערג דאַרפן האָבן, — האָט בענאָני געענטפערט — נאָר אויב ער דאַרף עטלעכע קלאַפּטער פון ברעג, קאָן איך עס אים געבן אַ מתנה. איך בין נישט אַזאַ גייציקער, ווי אַנדערע.

אָבער סער גיו האָט געהאַלט קויפן אַלע בערג, דעם גאַנצן שטיק לאַנד אויף אַ פערטל מייל די גרייס.

— וואָס זשע וועט ער פאַר זיי געבן?

— פינף טויזנט דאָלאַר. — האָט מארעליוס געזאָגט.

בענאָני האָט דערפילט, ווי אים האָט אָנגעכאַפּט אַ טרייסלעניש פון פאַרוווּנדערונג. ער האָט אַריבערגעפירט די אויגן פון איינעם אויפן צווייטן, און נאָכדעם האָט ער געפרעגט ביי סער גיו אַליין, צי איז דאָס ווירקלעך זיין פאָרשלאַג?

סער גיו האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. איבעריקנס, ער האָט זיך, אפנים, נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ שמועס מיט אַזאַ פאַר אים זייטיקן מענטשן ווי בענאָני און האָט זיך פון אים אָפּגעקערט אָן אַ זייט.

און בענאָני, אַלע מאָל דער זעלביקער ספּריטנער ביטראַק, האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָ פאַרקאָכט זיך עפעס אַן ערנסטער עסק. הייסט עס, דער פּראָפעסאָר פון כריסטיאַניע האָט געזאָגט אַן אמת וועגן דעם רייכן לאַגער פון בליי און זילבער. פינף טויזנט דאָלאַר!

— איך וועל אַ טראַכט טון. — האָט בענאָני געזאָגט.

— וואָס האָט איר דאָ וואָס צו טראַכטן? — האָט זיך מאַ-

דעליוס געחונדערט, גרויסהאַלטנדיק זיך און אַרויסטרעטנדיק שוין פון אייגענעם נאָמען.

בענאַגי האָט פונקט מיט אַזאַ גאווה געענטפערט:

— דאָס איז נישט דיין עסק, מארעליוס. איך האָב אַ פּאַפּירל פון אַ פּראָפעסאָר פון כריסטיאַניע וועגן דעם, וואָס אין מיינע בערג איז פאַראַן.

— וואָס פאַר אַ פּראָפעסאָר פון כריסטיאַניע? — האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שרייען סער גיו, בלאָס ווערנדיק פון באַליידיקונג. It is איך, וועלכער געפונען די דאָזיקע בערג.

און ער האָט בענאָנין פון דער קרום אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק פון אויבן ביז אַראָפּ.

— נו, יאָ, יאָ, — האָט בענאַני נאָכגעגעבן — ס'איז זייער מעגלעך. איך וועל זיך פאַר דעם מיט איך נישט קריגן. אָבער די בערג זענען מ י י נ ע.

מען האָט בענאָנין געגעבן צייט צו באַטראַכטן זיך ביז דעם אָנקומען פון דעם צווייטן פּאָסט דאַמפער, מיט אים האָט געזאָלט קומען אַן אַדוואָקאַט פון שטאָט.

## XXV

גאַנצענע טעג נאָכדעם האָט בענאַני פאַרבראַכט אין אַן אומגלויבלעך צערודערטן געמיט-צושטאַנד. אים האָט זיך נישט געוואָלט קיינעם פאַרטרויען די זאַך. דער ענגלענדער וועט זיך אויסניכטערן פון דער שיכּרות און אפשר וועט ער שוין מער נישט קומען. דעמאָלט וועט די גאַנצע סביבה לאַכן פון בענאָנין. נאָר ווען ס'איז אָנגעשטאַנען די צייט, וואָס דער פּאָסט-דאַמפער האָט געדאַרפט אָנקומען, האָט בענאַני מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און ער איז אַוועק קיין סירילונד זיך זען מיט סווען דעם וועכטער. ביידע גוטע פריינט זענען אַוועק אין אַ זייט, און בענאַני האָט פאַר סווענען דעם וועכטער פאַרטרויט זיין סוד, נעמענדיק פון אים אַ וואָרט, אַז ער וועט שוויגן ביזן קבר.

סוועןֹ האָט לאַנג געטראַכט:

— דאָס איז וויל, — האָט ער לסוף געזאָגט שטאַרק צע־טראָגן — פינף טויזנט דאָלאַר!

— אָבער ווי איז דיין מיינונג וועגן דעם אַלעמען?

— מיין מיינונג? המם... אָט שטיי איך טאַקע און טראַכט וועגן דעם.

— דו מיינסט, אַז דער ענגלענדער וועט קומען נאָכאַמאָל?

— נישט פריער, איידער עס וועט קומען דער פּאָסט־דאַמ־פער, — האָט סוועןֹ זיכער געענטפערט — צי דען מיינט איר, אַז אַזאַ מענטש, כ׳מעג פּשוט זאָגן, שיר נישט קיין פּרינץ?... זיי זע־נען אָנגעשטאָפּט מיט געלט, די דאָזיקע ענגלענדער. אַמאָל, אַז ס׳פּלעגט מיר אויסקומען אַרעסטירן אין שטאָט אַן ענגלישן מאַט־ראָס, האָבן זיי געצאָלט, וויפל מיר האָבן געפאָדערט, און אפילו זיך קיין קרים נישט געטון.

— און ווי איז דיין מיינונג, פאַר וואָסער לעצטער פּרייז זאָל איך אָפּגעבן די בערג?

סוועןֹ דער וועכטער האָט אַ טראַכט געטון:

— אויב ער האָט זיך עס אַריינגענומען אין קאָפּ אויף אַן אמת, דאַרף מען נאָך מיין מיינונג בעטן צען טויזנט דאָלאַר.

— אין דער אמתן?

— דאָ קאָן שוין קיין שום ספק נישט זיין, און זיי איז דאָך פאַראַן זילבער... הערט, — האָט פלוצלינג סוועןֹ געזאָגט — איר וואָלט זיך געדאַרפט מיישב זיין מיט דעם אויפזעער פונם לייכט־טורעם.

בענאָני האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— ניין, איך וועל עס קיינעם נישט דערציילן, חוץ דיר.

— אָבער דאָ איז דאָך אַזאַ מעשה, האַרטוויגסען: אויב פון איין זייט וועט זיין אַן אַדוואָקאַט, דאַרף מען, אַז פון דער אַנדע־רער זייט זאָל אויך זיין. אפשר וואָלט איר אַריבערגעגאַנגען צו אַרענטסענען?

בענאָני האָט ווידער אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג. דער פּאָסט־דאַמפער איז געקומען און מיט אים איז אָנגע־

קומען אַן אַדוואָקאַט פון שטאָט. ער איז אַוועק קיין סירילונד און האָט זיך דאָרט באַזעצט, ווי געוויינלעך בשעת דער טינג פלעגט פאָרקומען. אויף מאָרגן איז ער געקומען צו בענאַנין און האָט אים געוואָלט נעמען מיט זיך אויף יענער זייט אַריבער די בערג, צו סער גיוען. נאָר בענאַני האָט זיך אָפּגעזאָגט. די אמתע סיבה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פונקט היינט האָט ער גע-וואָלט גיין רעדן מיט דעם אויפזעער פונם לייכט-טורעם. נאָר פאַרן אַדוואָקאַט האָט ער זיך געמאַכט, פלומרשט דער גאַנצער געשעפט ליגט אים אין פיאַטע נישט. ווען דער אַדוואָקאַט האָט זיך אַוועק-געלאָזן אין וועג דורכן קהלשן וואַלד, איז בענאַני געקומען צום אויפזעער פונם לייכט-טורעם שענינג.

— איך בין צו אייך געקומען מכּוח די בערג, -- האָט ער גלייך אָנגעהויבן — ווי מיינט איר, איך זאָל זיי פאַרקויפן?

— ניין, — האָט דער אויפזעער געענטפערט — זיי האָבן זייער אַ גרויסן ווערט.

— מען גיט מיר פאַר זיי פינף טויזנט דאָלער.

— וויפיל?

— איינער אַ רייכער ענגלענדער.

דער דאָזיקער פּאַמעל שענינג, דער אויפזעער פון לייכט-טורעם פון פערטער קאַטעגאָריע, דער אויסגעטריקנטער ביזן מאַרך פון די ביינער, דער פאַרשטיינערטער אין זעלבסטפאַראַכטונג און ציניזם, — וואָס איז אין דער רגע פאָרגעקומען אין זיין נשמה? מען האָט אים אַוועקגעשטעלט פאַר אַ שומר און אַ פירער פון אַ אידיאָטישן לייכט-טורעם. ער האָט אים געצוונדן און געלאָזט דעם דאָזיקן אייזערנע קאָפּ אַרויסוואַרפן העלע טעמפּקייט אויף צוויי מייל ווייט אינם רוים פון ים. נאָכדעם האָט ער אים געלאָשן, און דאַן דער לייכט-טורעם איז געשטאַנען אַ פאַרזונקענער פון דרויסן און פון אינעווייניק אין אַ קעגנזעצלעכער זינלאָזיקייט. ער האָט זיך געהויבן אַזוי דרייסט און שטאָלץ פאַר גאָרנישט נישט געהאַלטן זיך, נאָר געשטאַנען דאָ ווי אין שטעק-שיך און געקוקט אויפן ים.

דער אויפזעער פונם לייכט-טורעם שענינג האָט דערפילט,

ווי פון בענאָנים ווערטער איז אין אים פאָרגעקומען עפּעס אַ שינוי, פּונקט ווי עפּעס וואָלט אין זיך אומגעביטן מיט די ער־טער. די בערג, וועלכע האָבן אַזוי פיל יאָרן פאַרנומען זיין מוח, די דאָזיקע בערג האָבן זיך גענומען באַוועגן, זענען אריבער צו אַ נייעם באַלעבאָס, צו אַן ענגלענדער, צו אַ פרינץ. הייסט עס, אַז ביי פּאַוועל שעניגג איז דאָך נישט דער סאַמע פוסטער קאָפּ אויף דער וועלט!

— אַזוי גאָר, — האָט ער געזאָגט און האָט זיך איבערגעבויגן פאָרויס, כדי צו פאַרבאָרגן זיין צערודערטקייט — הממ... פינף טויזנט. אָבער איך האָף, אַז איר וועט זיך מיט גאָטס הילף אָפּ־זאָגן פון דעם פאָרשלאַג.

די אומגעוויינלעכע פייערלעכקייט פון דעם אויפזעערס מאָן האָט געמאַכט, אַז בענאָני זאָל זיך מיט באַזונדערער אויפמערק־זאַמקייט באַציען צו זיינע ווערטער.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געזאָגט — אפשר דאַרף איך בעטן מער?

— פאָריקן מאָל האָב איך געזאָגט צען טויזנט, — האָט דער אויפזעער ווייטער גערעדט — איצט זאָג איך אַ מיליאָן.

— ניין, רעדט ערנסט!

דער אויפזעער האָט אַ טראַכט געטון, גענומען אַ בלייפע־דער, גלייך ווי ער וואָלט זיך געקליבן אונטערפירן אַ סך הכל אונטער עפּעס אַ חשבון, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— אַ מיליאָן. דאָס איז די געוויסטע ציפער. מער קאָן איך גאָרנישט נישט זאָגן.

בענאָני איז געווען צופיל פאַרנומען, אַז ער זאָל דאָ זיצן און פטרן די צייט אין זינלאָזער פּלוידעריי מיט דעם אויפזעער שעניגג. דעריבער איז ער אויפגעשטאַנען און האָט געפרעגט:

— הייסט עס, מיינט איר, אַז איך מעג בעטן אַ טויזנט צען?

דער אויפזעער איז אויך אויפגעשטאַנען. אין דעם מאָמענט איז אים געלונגען אריינצוהויבן אין בענאָנין אַ טייל פון זיין פאַנ־טאַסטישן גלויבן אין די אוצרות, וואָס זענען פאַרבאָרגן אין די טיפענישן פון זיינע בערג.

— מעג עס אפילו זיין דאָס לעצטע וואָרט אין מיין לעבן, וועל איך אייך אַלץ דאָס זעלביקע זאָגן: ביליקער פאַר אַ מיליאָן גיט זיי נישט אָפּ! — האָט ער פייערלעך אַרויסגערעדט.

דער דאָזיקער וויזיט האָט נאָך מער צעטומלט בענאָנין דעם קאָפּ. ער איז גיכער אַוועק אַהיים, עפּעס אָפּגעגעסן נאָכדעם אַוועק צום לענסמאַן. ס'איז שוין געווען שפּעט, ווען ער איז געקומען צוריק אַהיים, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פאַרזיכערט אויף מאָרגן די הילף פון דעם לענסמאַנס שרייבער. אינדערפרי האָט ער זיך אָנגעטון יום-טובדיקער און מחמת אומרויקייט לאַנג אַרומגעדרייט זיך איבערן הויף און איבערן שטוב. נאָכדעם איז ער אַוועק אין שפּייכלער, איז דאָרט אַביסל געשטאַנען אויף דעם ערדענעם טאָק, האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די זייטן און איז צוריק אַרויס. פּלוצלינג האָט ער זיך מיישב געווען, אַז ער וועט פאַרווירקלעכן זיין געדאַנק, וואָס איז אים געקומען ביידערנאַכט אויפן זינען. ער האָט פונדעסטוועגן באַשלאָסן אַריבערצוגיין צו ניקאָלאַי אַרענטסענען. ס'איז געווען עלף דער זייגער אינדערפרי.

בענאָני איז צוגעגאַנגען צום שמידס הויז, איבערגעלייענט אַרענטסענס פאַמיליע אויף דער טיר פון דער קאַנטאָר און האָט אָנגעקלאַפּט. קיינער האָט נישט געענטפערט. ער האָט אַריינגעקוקט אין צימער — קיינער נישטאָ, דעמאָלט האָט ער דערהערט, אַז ערגעץ אין שטוב פּאָליושקעט זיך וואַסער און מען סקראָבעט מיט זאַמד די פּאָדלאָגע. ער איז אַוועק ווייטער און האָט אָנגעקלאַפּט אין דער צווייטער טיר. ווידער האָט קיינער נישט געענטפערט. ער האָט געעפנט די טיר און איז אַריין אין צווייטן צימער

ראָזע האָט געוואַשן די פּאָדלאָגע. די אַרבל זענען ביי איר געווען פאַרקאַשערט, דאָס אויבערשטע קליידל פאַרשטעקט און דאָס קורצע אונטערשטע איז קוים דערגאַנגען ביז די ליטקעס, זי האָט שנעל אַראָפּגעלאָזן דאָס אויבערשטע קליידל. זי איז געווען זייער פאַרשעמט און דערצו נאָך צעהיצט פון דער אַרבעט.

— פריד צו אייך! — האָט זיך בענאָני געגריסט. — זייט אויף מיר נישט ברוגז, וואָס איך בין געקומען אַזוי פרי.

זי האָט אים דערלאַנגט אַ שטול, וואָס איז געשטאַנען הינ־טער איר און געענטפערט מיט דער אויסשפּראַך פון בענאָני און פון די אַרטיקע איינוווינער:

— איך בעט אייך, זייט אַזוי גוט, זעצט זיך. אין אַ פרעמד הויז זענט איר אַריינגעפאַלן, נישטאָ וואָס צו רעדן. אַפילו אָנגע־טון בין איך ווי אַ פאַדלאָגע־וואַשערן...

זי האָט זיך געסטאַרעט אַראָפּציען די אַרבל איבער די נאַסע עלנבויגנס, ארומגייענדיק פון איין אָרט אויפן צווייטן.

— וואָס מאַכט עס אויס, פאַראַן וועגן וואָס צו רעדן! — האָט בענאָני געענטפערט, נישט זעצנדיק זיך. — איך האָב גע־וואָלט זען דעם אַדוואָקאַט. אין דער קאַנטאָר איז ער נישטאָ.

— ניין, נישטאָ... איבעריקנס, ווייס איך נישט, איצט איז דאָך די אויפנאַם־שעה ביי אים. מסתמא, איז ער נאָר וואָס אַרויס.

— יאָ, יאָ, זיכער אַזוי. אפשר איז ער אַוועק קיין סירילונד, אָדער...

— ער איז אוודאי אַוועק זען, וואָס מאַכט מאַק.

דערווייל איז ראָזע אין אומרויקייט געגאַנגען איבערן צימער אַהין און אַהער צוקלויבנדיק. זי האָט באַוויזן אַרויסצולייגן אויפן טיש דעם מאַנס מעטאַטראַלן בינאָקל, און גלייך ווי זי וואָלט פאַר־געסן אָן דעם, האָט זי אויפן טיש געלאָזן ליגן דעם שירם. דאָס איז נאָך געווען איר אַמאָליקער מיידלשער זומערדיקער שירם. דער בינאָקל און דער שירם זענען בכיוון אַוועקגעלייגט געוואָרן אויפן טיש, כדי דער צימער זאָל נישט אויסזען אַזוי אָרעם, כדי צו באַווייזן, אַז דאָ זענען אויך פאַראַן חפצים.

— איך בין איצט געבליבן אַליין, — האָט זי גענעבן צו דערקלערן - קומט אויס עפּעס צו טון, האָב איך מיך גענומען וואַשן די פאַדלאָגע. ניקאָלאַיס מוטער איז אַוועקגעפאָרן צו גאַסט צו דער טאָכטער

בענאָני האָט געוווסט, אַז די אַלטע שמשטע איז אינגאַנצן אַוועק צו דער טאָכטער וווינען ביי איר.

— און די קליינינקע מאַרטע האָט זיך פאַרבענקט נאָך דער היים... זעט, פאַרוואָס זשע זיצט איר נישט?

— ניין, אדאנק, איך האָב איצט קיין צייט נישט, ווייל צו מיר דארפן קומען אָנגעפּאָרענע מענטשן, איך האָב מיך געדארפט בּאראטן מיט דעם אדוואָקאט.

— וועט איר זיך מיט אים אפשר בּאגעגענען אויפן וועג. — האָט זי געזאָגט

— יאָ, יאָ, טאָ בּלייבּט געזונט. — בּענאָני האָט זיך פאר־נויגט און איז ארויס.

ער האָט ארענטסענען נישט בּאָגעגנט אויפן וועג און האָט בּאשלאָסן נישט צו גיין זוכן אים אין סירילונד.

— ניין, ניין, ניין! וואָס זשע איז דאָס אזוינס! — האָט בּע־נאָני צו זיך גערעדט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — ווי זי האָט זיך פארענדערט, גאָר אַן אנדער מענטש געוואָרן!

זי איז אַלץ געשטאַנען בּיי אים פאר די אויגן אזוי, ווי ער האָט זי דערזען אין דער ערשטער רגע — אין אַ רויטן אונטער־קליידל, וואָס איז דערגאַנגען מער נישט, ווי בּיז די ליטקעס.

ווען בּענאָני איז געקומען האָט שוין אויף אים געוואַרט דעם לענסמאַנס שרייבּער. אַביסל שפּעטער איז געקומען דער שטאָטי־שער אדוואָקאט, און נאָך אים בּיידע ענגלענדער מיט זייערע בּאַ־גלייטער. בּענאָני האָט אַלעמען איינגעלאַדן אין זאַל. סער גיו האָט אויסגעזען אינגאַנצן ניכטער. ווען בּענאָני האָט אַלעמען פאַרגע־לייגט אויסצוטרינקען צו קעלישקעס, האָט זיך סער גיו טרוקן אָפּגעזאָגט. דאָס האָט בּענאָנין זייער בּאַליידיקט, און ער האָט געזאָגט:

— נו, פארשטייט זיך! מיין הויז איז צו אַ פּראָסטע פאר אייך

ס'האָבּן זיך אָנגעהויבּן די אונטערהאַנדלונגען. דער אדוואָ־קאַט האָט זיך געזעצט, ארויסגעלייגט פאר זיך עפּעס פּאַפּירן, און פונאַנדערגלעטנדיק זיי מיט דער דלאָניע, האָט ער אָנגעהויבּן:

— הייסט עס, בּכן, ס'האַנדלט זיך וועגן די דאָזיקע בּערג. סער גיו טרעוועליאַן וויל זיי קויפן, און לייגט אייך פאָר אַ פּרייז.

בּענאָני איז נאָך אַלץ געווען בּאַליידיקט און ער האָט שארף געענטפערט.

— מיך גייט גאָרנישט אָן, וואָס מען לייגט מיר פאָר. איך קלויב מיך גאָרנישט פאַרקויפן די בערג.

— אַזוי גאָר! — האָט זיך דער אַדוואָקאַט פאַרוואונדערט.

ווען איר וואָלט געקומען צו מאַקן און וואָלט אים פאָרגע־לייגט פאַרקויפן אייך סירילונד, וואָלט ער אייך געענטפערט: „איך קלויב מיך אפילו נישט פאַרקויפן סירילונד, טאָ וואָס זשע לייגט איר מיר עפּעס פאָר אַ פּרייז?"

דער אַדוואָקאַט האָט געמאַכט אַ באַמערקונג:

— ס'קאָן זיין, אַז מאַק וואָלט סירילונד טאַקע פאַרקויפט, ווען מען וואָלט אים געגעבן אַ גוטן פּרייז, האַרטוויגסען!

— ניין, — האָט בענאָני געענטפערט, קעגן זיין אייגענער אי־בערצייגונג, — דאָס איז נישט קיין גוטער פּרייז.

— פינף טויזנט דאָלאַר!

— יאָ, אָבער די בערג קאָנען נאָך שטיין אַ ביסל. קיין זאַך נויט מיך נישט צו פאַרקויפן זיי, איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך נויטיק מיך. מאַרעליוס פון מאַרפּעלוויקען האָט געזאָגט, גלייך ווי דער עסק איז אים נוגע:

— איר אַליין האָט די בערג אָפּגעקויפט פאַר הונדערט דאָלאַר.

— יאָ, — האָט בענאָני געענטפערט — טאָ פאַרוואָס־זשע האָסטו אַליין זיי נישט אָפּגעקויפט פאַר פופציק? מען האָלט זיי דיר פאַר אַזאַ פּרייז אויך אָפּגעגעבן. איך האָב באַצאָלט מער, איידער מען האָט פאַר זיי געבעטן.

סער גיו איז געוואָרן אומגעדולדיק, ער האָט געהייסן דעם אַדוואָקאַט פרעגן בענאָנין, פאַר וויפל איז ער מסכים צו פאַרקויפן די בערג, אפשר פאַר צען טויזנט?

בענאָני האָט עס אָנגענומען פאַר אַ געלעכטער און האָט געענטפערט:

— איך ווייס נישט, די בערג קאָנען נאָך שטיין, נישקשה, זיי וועלן נישט אַנטלויפן פון מיר, חוץ דעם האָבן זיי אין זיך זילבער.

סער גיו איז אַזוי אין כעס געוואָרן פון דעם נאַרישן ענטפער, אַז ער

איז אזש בלאַס געוואָרן און האָט אפילו אַ געשריי געטון: אָ!

דאָס האָט ביי בענאָניז נישט אַרויסגערופן קיין פרידלעבערע שטימונג.

— איר קאָנט דאָך אָבער נישט טראַכטן, האַרטוויגסען, אַז מען קאָן מוסיף זיין אויף דער פּרייז אָן אַ סוף? — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט.

— איך בעט גאָרנישט מוסיף זיין, — האָט בענאָני געענטפערט. אַ צערייצטער מענטש פון דעם ענגלענדערס גאווה — און זאָל זיך דער דאָזיקער מענטש דאָ אַזוי נישט בלאָזן. געקומען צו מענטשן אין הויז און מיינט, אַז ער האָט שוין גלייך אָפּגעקויפט דאָס הויז מיט די באַלעבאַטים צוזאַמען.

דער אַדוואָקאַט האָט שטיל צו אים געזאָגט:

— איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז ער איז אַן אויסלענדער און אַ גרויסער לייט.

— נו, איז וואָס? — האָט בענאָני הויך געענטפערט. — יעדער אָרט האָט זיך זיינע מנהגים. ווען איך בין געווען אין בערגען און האָב געזאָגט: „פריד צו אייך", האָט מען מיך נישט פאַרשטאַנען. האָב איך געמוזט זאָגן אויף זייער שטייגער „גוט מאָרגן".

סער גיוען האָט דער דאָזיקער מענטש, וואָס רק ער באַליידיקט זיך, אפנים, גרייִלעך דערעסן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַלץ צוליב דעם קעלישעק קאָניאַק, וואָס ער האָט נישט געוואָלט טרינקען. אָבער אים איז אפילו אויפן זינען נישט געקומען אויסצוטרינקען דעם קעלישעק, ניין, דאָס מעג אים קאָסטן איבעריקע עטלעכע טויזנט דאָלאַר. ער איז אויפגעשטאַנען, האָט פאַרשפּילעט דאָס קעסטלדיקע רעקל און גענומען זיך פאַרן היטל מיט דער פישער-פליג. אוועקגייענדיק האָט ער געהייסן פרעגן ביי בענאָנין, צי איז ער מסכּים פאַרקויפן די בערג פאַר צוואָנציק טויזנט דאָלאַר?

אַלע אין זאַל זענען פאַרציטערט געוואָרן, נאָר די צוויי ענגלענדער זענען געבליבן רויִק, ווי נישט זיי מיינט מען.

אין דער רגע האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר, און דער אויפזעער פונם לייכט-טורעם שעניגג איז אַריין. ער האָט זיך מיט

קיינעם נישט געגריסט, איז גלייך צוגעגאנגען צו בענאָנין און האָט געזאָגט:

— אויב איר גלויבט מיר נישט, טאָ זעט איר אליין.

און ער האָט בענאָנין דערלאנגט אַ פּאַפּיר: דאָס איז געווען דער אַנאַליז פון די מוסטערן, וואָס מען האָט גענומען פון די בערג.

וויפיל האָט עס געדאַרפט קאָסטן דעם אויפזעער שענינג, ביז ער האָט אויפגעזוכט דאָס אַלטע פּאַפּירל, כּדי אַלע זאָלן קאָנען זען! סאַראַ מינערונג פאַר זיין אייגענעם אויטאָריטעט, וויבאַלד אַז ער האָט אים געדאַרפט אונטערשטיצן מיט אַ פרעמדער מיינונג! און פאַרוואָס האָט ער אַליין נישט געקויפט די דאָזיקע בערג, דעמאָלט ווען מ׳האָט זיי געקאָנט קויפן פאַר אומזיסט, פאַר אומזיסט! איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן ווירקלעך אַ גרויסן ווערט, מען לייגט שוין פאַר זיי פאָר טויזנטער. צי האָט פּאַוועל שענינג איצט נישט חרטה געהאַט און צי האָט ער פּשוט נישט געוואָלט פאַרבאָרגן, וואָס ביי אים האָט געפעלט אונטערנעמערישער גייסט, שפּילנדיק דאָ אַ ראָלע פון אַ חכם און מגזם זייענדיק זיין פאַראַכטונג צו געלט?

דער בערג-אינזשיניער האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט פאַרן אַנאַליז און האָט זיך היים גענומען שטודירן אים. ער האָט אַ שטעק געטון מיטן פינגער אויף אייניקע ציפער און זיי באַוויזן סער גיזען. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז דאָ געווען זילבער מער, איידער ער האָט געפונען מיט זיין שמעלץ-טריבל. אָבער אפשר האָט מען פאַר דעם אַנאַליז אַרויסגעשיקט אָפּגעקליבענע מוסטערן, — ווער ווייסט?

דער אויפזעער האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם דאָזיקן ענגלישן שמועס און געמאָלדן קורץ און שאַרף, אַז די מוסטערן האָט ער אַליין געשיקט און נישט עמעצער אַנדערש, און אַז ער האָט זיך דעריבער געסטאַרעט אויסקלייבן סאַמע געוויינלעכע, מיטעלע.

די בריטאַנער האָבן זיך געמאַכט כּלומרשט זיי הערן און זען אים נישט. אָבער בנוגע צום אויפזעער, האָט זייער גאַנצע גאווה

נישט געטראָפן אין ציל. אָ, וואָס איז שייך צו קאַלטער, אומריר־לעכער פאַראַכטונג, האָט עס יעדער איינער געקאָנט לערנען זיך ביים אויפזעער שעניגג!

— מיר האָבן נישט געבעטן, אַז דער דאָזיקער מענטש זאָל זיך אַריינמישן. — האָט סער גיו געהייסן איבערגעבן.

— הייסט עס, — האָט דער אויפזעער געענטפערט, ווענדנדיק זיך צו בענאָנין — הייסט עס, אַז איר טאָרט נישט פאַרקויפן די בערג, ביליקער ווי פאַר אַ מיליאָן.

די לעגענדאַרע ציפער האָט פאַראַמאָל צעטריבן די גאַנצע ערנסטע שטימונג. אפילו די בריטאַנער האָבן גאַוואַדיק אַ שמייכל געטון. זיי האָבן ווי פריער געפרוווט מאַכן דעם אָנשטעל, כלומרשט זיי באַמערקן גאָרנישט, אַז דאָ איז פאַראַן דער קוריאָזער אויפ־זעער. אָבער ווען ער האָט זיך נאָך אַלץ אַריינגעמישט, האָט סער גיו געפאָדערט דורך דעם אַדוואָקאַט, אַז דער מענטש זאָל באַזיי־טיקט ווערן.

דער אויפזעער האָט זיך אויפגעזוכט אַ שטול און אוועקגע־זעצט זיך וואָס באַקוועמער.

— איך האָב שוין מיט פיל, פיל יאָרן צוריק צוגעקוקט זיך צו די דאָזיקע בערג. נאָר איך האָב זיי נישט געדאַרפט.

סער גיו, וועלכער איז געשטאַנען און האָט אַרויפגעצויגן די הענטשקעס, האָט פּלוצלינג אַ געשריי געטון, נישט קענענדיק זיך מער איינהאַלטן:

— it is איך, וועלכער געפונען די בערג!

און ער האָט אַ וואָרף געטון אַרום זיך אַ ווילדן בליק.

— נו, יאָ, יאָ, יאָ, פאַרשטייט זיך. — האָט אים דער אַדוואָ־קאַט גיכער באַרויקט.

נישט לייגנדיק קיין שום אַכט אויף דעם ענגלענדערס אויס־געשריי, האָט דער אויפזעער ווייטער גערעדט:

— אַראָפּ פון די בערג פאַרשטייט אין דעם גאָרנישט נישט. איך האָב נאָך שיר נישט מיט דרייסיק יאָר צוריק געזאָגט: „אויף דיין חלק ערד געפינט זיך אַ זילבער־פעלד.” און ווען מיר האָבן באַקומען דעם אַנאַליז, איז שוין קיין ספק נישט געבליבן. „אפשר

קאָנט איר אָפּקויפן די בערג? — זאָגט אראָן. — „ניין, — האָב איך געענטפערט — איך האָב דערויף קיין געלט נישט, און קיין עשירות דאַרף איך אויך נישט האָבן, וואָס וועל איך דערמיט טון? — „איר האָט קינדער". — זאָגט אראָן. — „יאָ, — האָב איך געענט־פערט — אָבערביידע טעכטער מיינע האָבן חתונה געהאַט מיט גוטע רייכע מענטשן." — „האָט איר דאָך אַ זון", — זאָגט ער. — „יאָ, אָבער ער וועט שטאַרבן. — האָב איך געענטפערט. — ער קאָן לעבן מער נישט, ווי נאָך עטלעכע יאָר." אַזוי זענען די בערג געבליבן שטיין ביז איצט.

אָ, ווי וויכטיק עס איז, אפנים, געווען פאַר דעם קלאָגע־דיקן אויפזעער פונם לייכט־טורעם, אז אַלע זאָלן וויסן וועגן זיין אומגעהויערער פאַראַכטונג צו רייכקייט דווקא איצט! דעריבער, מסתמא, האָט ער זיך אויסגעדריקט אַזוי גראָב. אָבער אין דער רגע האָט אפשר ביי קיינעם אין הארצן נישט געלעבט קיין גרע־סערער פיין, ווי ביי אים.

דער אדוואָקאַט האָט אָנגעהויבן רעדן מיט געשעפטלעכן טאָן:

— לאָמיר רעדן קלאָרע דיבורים, הארטוויגסען. איר וואָלט געדאַרפט ענטפערן אויף דער פראַגע: צי זענט איר מסכים צו פאַרקויפן דעם טייל פון די בערג, אַ פערטל מייל די גרייס, פאַר צוואַנציק טויזנט דאָלער? איך וויים אפילו נישט, צי איז דער דאָ־זיקער פּרייז פאַרגעלייגט געוואָרן ערנסט; גיכער פאַר אַלץ נישט, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אוממעגלעך. איך האָב דאָס פאַרשטאַנען, ווי אַ פאַרלאַנג צו הערן די לעצטע פּרייז פון אייך.

— צוואַנציק טויזנט? — האָט געזאָגט דער אויפזעער. — מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ באַגריף די דאָזיקע הערן האָבן וועגן דער זאַך. דאָס איז פּשוט אַ געלעכטער. און מען זאָגט: אַ שטיק לאַנד פון אַ פערטל מייל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז נישטאָ קיין פערטל מייל מיט בליי און מיט זילבער. דאָ איז אפילו קיין העלפט דערפון נישטאָ. די דאָזיקע הערן זענען פּשוט אויסערן זינען. דאָ קאָן נישט זיין קיין רייד וועגן זילבער אויף הונדערטער מיליאָרדן, אָבער דאָ רעדט זיך וועגן אַ גרויסן שטיק

לאַנד, וואָס אַנטהאַלט זילבער-ערץ, מיט מער ווי צוויי פּראָצענט זילבער, און דעם דאָזיקן פּלאַץ קאָן מען נישט פאַרקויפן ביליקער ווי פאַר אַ מיליאָן.

— ס'קאָן זיין, — האָט בענאַני אָנגעהויבן לאַנגזאַם, ווענדנדיק זיך צום אַדוואָקאַט — ס'קאָן זיין, אַז איך וועל פאַרקויפן אויב מיר... יאָ, אויב מיר וועלן זיך צונויפגיין אין פּרייז.

ווי האָט עס בענאַני געקאָנט אויסהאַלטן, בלייבן זיצן אויף זיין אָרט און גובר זיין דעם קאַלטן ציטער, וואָס איז דורכגעלאָפן איבער זיין רוקן! ער האָט נישט געהערט דעם אויפזעערס פּלוידעריי וועגן אַ מיליאָן. נאָר אַלע איבעריקע גרויסע סומעס, פינף טויזנט, צען טויזנט, צוואַנציק טויזנט האָבן צעמישט אַלע זיינע ביזאיצטיקע פאָרשטעלונגען וועגן געלט. ער האָט אויפן קאָפּ גענומען פאַרגרעסערן די סומעס, און זיין געדאַנק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף פערציק טויזנט. אָבער פערציק טויזנט — דאָס איז דאָך פשוט אַ משוגעת! און ווען דער אַדוואָקאַט האָט געפרעגט, אויף וואָס פאַראַ פּרייז וואָלטן זיי זיך געקאָנט צונויפגיין, האָט בענאַני אָנגערופן פערציק טויזנט דערפאַר, ווייל די סומע האָט זיך אים געדרייט אין קאָפּ.

— פאַר אַ טויזנט פערציק וואָלט איך אפשר מסכים געווען, — האָט ער געזאָגט.

און ווידער האָבן זיך אַ טרייסל געטון אַלע, וואָס זענען דערביי געווען אין זאַל. מער נישט ווי די צוויי ענגלענדער האָבן זיך שנעל אויסגעטוישט מיט פראַגן און ענטפערן: "וויפיל?"—„אַכט, כמעט צען טויזנט פונט".

דער אויפזעער איז אויפגעשפרונגען פונם שטול.

— איר זענט אינגאַנצן פון זינען אַראָפּ! — האָט ער שאַרף אַ קוויטשע געטון.

— שאַ! שווייגט! — האָבן אַלע אויף אים אָנגעהויבן צו שאַקען. — דאָ איז אַן ערנסטער שמועס, נישט עפּעס קיין פּוסטע מעשות. שווייגט, זיצט רויק.

דער אויפזעער האָט אַ מינוט צוויי געקוקט אויף בענאַנין, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, און אַמאָל צוויי אַראָפּגעשלונגען די

פלינע. ביי אים איז אפילו אין האלז טרוקן געוואָרן.

— פערציק טויזנט! אזויפיל וועט אייך דאָך געבן יעדער איינציקער פון אייערע בערגענער סוחרים! גאָט איז מיט אייך!

— שרייבט! — האָט זיך פלוצלינג געלאָזט הערן סער גיועס קול.

דער דאָזיקער שמועס אָן א סוף איז אים מיאוס געוואָרן, און ער איז גרייט געווען צו פלאַצן פון בייזקייט.

ווען דער אדוואָקאַט האָט זיך אוועקגעזעצט שרייבן דעם פאַרקויף-אַקט, האָט זיך דעם לענסמאַנס שרייבער צוגעזעצט נעבן אים און האָט געלייענט דאָס אָנגעשריבענע, איבערפּול מיט דעם באַוווסטזיין פון זיין אַמטלעכן חוב, און פון די געזעצן און פאָר-שריפטן.

— דאָס איז אַן אידיאָטיזם! — האָט דער אויפזעער שענינג געמורמלט, ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרפאַלן. — דאָס איז א חזירשאַפט!...

ער האָט אַרויפגערוקט דאָס היטל און איז וואַקלענדיק זיך אַרויס פון דער טיר, מיט קיינעם זיך נישט געזעגנט.

צייטנווייז האָט זיך נאָר געלאָזט הערן א פראַגע און אַן ענטפער. דער אַקט האָט געזאָלט געשריבן ווערן אויף דעם נאָמען פון סער גיועס זון אין מאַרפּעלוויקען, דאָס געלט — איינגע-צאָלט ווערן אינגאַנצן פאַראַמאָל. ווו? — האָט בענאָני געפרעגט. — דאָ. און אין פינף וואָכן אַרום, רעכענענדיק פון היינטיקן טאָג. דאָס געלט איז שוין אַרויסגעשיקט אהער. דער בערג-געלערנטער דאַרף זיך בלויז דורכפאָרן קיין כריסטיאַניע און ברענגען עס.

## XXVI

בענאָני האַרטוויגסען איז געוואָרן באַלעבאָס אין סירילונד און מאַקס שותף. וויבאַלד אַז בענאָני איז אזוי רייך געוואָרן, טאָ צו וואָס זשע האָט ער געדאַרפט אוועקפאָרן אין פרעמדע ערטער, עפענען דאָרט א געשעפט צו פאַרנעמען זיך מיט

פיש-האַנדל און זיין אַ מאַק פאַר פרעמדע מענטשן? דאָ איז געווען זיין היים, דאָ האָט ער געהאַט אַ הויז, און דאָ גופא איז טאַקע געווען אָנגענעמער ווי אומעטום צו זיין אַ וויכטיקער מענטש. אין דער זעלביקער צייט איז אויסגעקומען אַזוי, אַז מאַק פון סירילונד האָט פלוצלינג גענומען שפירן, אַז אים איז נויטיק צו הילף, פונקט אַזאַ מענטש, ווי בעֶאַני. מיט מאַקן פון סירילונד האָט געטראָפן דאָס זעלביקע, וואָס מיט זיין ברודער פון ראָזענגאַרד: ער האָט גענומען ליידן אויפן מאָגן, און ער וועט ווינטער אפנים דאַרפן אַרומבינדן דעם בויך מיט אַ ברייטן רויטן שאַל. אָט צו וואָס דערפירט אַ צו ברייטער אַרט לעבן!

יאָ, בעֶאַני האָט אויך פונקט אַזוי נישט געקאָנט באַגיין זיך אָן מאַקן, ווי מאַק אָן בעֶאַנין. לאָמיר נעמען כאָטש אַזאַ שווערע זאַך, ווי קאָנטראָלירן דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען פאַר דער אַרק-רייכער ערד, אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען סער גיו איז געקומען מיטן געלט און מיט אַ גאַנצע כאַפטע עדות. בעֶאַני האָט אין דעם דאָזיקן שווערן פאַל געמוזט ווענדן זיך צו מאַקן און בעטן, ער זאָל זיך נישט אָפזאָגן בייצוזיין אין אַזאַ וויכטיקער רגע. דאָס זענען אמתע אַסיגנאַציעס, צי פאַלשע? — „יאָ, — האָט מאַק געזאָגט, שווימענדיק ווי אַ פיש אין דעם דאָזיקן ים פון געלט, — דאָס זענען סאַמע ריכטיקע מלוכה-בילעטן.“ און דאָ אויפן אָרט האָט ער פאָרגעלייגט נעמען אַלע פערציק טויזנט דאָלאַר צו זיך קיין סירילונד און ביז וואַנען וואָס ווען, באַהאַלטן זיי אין זיין שקאַטולקע. נאָר בעֶאַני האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— פאַרשטייט זיך, דו וועסט פון מיר באַקומען אַ קוויטאַנציע אויף זיי, — האָט מאַק געזאָגט.

— ניין, צו וואָס, ביי מיר אַליין וועט זיך שוין געפינען אַ הויז און אַ דאַך פאַר זיי. — האָט בעֶאַני געענטפערט.

דעמאָלט איז מאַקן מער גאָרנישט געבליבן, ווי זאָגן:

— טייערער האַרטוויגסען, איך האָב דאָך נאָר געמיינט דיין טובה.

אָבער ס'אַרא קאַטאָרזשנע אַרבעט דאָס איז געווען צו היטן אַזאַ אוצר, צי פון אַ שרפה, צי פון אַ גנב. דעריבער, ווען אַראַן

דער טריקענער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אויפן „פונטוס" קיין בער-גען מיט פיש, איז בענאָני אויך מיט אים געפאָרן. די נסיעה איז באַשטימט געוואָרן ביי מאַקן אין קאָנטאָר. און דעם דאָזיקן גוטן פּלאַן האָט אויך צוגעטראַכט אַלץ דער זעלביקער מאַק.

— דו וואָלסט געדאַרפט אַ פאָר טון קיין בערגען, — האָט מאַק געזאָגט — דו וואָלסט דאָרט פאַראַמאָל אָפּגעמאַכט צוויי עסקים.

— וואָסערע צוויי עסקים?

— ערשטנס וואָלסטו אַהין אַוועקגעפירט דאָס געלט. ס'איז קיין שום נויטיקייט נישטאָ, און ס'איז אפילו אַן עבירה צו האַלטן אַזאַ קאַפּיטאַל אין קאַסטן. די קאָנסט דאָס געלט איבערשיקן, פאַרשטייט זיך, דורך דער פּאָסט, נאָר בעסער איז, דו זאָלסט עס אַליין אַוועקפירן. וואָרום אויב דו וועסט פאָרן, וועסטו שוין פאַר איין גאַנג אָפּטון דעם צווייטן עסק. ווען „פונטוס" וועט אָנ-קומען קיין בערגען, וועסטו זיך פּערזענלעך מעלדן און באַקומען פון מיין איבערקויפער פינף טויזנט דאָלאַר.

וואָס טוט זיך אַזוינס מיט מאַקן? בענאָני איז אין תוך גרייט געווען דערצו, אַז מען וועט אים ווידער אָנהויבן מכבד צו זיין מיט „מאָרגנס".

— איצט איז דאָך שוין נישט פינף טויזנט. — האָט בענאָני אָנגעהויבן, וועלנדיק אַביסל לייכטער מאַכן מאַקן די צאָלונג.

מאַק האָט אים איבערגעריסן:

— פאַרשטייט זיך, פינף טויזנט דאָלאַר. אונזערע קליינע פּרי-וואַטע השבונות—דאָס איז אַ באַזונדער זאַך. דו האָסט דאָך אַליין אַזוי געוואָלט.

גאָט! סאַראַ אומגעווייגלעכער מענטש דאָס איז פונדעסט-וועגן. שטענדיק געדענקט ער, וואָס ער האָט צו טון, און ווייזט קיינמאָל אפילו אויף אַ רגע נישט אַרויס קיין שוואַכקייט! ביי בע-נאָנין אין מוח איז דורכגעלאָפן אַ חשד, צי איז דאָ נישטאָ עפּעס קיין הינטערשטע כוונה אין אַזאַ אויפפירונג מצד מאַקן. אָבער מאַקס אויפמערקזאַמע זאָרג און פריינטלעכע באַציונג, האָבן

אים אזוי דערוויבט, אז ער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אן אנדער אומשטאַנד, וואָס האָט אים געדריקט אויפן האַרצן.

— אפשר וואָלט איך געהאַט נאָך אַ דריטן עסק אָפּצוטון אין בערגען. — האָט ער געזאָגט.

— דהיינו ?

— איך וואָלט זיך אפשר געדאַרפט נעמען אַ ווירטשאַפטערין, אָדער עפּעס אַנדערש אין דעם אָרט.

— נעם נישט אַזאַ פון בערגען. — האָט זיך מאַק שנעל אָפּגערופן.

בענאָני איז געווען שטאַרק פאַרוואונדערט, ווי גיך ביי מאַקן איז דאָסמאָל פאַרטיק געוואָרן אַן ענטפער.

בענאָני האָט פאַר אים אָפּגעעפנט דאָס האַרץ: יאָ, לעבן אזוי ווי ביז איצט, טויג נישט... אין דער ווירטשאַפט אַן אומאָרדנונג... אין שטוב אַ וויסטקייט... איינזאַם און נישט היימלעך...

מאַק איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, האָט אַ רגע געטראַכט, נאָכדעם האָט ער זיך אומגעקערט און געזאָגט:

— אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן, ליבער האַרטוויגסען, דו וואָלסט וועגן דעם געדאַרפט באַראַטן זיך מיט ראָזען...

אַז בענאָני איז אַוועקגעפאָרן קיין בערגען, האָט מאַק איינמאָל געזאָגט צו ראָזען:

— אפשר ווייסטו עמעצן, וואָס וואָלט זיך גענומען השגחה געבן ביי בענאָנין אויף דער ווירטשאַפט ?

— ניין. — האָט זי געענטפערט.

— גיב אַ טראַכט וועגן דעם. ער קאָן דאָך נישט לעבן אזוי, ווי ער האָט ביז איצט געלעבט.

— איך מיין, עס וועלן זיך געפינען גענוג בעלנים.

ביידע האָבן זיך אַביסל פאַרטראַכט.

— און דו וואָלסט זיך אָנגענומען ?

— איך ? דו ביסט פון זינען אַראָפּ ?

— נו, נו, — האָט ער געזאָגט — טאָ לאָמיר, הייסט עס, וועגן דעם מער נישט רעדן.

בענאָני האָט זיך אומגעקערט פון בערגען. ער האָט איינ-

געאָרדנט אלע זיינע געשעפטן און אריינגעלייגט זיין געלט אין באנק. דער באנק איז געווען אַזאַ גרויסאַרטיקער! מיט שטאַבעטן, מיט אייזערנע טירן און מיט אייזערנע קאַסעס, וואָס ברענען נישט, איינגעמויערטע אין די ווענט פון די קעלערס. בענאָני האָט אויך אַביסל צוגעקוקט זיך צום ווייבערשן געשלעכט, אפשר וואָלט זיך געפונען אַזאַ דאַמע, אַ פּערזאָן, וואָס וואָלט מיט אים געפּאָרן אויפן צפון און איינגעפירט ביי אים אַ ווירטשאַפט, וואָס זאָל פּאַסן פאַר זיין שטאַנד און פאַרמעגן. אָבער דערפון איז גאָרנישט נישט ארויסגעקומען. ער האָט נישט באַגעגנט קיינע אַנדערע אויסער גאַסנפרויען און די וואָס זענען באַדערנאַכט ארומגעקראָכן איבער די האַפנס, און פון אַזעלכע איז שווער געווען צו מאַכן אַ רעכטן אויסוואַל. איבעריקנס, פאַרן אַוועקפאָר האָט אים מאַק געוואָרנט, ער זאָל זיין פאָרזיכטיק: „באַראַט זיך בעסער מיט ראָזען". — האָט ער געזאָגט. ס'קאָן זיין, אפשר האָט מאַק דערביי געהאַט עפּעס אַ קלוגן רעיון אין קאָפּ?

בענאָני איז אַוועק צו מאַקן און האָט געפרעגט, צי האָט ראָזע עפּעס נישט צוגעטראַכט?

— יאָ, יאָ, ס'וועט אַלץ גוט זיין. — האָט מאַק געזאָגט.

נאָר פּלוצלינג האָט ער אָנגעהויבן רעדן וועגן זיין מאָגן-קראַנקהייט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט וועגן דעם גערעדט. אין דער זעלביקער צייט האָט ער בענאָנין פאָרגעלייגט איבערנעמען אַ העלפט פון דער גאַנצער סירילונדער אונטערנעמונג. בענאָני האָט געמיינט, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען, נישט גוט געהערט.

— וואָס? איר לאַכט עס?

מאַק האָט אים איבערגעגעבן אַ פולקאָם אויסגעאַרבעטן פּראָיעקט פון שותּפות און געענדיקט מיט די ווערטער:

— טו וועגן דעם אַ טראַכט. אין אַ קורצער צייט אַרום וועסטו דאָ אפשר בלייבן דער איינציקער באַלעבאָס.

בענאָני האָט זיך אַזש געטרייסלט פון פרייד ביי אַזאַ פאָרשלאַג. ער איז אַוועק אַהיים און האָט לאַנג געטראַכט. „יאָ, איצט האַנדלט זיך שוין נישט וועגן נאַרישקייטן", העכער דערפאַר האָט

זיך בענאָני נישט געקאָנט פאָרשטעלן קיין זאַך אין דער וועלט. ער וועט ווערן אַ באַלעבאָס אין סירילונד. וואָס איז לגבי דעם אַן אדמיראל אויפן „פונטוס”, סטאַדעס הערינג אין הערבסטצייט, נסיעות אויף די לאָפאָדן-אינזלען און אויפקויפן פיש ווינטערצייט. — גאָרנישט! איצט קאָן ער אַליין האָבן ארבעטער פאר די אַלע זאַכן, ער וועט נאָר דאַרפן זאָגן אַ וואָרט, באַווייזן אַ פינגער...

און בענאָני האָט מסבים געווען.

די ברידער מאַק האָבן זיך אינגאַנצן פונאנדערגערעכנט, איידער בענאָני איז אַריינגעטראָטן אין געשעפט. די דאָזיקע חשבונות האָבן באַוויזן, אַז פערדינאנד מאַק פון סירילונד איז גאָרנישט רוינירט, ווייט נישט, און אפילו פארקערט. און ווען ער וואָלט זיך איבערגעלאָזן בענאָנים פינף טויזנט דאָלאַר וואָלט ער געווען נאָך רייכער. אָבער בענאָנים געלט האָט ער איצט געדארפט ארויסצאָלן. אויב נישט, טאָ וואָס פאר אַן איינדרוק וואָלט אויף אים געמאכט מאַקס גראַנדיעזער פאָרשלאָג? דערפאר האָט בענאָני אָפּגעשאצט די דאָזיקע פינקטלעכקייט אין געשעפט, און האָט פון זיין זייט איינגעצאָלט מיט מזומן פאר די פאמיליען-חפצים און דעם חוב אין קרייט, אַזוי אַז ביי מאַקן אין שקאטולקע האָט זיך אָנגעקליבן היפש געלט.

בענאָני האָט ווייטער געלעבט אין זיין הויז. ער האָט זיך אַביסל בארויקט נאָך די איבערלעבענישן פון די לעצטע צוויי חדשים און אָנגעהויבן צוגעוויינען זיך צו זיין מזל. ווען ער וואָלט נאָר געהאַט אַ ווירטשאפטערין! פאר אים פאַסט נישט צו באנוגענען זיך מיט דער פריערדיקער אַלטער ארבעטאָרין, וועלכע האָט אים באַדינט אין די טעג פון זיין אָרעמקייט און נישטיקייט. וואָס זשע האָט ראָזע געראַטן? „ס'וועט אַלץ גוט זיין”. וואָס זשע אַזוינס וועט גוט זיין? בענאָנין אַליין האָט זיך אַלץ נישט איינגעגעבן צו רעדן מיט איר. זי איז ווידער פארשוווּנדן פון זיין האָריזאָנט. זינט יענעם טאָג אין פרילינג, ווען ער איז אריין צו איר אין הויז, נאָך נישט זייענדיק קיין וויכטיקע פערזאָן, ווי ער איז איצט געוואָרן, האָט ער זי קיינמאָל ערגעץ נישט באַגעגנט. איצט האָט ער באַשלאָסן איבערצורעדן מיט איר, כאָטש אין קירך. ער

האָט צו איר געהאַט אַ וויכטיקן ענין.

איז בענאָני האַרטוויגסען אַוועק אין דער קירך. זינט זיין לעצטער נסיעה קיין בערגען האָט ער זיך גענומען אָנטון אויף אַ נייעם אופן און איז בכלל געוואָרן אַן אַנדער מענטש. נאָך איידער ער איז געוואָרן אַזאַ שרעקלעכער נגיד, איז בענאָני בנוגע דעם זונטיקדיקן אָנטון זיך, דערגאַנגען צו אַזאַ פּונק, אַז מער האָט מען שוין נישט געקאָנט. אַזעלכע שטיוול, ווי ביי אים, האָט קיינער אין דער סביבה נישט געהאַט, און מער ווי צוויי רעקלעך קאָן אויך קיין מענטש נישט טראָגן.

אין בערגען אָבער האָט ער באַמערקט, אַז שיך טראָגט מען דאָרט אַ שטייגער ווי מאַקס קאַמאַשן, און אַז איינעם אָדער צוויי רעקלעך טוט מען אָן אָפּהענגיק פונם וועטער. אַריינגעטראַכט זיך אין דעם דאָזיקן אומשטאַנד, האָט ער זיך איינגעשאַפט געהעריקע קליידער אויף זומער און אויף ווינטער

אַזוי טוען אַלע הערן! — האָבן די דאָרפסלייט געזאָגט, ווען בענאָני האָט זיך באַוויזן אין דער קירך. מען קאָן גאָר אויף אים נישט באַמערקן, וואָס פון אים איז געוואָרן. זיין קעשענע וואָלט אים שוין דערלויבט צו טראָגן צוויי רעקלעך, און אָט זעט איר, ער טראָגט נאָר איינעם.

ער איז צוגעגאַנגען נענטער, און אַלע האָבן אים געגריסט און געשטרעבט צו ווײַטעווען זיך מיט אים פאַר די הענט און האָבן אפילו פאַר עפּעס געדאַנקט. און אַז בענאָני האָט זיך אויס־געגלייכט און אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איז ער ווידער געשטאַנען ווי אַ מאָנומענט. מיט אַ גלייכן רוקן, אויסגעשטעלט די ברוסט, און מיטן גאַנצן באַוווּסטזיין פון זיין גדולה.

— איך האָב געוואָלט אַריינגיין צו אייך אין געוועלב אַריין בעטן ביז וואָס ווען אַ זאַק מעל. — זאָגט איינער, שטאַמלענדיק פון שעמעוודיקייט און נישט וואַגנדיק צו פאַרענדיקן זיין חוצפהדי־קע בקשה.

— אַ זאַק מעל? — ענטפערט בענאָני. — רעכט, מירן עס שוין זען איינאָרדענען.

עפּעס אַ פרוי, וועלכע האָט אים געקענט אַלס קינד נאָך,

שטעלט זיך און קוקט אויף אים, ווי אויף דער זון, און ווען ער גייט צו גלייך צו איר, שאָקלט צו איר מיטן קאָפּ און פרעגט, צי איז בײַ איר אינדערהיים אַלץ אין אָרדנונג, קאָן זי מחמת צעטראָגנקייט קוים-קוים רעדן.

— אַ דאַנק, וואָס איר געדענקט מיך, אַ דאַנק. — רעדט זי נאָר און קאָן נישט דערציילן וועגן די היימיקע, ווי ס'באַדאַרף צו זיין.

בענאָני גייט אַריבער פון איין גרופּע צו דער צווייטער, און ער דאַרף שוין אויף זיך נישט ציען די וויכטיקייט: אַלע ווייסן אַזוי אויך, ווער ער איז, און אַז ער שטעלט זיך אָפּ רעדן מיט זיי אויס לויטער גוטסקייט, אַרומגערינגלט מיט כבוד, אַ חשובער און אַ גרייטער צו העלפן, אַ גליקלעכער מיט אַלעמענס אָנערקענונג פאַר זיינע מעלות, גייט בענאָני איבער דעם קירך-בערגל. ער האָט נישט קיין מורא אָנהויבן צו רעדן וועגן די בערג, וואָס האָבן אים געמאַכט פאַר אַזאַ גביר, און ער זאָגט:

– נישט אַלעמען גיט זיך איין צו קויפן אַ גרויסן שטיק לאַנד מיט בליי-גלאַנץ און מיט זילבער. מען דאַרף זיך פאַרשטיין אויף געשעפט. און חוץ דעם אַלעמען דאַרף מען נאָך האָבן שכל, ווי צו פאַרקויפן עס אַן אַנדערן. — גיט ער צו, אַרויסשטעלנדיק זיינע ים-פערדישע רייסציין.

אָבער יענע, וואָס נאָך דעם קלענסטן שאָקל פון איר קאָפּ האָט ער געדאָרשט מיט דער גאַנצער נשמה אין די דאָזיקע טעג פון זיין גדולה, יענע האָט זיך נישט באַוויזן.

אָבער נאָך וואונדערלעכער איז געווען דאָס, וואָס זי האָט זיך נישט באַוויזן אפילו אין דעם סירילונדער געוועלב. בענאָני איז דאָך איצט דאָ אויך געווען באַלעבאָס. און אין דער אַלגעמיינער מיינונג האָט סירילונד גאָרנישט פאַרשפּילט דערפון, וואָס אַ העלפט פון איר האָט איצט געהערט צו בענאָנין. וויפיל סחורה איז אין געוועלב געווען פריער, און וויפיל האָט מען איצט געבראַכט צו פירן מיט יעדן פּאָסט-דאַמפּער! חוץ דעם זענען אַלע פּאָליצעס פאַר מאַנופאַקטור געווען פאַרזען מיט גלעזערנע רוקטירליעך צו פאַרהיטן פון שטויב, און אויפן וואַרשטאַט האָבן זיך באַוויזן גלעזערנע סלאָיעס און קעסטלעך מיט אַלערליי בשמים אַ.

מיקלען. דאָס גאַנצע געשעפט איז, דאַכט זיך, פארברייטערט גע־וואָרן. אמת, ווײַבאַלד אַז אין דער שפּיץ פונם געשעפט זענען איצט געשטאַנען צוויי באַלעבאַטים, האָט מען דאָך אים געמוזט פאַרגרעסערן לפּחות אין צווייען. צום פיש־האַנדל צוגעבן נאָך עט־לעכע גרויסע שיפן, פאַר דער מיל אויסשרייבן אַ גאַנצן דאַמפער מיט תבואה דירעקט פון אַרכאַנגעלסק. מיט דער צייט וועלן פיל דאַמפּערס אָנהויבן נעמען מעל אין סירילונד.

אין דער צייט, וואָס מאַק האָט זיך ווי פריער פאַרנומען אין דער קאַנטאָר און איז אויסגעזעסן פּראָיעקטן, האָט בענאָני אכטונג געגעבן אויף די האַפנס, אויף דער באָנדעריי, אויף די שיפן און אויף דער מיל. נאָר ער האָט דאָס געוועלב אויך נישט פאַרלאָזן. ער האָט ליב געהאַט אַרײַנצוגיין און באַקומען גוט־מאָרגנס פון די קונים. ער האָט הנאה געהאַט, וואָס מחמת אכטונג צו אים, פלעגט דער עולם בײַם שענק אַנטשוויגן ווערן און אָנ־הויבן שעפטשען זיך, ווי נאָר מען פלעגט אים דערזען.

— טש... שטילער, אָט איז הארטוויגסען אַליין.

ער פלעגט ווערן פרײַנטלעך און גוט צו אַלעמען און נע־מען זיך וויצלען:

— הער אָקאָרשט, דו האָסט אַ גאַנץ פלעשל, אפשר וואָלט סטו מיך מכבד געווען מיט אַ קעלישעק?

— האָ־האָ! אָט איז עס אַביסל אַ וויצלינג! אַי, הארטוויגסען!

און אַז סטען דער קלייט־משרת האָט עמעצן אַ קבצן אָפּגע־זאָגט צו געבן אויף באָרג, האָט בענאָני תיכף געאײַלט זיך אַרוים־צווייזן זײַן מאַכט מעשה באַלעבאָס און האָט געזאָגט צו סטענען:

— מענטשן לעבט זיך אַזוי אויך נישט לײַכט. אפשר וואָל־סטו עס פונדעסטוועגן אײַנגעאָרדנט?

און סטען דער קלייט־משרת האָט שוין אַנטקעגן בענאָנין די נאָז נישט פאַררייסן, נאָר מיט אָפּשיי געענטפערט:

— רעכט, ווי אייך איז וווילגעפעלן.

און אַלע מענטשן אין קלייט האָבן זיך דורכגעקוקט, גע־שאָקלט איינער צום אַנדערן מיט די קעפּ: זעט, הייסט עס,

ס׳אַרא ברכה פון גאָט, וואָס ביי אונז האָט זיך געפונען אזא בע־נאַני הארטוויגסען!

אָבער יענע, וואָס אירער אַ שאָקל מיטן קאָפּ איז פאר בע־נאַנין געווען וויכטיקער ווי אלץ, האָט זיך נישט באוויזן.

ער פלעגט אמאָל פרעגן ביי דעם שמיד:

— דו קויפסט היינט פאר זיך אליין, צי פאר עמעצן?

אז עס פלעגט קומען די פרוי פון ווילאדס פון האפן, וועל־בע ראָזע האָט שטענדיק געשיקט אין קלייט, פלעגט זיך בענאַני שטעלן הינטערן וואַרשטאַט און אליין געבן סחורה, דערביי פלעגט ער אָן אַ שיעור אָפּנאַרן אין וואָג און אין מאָס—זיך אליין.

## XXVII

ווייגאַכט האָט זיך דערנענטערט.

אדוואָקאַט ארענטסען האָט שוין מער קיין פראָצעסן נישט געהאַט, און ער האָט שוין נישט געהאָפּט צו האָבן זיי. ער האָט זיך אפילו געקליבן אראָפּצונעמען דאָס טאָוועלע פון דער טיר פון זיין קאַנטאָר און אוועקפאָרן מיט דעם פּאָסט־דאַמפּער. נאָר ראָזע האָט אים אָפּגעהאלטן.

— דו האָסט שוין, אפנים, אלץ פארענדיקט מיט אראָנען פון האָפאן? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ.

— און ווי, אז פלוצלינג וועט לעוויאָן פון טארפעלוויקען קו־מען פרעגן ביי דיר אַן עצה, און דו וועסט נישט זיין?

— ער וועט נישט קומען.

יאָ, אפילו לעוויאָן פון טארפעלוויקען איז שוין אויך מער נישט געקומען, און ער איז געווען דער לעצטער קליענט. ווען סער גיו איז געקומען באַצאָלן אים פאר דאָס רעכט צו כאַפּן לאַקסן פאר דעם יאָר און פאר פאַראַיאָרן, האָט לעוויאָן סוף־כל־סוף גע־נומען דאָס געלט. אזוי אַז דער לאַנגער פּראָצעס האָט, אפנים, זיך געענדיקט. פונדעסטוועגן איז ער אויף מאָרגן אוועק צו אד־

אָקאָט ארענטסען און האָט געפרעגט:

— אמת, אַז אונז איז נאָך געבליבן דער העכסטער געריכט?

אָבער ארענטסענען האָט זיך שוין נישט געגלוסט אָנצוהויבן א נייע שרייבעכץ וועגן דעם פּראָצעס און מטריח זיין זיך, און ער האָט געענטפערט:

— שוין געטון אַלץ, וואָס מען האָט געקאָנט. איצט בלייבט מער גאָרנישט.

דער אומגליקלעכער ניקאָלאַי ארענטסען האָט זיך אראָפּגע-לאָזן אַלץ מער און מער. כּל-זמן עס האָט זיך געהאַלטן דאָס װאַרעמע וועטער, האָט ער נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן טאָג און נאַכט. ער פלעגט זיך אומקערן פון זיינע עקסקורסיעס קיין סירילונד און אַוועקלייגן זיך שלאָפן, נישט קוקנדיק װאָסער צייט פון מעת-לעת עס איז. די פוילקייט זיינע איז געוואָרן אַן אימהדיקע, זי איז שוין אַריבער אין עקשנות, אין ענערגיע. איינ-מאָל האָט ער אין משך פון אַ גאַנצער וואָך נישט אויסגעטון די קליידער און נישט אראָפּגענומען די שטיוול, און איז געשלאָפן, ווי ס'האָט זיך געמאַכט. ער האָט זיך שוין פאַר דעם ווייב נישט גע-שטערט: צו וואָס זאָל ער שפּילן אַ ראָלע? שוין אַנדערטהאַלבן יאָר, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט. פאַר די דאָזיקע פינף הונדערט מיט עפּעס טעג האָבן זיי טאָג-טעגלעך געזען איינער דעם צווייטן און האָבן געהערט די באַקאַנטע ווערטער, וואָס האָבן זיך שוין צוגעגעסן. זיי האָבן אויסגעשטודירט איינע די אַנדערע אַזוי גרונט-לעך, אַז עס איז גאָר קיין האָפנונג נישט געווען, זיי זאָלן קאָנען איינע די אנדערע פאַרוואונדערן מיט אַ וועלכער נישט איז ענדערונג אין דעם טאָג-טעגלעכן לעבן.

— ס'קאָן געמאָלט זיין, אַז איך וואָלט געקאָנט קריגן אַ שטעלע אין קלייט ביי דעם בריוו-טרעגער בענאָני, — האָט איינ-מאָל דער יונגער ארענטסען געזאָגט, ווען עס האָט אים אָנגע-כאַפּט דער יאוש — איצט, פאַר די חגאות, וועלן נויטיק זיין איבע-ריקע מענטשן.

אָבער ראָזע האָט עס נישט דערלאָזן. זי האָט געהאַט וויכ-טיקע סיבות נישט זיבער צו זיין פאַר דעם מאַן, הען מען וואָלט

אים געגעבן אַ פרייען צוטריט צו אייניקע אָפּטיילונגען אין סירי־לונד.

— דו קאָנסט עס נישט פאַרלאַנגען ערנסט, — האָט זי גע־זאָגט — עס פּאַסט נישט פאַר אַן אַדוואָקאַט אָנצוקומען אויף אַ שטעלע פאַר אַ קלייט־משרת.

— נעמט עס דער רוח, טאָ וואָס זשע זאָל איך, נאָך דיין מיינונג נאָך, טון? — האָט ער בייז זיך פונאַנדערגעשריגן. — פאַראַ־יאָרן האָסטו מיר נישט דערלויבט משתדל צו זיין זיך וועגן אַ שטעלע פון אַ ריכטער אויף די לאָפּאָדענס.

פאַראַיאָרן איז געווען אַנדערש, פאַראַיאָרן זענען זיי געווען אַ יונג פּאָרפאָלק, דעמאָלט האָט ניקאָלאַי ערשט אַזוי גלענצנד אָנגעהויבן זיין אַדוואָקאַטישע טעטיקייט. אָ, דער אונטערשיד איז גע־ווען אין לשער! ראָזע האָט געענטפערט:

— און הייאָר קאָנסטו אַזאַ שטעלע נישט נעמען?

— נעמען! דו מיינסט, אַז אַזאַ שטעלע קאָן מען אַזוי פּשוט קומען און נעמען!

— נו, טאָ זיי זיך משתדל.

— איך האָב מיך משתדל געווען,—האָט דער יונגער ארענט־סען געזאָגט — מען האָט מיר דעם אָרט נישט געגעבן, מיין ביטע אָפּגעוואָרפן. איך האָב מיר נישט אַזאַ נאָמען געמאַכט אַלס אַד־וואָקאַט, אַז איך זאָל קאָנען ווערן אַ ריכטער. אָט ווייסטו שוין איצט

פויזע.

דער יונגער ארענטסען האָט ווייטער גערעדט:

— פאַראַן אַזעלכע, וואָס פאַר זיי איז דאָס לעבן אַזוי לייכט. נאָר עס לוינט נישט צו רעדן וועגן דעם. דאָס לעבן גייט צו אייניקע אונטער, ווי אַ שניי־ווייסער שטילער מלאך. צו מיר איז אויך צוגעגאַנגען אַ מלאך, אָבער ער האָט מיך תיכף אָנגעהויבן גלעטן מיט אייזערנע קאַמען.

פויזע.

— איך האָב קיינמאָל נישט געלייקנט, — האָט ער ווידער אָנגעהויבן — איך האָב קיינמאָל נישט געלייקנט, אַז דער בריוו־

טרעגער בענאַני איז בכוח אויסצובויען נישט בלויז איינעם נאָר גאַנצע צוויי טויבנשלאַקן. דערויף האָט ער פריער שוין געהאַט מיטלען, און איצט נאָך מער. נאָר איך האָב געלייקנט, אַז דער בריוו־טרעגער בענאַני איז פאַר דיר אַ פּאַסיקער מאַן. און אין דעם, קאָן זיין, האָב איך אַ טעות געהאַט.

— איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס קומט מיר אויס דערפאַר צו באַצאָלן, — האָט זיך ראָזע טרויעריק אָפּגערופן.

— געוויס, — האָט ער געענטפערט — ווי קאָנסטו עס פאַר־שטיין? און צו וואָס דאַרף איך בכלל וועגן דעם רעדן, וויבאַלד אַז אין תוך גענומען, איז נישט דו דאַרפסט דערפאַר באַצאָלן. נאָר פון דער אַנדער זייט, פאַרוואָס זאָל איך דאַרפן צאָלן? בכלל, צו וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ האָבן?

זיי האָבן שוין פיל מאָל באַרירט די דאָזיקע פראַגעס, און זיי איז קיין נייס נישט געווען פאַר ביידן. ביידן איז אַלץ באַוווּסט געווען ביז מייקענען. נאָר איצט האָט ער פאַרענדיקט קלאָ־דער, סטאַרענדיק זיך געפינען ווערטער פון עטוואָס אַן אַנדער מין:

- קומט, הייסט עס, אויס, אַז איך האָב געפּטרט דיין לעבן, ראָזע, אָט וואָס. דיין גאַנצן לעבן.

דערויף האָט זי גאָרנישט געענטפערט, נאָר אָפּגעטראָטן צום פענסטער, געזעצט זיך און גענומען קוקן אויפן ים.

פונדעסטוועגן אָבער וואָלט זי געמעגט ענטפערן, זי האָט דאָך נישט געגלויבט אין דעם, וואָס ער האָט געזאָגט. אויב שוין יאָ אַזוי רעדן, האָט ער נישט מער געפּטרט איר לעבן, ווי זי זיינעם. און צו וואָס האָט זי זיך עס דאָרט אַנידערגעזעצט? אפשר מיינט זי טאַקע אין דער אמתן, אַז ער האָט בדעה ווייטער צו רעדן אין דעם־אָ נייעם גייסט? ער איז אויפגעשטאַנען און האָט פאַר־שפּילעט דאָס רעקל.

— דו גייסט אַוועק?

— יאָ. וואָס זאָל איך דאָ טון?

פויזע.

— דאָס איז די גאַנצע צרה, וואָס דו וואָלסט געדאַרפט גע־

פינען מער וואָס צו טון דאָ, און ווייניקער אוועקגיין פונדערהיים.

יעדנפאלס איז אין די ווערטער קיין שום נייס נישט געווען. אָ, וויפיל הונדערט מאָל האָט ער זיי שוין געהערט פריער! און יעדעס מאָל האָט ער אויף זיי געענטפערט, נאָר זי האָט זיך פעסט געהאלטן פאר אירס. פשוט מען קאָן פּלאַצן!

— דו ווייסט דאָך, — האָט ער געזאָגט — וואָס פארא מיינונג איך האָב וועגן דעם. בײַ דיר הויבט זיך אָלץ אָן און ענדיקט זיך מיט די האלבע קווערטלעך. און איך קאָן אויסטרינקען כאָטש צוויי בוטל פאראמאָל, און ס׳איז מיר גאָרנישט. איך האָב איינמאָל אַרײַנגעגאָסן צוויי גאַנצע פלעשער בראָנפן, און כ׳געדענק שוין נישט וויפל גלעזער פונש. יאָ. זאָלסטו זשע וויסן, אַז ווען איך וואָלט געהאַט אַרבעט, וואָלטן מיר די האלבע קווערטלעך נישט געשטערט זי צו טון. די סיבה איז נישט אין זיי, נאָר אַסאַך טיפער, איבעריקנס, ס׳איז שוין אַלץ איינס, איך קאָן דיר זאָגן, אין וואָס זי באַשטייט. אין דעם, וואָס מיר האָבן געדאַרפט אַ גאַנץ לעבן בלייבן חתן כלה. אָט אין וואָס. מיר האָבן נישט געטאָרט חתונה האָבן.

— זייער מעגלעך. — האָט זי געזאָגט.

די דאָזיקע העפלעכע הסכמה פון איר זײַט איז פאר אים געווען אַ נײַס. ביז איצט האָט זי קיינמאָל נישט מסכים געווען מיט זײַנע רעזאָנירעניש. און ס׳איז געווען גלײַך ווי ער וואָלט פאר זיך דערזען אַן אויסגאַנג. ליבער גאָט, עס האָט אַ ווייע געטון מיט פרישער לופט! ער האָט גענומען רעדן באַלעבעט, אפילו, מעג מען זאָגן, מיט פרייד.

— יאָ, איך בין דען נישט גערעכט? צי קאָנסטו, למשל, צוגיין איצט צו דער פאָרטעפּיאַן און שפּילן? גיי זשע צו און שפּיל אַביסל. ניין, מיר האָבן נישט קיין פאָרטעפּיאַן. מיר האָבן גאָרנישט, גאָרנישט אויף גאָטס גאָרער וועלט. מיר לעבן פון סירילונדער קרעדיט. און דו פארשטייסט דאָך אויסגעצייכנט, אַז נישט די האלבע קווערטלעך זענען אין דעם שולדיק. מיר זענען פשוט ביידע געלײַמט. אַ פאראַליזש האָט אונז דערשלאָגן. צוערשט זענען בײַ מיר אָפּגענומען געוואָרן די פיס, איך האָב נישט געקאָנט

גייִן, נאָכדעם די הענט און דעם גייסט גופא... רעדנדיק, זע איך קלאָר, ווי דאָס איז געוואָרן. פּונקט אַזוי איז עס געווען, הגם אין אַ פאַרקערטן סדר. אָבער דאָס איז אַלץ איינס. און דו—דו—מיט דיר קומט פּאָר פּונקט דאָס זעלביקע, וואָס מיט מיר... דו פאַרשטייסט, וואָס איך רעד, דו קאָנסט אַריינדרינגען אין דעם זי־נען פון מיינע ווערטער, זיי זענען פאַר דיר נישט קיין מצריש לשון. און מיט צוויי יאָר צוריק וואָלסטו קיין האַלבן וואָרט נישט פאַרשטאַנען. און אפשר וואָלט איך אויך נישט פאַרשטאַנען...

— ניין, איך פאַרשטיי איצט אויך נישט, — האָט ראָזע גע־ענטפערט — לפּחות, נישט אַלץ... דו זאָגסט, אַז דו ביסט פּאַראַ־ליזירט, מיר דאַכט זיך, אַז אַזוינער ביסטו געבוירן געוואָרן. דאָס הייסט, נישט — נישט געבוירן געוואָרן, נאָר ביסט געוואָרן אַזוינס. וואָלסטו מיר בעסער געווען געלאָזן צורו, ווען דו ביסט צוריק געקומען אַהיים.

אַהאַ, אַ סוף צו איר העפלעכקייט.

— דעריבער וואָלט איך דיר געקאָנט ענטפערן גאַנץ גיפטיק, ווען איך וואָלט וועלן, — האָט ער געזאָגט — איך וואָלט דיר גע־קאָנט ענטפערן, אַז דערפאַר האָב איך דיר נישט געלאָזן צורו, ווייל איך האָב געהאַט די ערע פון ס'נייַ איינצוליבן זיך אין דיר.

— ניין, ניין, וואָס רעדסטו פון ס'נייַ! ווי קומסטו! דו ביסט שוין דעמאָלט געווען פּאַראַליזירט.

— דעריבער מאַקע זאָג איך עס נישט. פאַרקערט, איך וועל דיר זאָגן אָפן: מיר האָט זיך פּשוט פאַרוואָלט האָבן דיך. יאָ. נאָר בלי ספק, געשען איז דאָס צוליב דעם בריוו־טרעגער בענאָני.

זי האָט אויף אים אפילו קיין בליק נישט געטון. אַזעלכע גוזמאדיק־אָפנהאַרציקע רייד האָט זי שוין פריער פון אים געהערט. און ער האָט געענדיקט מיט דער שטענדיקער פראַזע.

— ווען דער בריוו־טרעגער בענאָני האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור, האָט זיך מיר אויך פאַרוואָלט. אַ קאָנקורענט האָט שטענדיק אַ באַדייטונג, אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג. אַ זאַך, וואָס וואַלגערט זיך אויף דער ערד, האָט פאַר אַ מענטשן קיין ווערט

נישט. נאָר ווען עס קומט אָן אַנדערער און ציט צו איר אויס די האַנט, באַקומט זי פאַר אים אויך אַ ווערט, און ער כאַפּט זיך פאַר איר תּיכּף אָן.

פּויזע. ס'האָט שוין זיי ביידן גאָרנישט נישט געקאָנט טיף אָנרירן ביים האַרצן. ראָזע האָט אין דער רגע אַ טראַכט געטון, אַז ס'איז צוועלף דער זייגער און ציים דערלאַנגען צום מיטאָג די קאַרטאָפל.

— יאָ, ווען דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט מער נישט, ווי וועגן די האַלבע קווערטלעך, וואָלט איך געקאָנט אויפהערן. — האָט ער געזאָגט.

— ניין, דיר וואָלט דערויף אויך נישט געקלעקט קיין כּוח.

נאָר צוליב וואָס זאָל ער אויפהערן? די סיבּה איז דאָך נישט אין די האַלבע קווערטלעך, טאָ צוליב וואָס זאָל ער זיי אַוועקוואַרפן? פּשוט משוגע קאָן מען ווערן פון אַזאַ לאָגיק. אַ פאַרמאַטערטער פון דעם קריג, האָט ער זיך באַהערשט און געזאָגט:

— יאָ, מיר וואָלט דערויף אויך נישט געקלעקט קיין כּוח. איך טויג שוין מער אויף גאָרנישט. פונדעסטוועגן האָב איך מיך אין אָנהויב געסטאַרעט, נאָר באַלד איז אַ סוף געוואָרן צו אַלץ. אַלץ האָט זיך געענדיקט, ווי נאָר מיר האָבן חתונה געהאַט. מיר האָבן עס נישט געדאַרפט טון. געדאַרפט האָב איך גאָר תּיכּף זעצן זיך אויף אַ דאַמפּער און אַוועקפאָרן אויף דרום...

אַזוי האָט זיך אויך איצט געענדיקט זייער כּמעט טעגלעכער קריג, און דער יונגער אַרענטסען האָט זיך אַוועקגעשלעפּט פון דער היים.

דאָס וועטער איז פיין. פונדערווייטן זעט זיך אַ רויכעלע. דאָס גייט דער פּאָסט-דאַמפּער. נו, יאָ, געווים, אַזוי האָט ער געדאַרפט טון, אַוועקפאָרן דעמאָלט גלייך אויף דרום, און נישט איינפונדעווען זיך דאָ. ער האָט בכלל אַהער גאָרנישט געדאַרפט קומען. ער האָט געדאַרפט בלייבן דאָרט, וווּ ער האָט געוווינט. ער וואָלט אַלע מאָל געקראָגן מיטלען צום לעבן אין דער גרויסער שטאָט, וווּ ער האָט געוווּסט אַלע אויסוועגן.

ער איז דורכגעגאַנגען פאַרביי סירילונד און איז אַריין אין דער שמידעריי. דער שמיד מיט אַדוואָקאַט האָבן זיך אויסגע־טוישט מיט עטלעכע שנעלע ווערטער. און אויסגעקערט איינער פאַר דעם אַנדערן די קעשענעס, כּדי צו באַווייזן, אַז ביידע האָבן זיי היינט קיין גראָשן נישט. נאָכדעם האָט זיך דער יונגער אַרענטסען צוריק אַוועקגעשלעפּט קיין סירילונד: אפשר וועט עפּעס טרעפן אַ גליק אין שענק. מ'קאָן נישט זאָגן, אַז ער זאָל אָן דעם נישט קאָנען אויסקומען, אָבער די סיבה איז דאָך נישט אין די קווערט־לעך, און נאָך וואָס האָט ער צו גיין אַהיים? זיצן אין קאַנטאָר און קוקן אויף די נישטיקע, פּוסטע פּאַפּירלעך?

מאַק האָט אים אַ רוף געטון פון פענסטער. דער יונגער אַרענטסען האָט זיך געמאַכט, כּלומרשט ער זעט נישט און גע־וואָלט אַוועקגיין פאַרביי. דעמאָלט איז מאַק פּלוצלינג אַרויס אויפן גאַניק.

— ביטע, — האָט מאַק געזאָגט, עפענענדיק די טיר. אין אים איז געווען עפּעס אַ מין איילעניש.

— ניין, אַ דאַנק. — האָט דער יונגער אַרענטסען געענטפערט און איז ווייטער געגאַנגען.

— ביטע! — האָט מאַק איבערגעחזרט.

ער האָט מער קיין וואָרט נישט געזאָגט, אָבער דער יונגער אַרענטסען איז אַוועק נאָך אים.

זיי זענען אַריין אין קאַנטאָר. מאַק האָט גלייך גענומען רעדן:

— ליבער ניקאָלאַי, אַזוי טויג נישט ווייטער. אַ דיר, אַ ראָזען איז דערפון זייער שלעכט. ווילסט, וועל איך דיר געבן געלט, און דו וועסט אַוועקפאָרן אויף דרום?

דער יונגער אַרענטסען האָט אַ מורמל געטון, אַז „יאָ... אפשר...“

— אויף דרום? איך פאַרשטיי נישט...

מאַק האָט אויף אים אויסגעשטעלט זיין קאַלטן בליק און צוגעגעבן נאָך עטלעכע ווערטער וועגן דעם, אַז דער קרעדיט אין קלייט קאָן דאָך נישט זיין קיין אייביקער. חוץ דעם קומט איצט

אָן דער פּאָסט־דאַמפּער. און אָט איז געלט...

אויף מאָרגן איז ראָזע געקומען צו מאַקן און האָט פריער געשמועסט וועגן פאַרשידענע זאַכן, דערנאָך פאָרזיכטיק געפרעגט:

— ניקאָלאַי איז היינט אַזוי פרי אַרויס פון שטוב, ער האָט געזאָגט... ער האָט גערעדט וועגן...

ניקאָלאַי? ער איז נעכטן אַוועקגעפאָרן מיטן דאַמפּער. ער האָט עפּעס אַן עסק אויף דרום, אַ משפט עפּעס. ראָזע האָט דען נישט געוווּסט?

— ניין דאָס הייסט... מיטן פּאָסט־דאַמפּער? ער האָט גאָר־נישט געזאָגט?

— געזאָגט, אַ גרויסער פּראָצעס.

ביי אַ רגע האָט געדרייערט די פּויזע. ראָזע איז געשטאַנען אינמיטן צימער, גאָר אַ מטושטשע.

— יאָ, ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל פאָרן אויף דרום, — האָט זי לסוף געזאָגט — הייסט עס, אַז דער פּראָצעס האָט זיך פּלוצלינג אַזוי אַ ריר געטון פון אָרט, אַז ער האָט תיכף ומיד געמוזט פאָרן.

— איך מיין, אַז דו האָסט איצט נישט צוליב וואָס אומצו־קערן זיך צו דעם שמיד — האָט מאַק געזאָגט.

און ראָזע איז פאַרבליבן. איין טאָג, צוויי טעג, דריי טעג. אַ וואָך א.ז. אַריבער, און זי איז אַלץ נישט אַוועק. אין סירילונד איז געווען פרייליכער. אַסאַך עולם, באַוועגונג, לעבן. אָט גייט פון ברעג ווילאַדס פון האַפן. ער דערזעט ראָזען אין פענסטער און גריסט זיך. ראָזע קען אים נאָך פון קינדווייז אָן, זי גייט צו אים אַרויס און פרעגט:

— דו גייסט צו מיר מיט אַ ידיעה, ווילאַדס?

— הממ... מער נישט, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט אייך גע־הייסן זאָגן, אַז ער האָט זיך בשלום אַוועקגעזעצט אויפן דאַמפּער.

— מער גאָרנישט?

— ניין.

— יאָ, ער האָט געדאַרפט אויף דרום. ער האָט דאָרט אַ גרויסן פּראָצעס. איז ער אַוועקגעפאָרן בשלום?

— בעסער קאָן נישט זיין. איך בין אליין געווען אויפן שיפל און האָב געזען.

ראָזע איז ארומגעגאַנגען איבער סירילונד און האָט זיך גע־פילט אַזוי, פונקט ווי זי וואָלט ווידער געווען אַ יונג מיידל. אַלץ און אַלע זענען איר דאָ געווען באַקאַנט. דאָ איז טאַקע דער וועב־טער אויך געווען. נאָר ער האָט שוין איצט נישט געזונגען און נישט נאַריש געמאַכט זיך, ווי בשעת ער איז געווען אַ בחור. איצט האָט עס נישט געפּאַסט. אָבער ער איז ווי פריער געווען העפלעך, האָט זיך געגריסט אויפן שטאַטישן שטייגער און איז געווען איידל אין רעדן. ראָזע האָט זיך אַלעמאָל מיט פאַרגעניגן באַגעגנט מיט אים. זי איז אפילו געגאַנגען אין זיין קעמערל, באַ־זוכט עלענען מיטן קינד. יאָ, עלען דאָס שטוב־מיידל האָט איצט געהאַט אַ קינד, אַ קליין יינגעלע מיט קאַרע אויגן, און קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פונוואַנען נעמען זיך ביי אים אַזעל־כע אויגן.

— נישט אַנדערש ווי דערפון, וואָס איך בין געלעגן דאָרט, ווו פרעדעריק מענזא. ער איז אַזאַ מכשף, און די אויגן זענען ביי אים קאַרע. — פלעגט עלען זאָגן.

און פרעדעריק מענזא איז באמת געווען אַ מין מכשף. ער איז אַלץ נישט געשטאָרבן, נאָר פאַרקערט, צייטנווייז האָט ער אַרויסגעוויזן אומגעווינלעכע לעבנסטעטיקייט, און אַן אויסזען האָט ער געהאַט אַזאַ, גלייך ווי ער וואָלט זיך געקליבן נישט היינט איז מאָרגן אָנהויבן גאָר אַ ניי און אַן אַנדער לעבן. דעם קינדס שרייען האָט אויף אים אָנגעוואָרפן אַ בייזן ווונדער. ער האָט יעדן מאָל געמיינט, אַז ער האָט געמאַכט עפּעס אַן אַנטדעקונג און האָט זיך געסטאַרעט כאַפּן דאָס מיט די הענט. היות ווי אין די הענט איז צו אים גאָרנישט אַריינגעפאַלן, על־כן איז ד אָ ס מסתמא גע־ווען דאָרט, אין האַפּן, ער האָט באַשלאָסן אַ סטראַשע טון ד אָ ס, און געגומען שרייען, נאָר היות ווי ד אָ ס האָט אויך פונקט אַזוי געענטפערט, האָט ער, פרעדעריק מענזא, ווייטער געשריגן, אַ צע־קאָכטער האָט ער אַן אויפהער מיט די הענט געכאַפּט די לופט, ער האָט זיך אָבער קיין עצה נישט געקאָנט געבן מיט זיינע הענט,

זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן איינע אויף דער אַנדערער, געפּאָנטערט, פּאַרפּירט אַ געשלעג צווישן זיך, און איין האַנט האָט געדרייט און געמורשט די אַנדערע, פּונקט ווי שלאַכט-רויב. די נעגל זענען ביי אים געווען שמוציקע, געלע און לאַנגע ענלעכע אויף טיי-לעפּעלעך פון האָ"ן, און ווען זיי האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין קערפּער, האָט ווי געטון. ער האָט געקרעכצט און געזידלט זיך. לסוף האָט איין האַנט גובר געווען די צווייטע, און אַ שליידער געטון זי מיט האַסט אַראָפּ. און פרעדעריק מענזא האָט זיך צעגאָסן מיט אַ פריידיקן געלעכטער. אין דער צייט פון דעם קאַמף גופא איז ער געלעגן און אויסגעטראַכט פיל פיינע ווערטער, כדי אויסצודריקן מיט זיי די שטימונג זיינע: — „רויך אויפן דאַך? האַ-האַ! רודער נישט מער, מאַנס. אוודאי, אוודאי, אוודאי!"

אַזוי איז זיך פרעדעריק מענזא געלעגן, גלייך ווי ער וואָלט דערפילט עפּעס אַ מיסיע, און האָט אַריינגעבלאָזן אין די אויערן פון דעם נייגעבוירענעם קינד זיין בהמישן אידיאָטיזם שוין פון דעם ערשטן טאָג פון זיין לעבן. און די אַרבעטאָרינס, וואָס האָבן אים געטראָגן עסן, האָבן נישט אויפגעהערט צו באַציען זיך צו אים מיט אַכטונג און האָבן צו אים גערעדט אויף „איר".

זיין געזיכט פלעגט אָננעמען אַן אומגעוויינלעך טיפזיניקן אויסדרוק, גלייך ווי דאָ וואָלט געגאַנגען אום זיין וועלט-אָנשויונג.

— יע-יע-יע-יע. — פלעגט פרעדעריק מענזא ענטפערן.

## XXVIII

פונדעסטוועגן, כאָטש ווינטער איז געוואָרן, און ס'איז געווען אַ קאַלט וועטער, האָט מאַק פון סירילונד נאָך אַלץ נישט אָנגעהויבן אַרומבינדן זיך דעם בויך מיטן רויטן שאַל. ער האָט אפילו נישט געטראַכט דאָס צו טון. ס'איז פּשוט אויף חידושים. זיין פּאַרפּירערישער מאָגן האָט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט אינמיטן וועג און גענומען גיין אויף צוריק, מאַק איז קיינמאָל נישט געווען לעבנספריידיקער, ווי דעם ווינטער, און האָט זיך נאָך קיינמאָל

נישט געפּאַרבט דעם קאָפּ און די באָרד מיט גרעסערן פליס. ער האָט וועגן קיין זאַך נישט פאַרגעסן צו טראַכטן. ווען מען האָט געקויפט די נייע גרויסע שיפן, האָט ער געהייסן ברייטער מאַכן די וווינונגען פאַר דער קאָמאַנדע און אויספאַרבן זיי אין העלע קאָלירן.

— דאָס ווירקט גוט נישט נאָר אויפן קאַפּיטאַן, — האָט מאַק געזאָגט — נאָר דאָס רופט אַרויס אַכטונג אויך צו די באַלעבאַ־טים פון שיף.

חוץ דעם האָט זיך מאַקן זייער געוואָלט האָבן אַ דאַמפער, נישט קיין גרויסן, וועגן וועלכן ער האָט איבערגעלייענט אַ מודעה אין אַ צייטונג, און ער האָט באַשלאָסן, ווי נאָר עס וועט אויסק־געשמעלט ווערן די פראַגע וועגן פאַרברייטערן דעם פיש־האַנדל אויף די לאָפאָדן־אינזלען, אַרויסזאָגן זיך פאַר אָפּקויפן דעם דאָזיקן דאַמפער.

ער האָט אויך נישט פאַרגעסן צו פירן מיט אַ פּאָטערלעכע האַנט די שטופּיקע ענינים און האָט געאַרבעט אפילו פלייסיקער ווי פריער. אַזוי, ווען בענאָני האָט געוואָלט באַשטימען זיין אַלטן גוטן פריינט, סווען דעם וועכטער, אַלס קאַפּיטאַן אויף איינער פון די נייע שיפן, האָט מאַק גלייך אַ טראַכט געטון, אַז עס פּאַסט נישט, סווען מיט עלענען זאָלן וווינען אין ערגעץ אַ קעמערל. מען האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט אַ נייע דירה אין דעם צווייטן עק פון דעם הויז פאַר דער דינערשאַפט, דאָרט ווו מען האָט געמאַכט פאַר דעם פאַגט די קאַנטאָר אויף דער צייט פונם טינג.

היי־יאָר האָט מאַק פאַרקויפט נישט די גאַנצע פעדערן און פוך, וואָס מען האָט אויפגעקליבן אויף זיינע פייגל־אינזלען. ער האָט געהייסן אָפּקלויבן דעם בעסטן צאַרטסטן פוך און אָנפילן זיך אַ נייע גרויסע פערענע פאַר דער וואַנע, פאַר דער יונגינקער פעטרינע פון טאָרפּעלוויקען, וועלכע איז ערשט אַלט געווען דאָס זיבעצנטע יאָר איז, פאַרשטייט זיך, צו שווער געווען האָבן צו טון מיט שווערע זאַכן, און חוץ דעם האָט מאַק ליב געהאַט נעמען אַ נייע פערענע פאַר יעדער נייער שטוב־מיידל. איז אַזוי אויסגע־קומען, אַז אין אַ צייט אַרום איז אָנשטאָט דער גרינער פערענע

געוואָרן א רויטע, אָדער א געלע, אָדער א בלויע. נאָר דאָס מאָל האָט מיט דעם פוך פאר דער פערענע געטראָפן אַן אומגליק. די פעדערן זענען געלעגן אויף אַ פּאָליצע אין דער טריקן-הויז, זיי האָבן זיך שוין געהאַט גאָר אויסגעטרוקנט און גענומען פאר-קרייזלען זיך, ערשט פלוצלינג, איינמאָל אינדערפרי, זענען זיי פאר-ברענט געוואָרן. קיינער איז דערביי נישט געווען, און קיינער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אזוי דאָס איז געשען. און עלען, די געוועזענע שטוב-מיידל, האָט וועגן דעם אומגליק געשריגן העכער פאר אַלעמען און האָט זיך געשווירן, אַז זי האָט דערצו קיין שום שייכות נישט.

— איך פאַרשטיי נאָר נישט, צו וואָס דאַרף ער אַ נייע פע-רענע? — האָט זי געזאָגט צו בראַמאַפוטרען.

אָבער מאַק האָט, אפנים, אַנדערש געטראַכט. ווייַנאַכט איז נענטער געוואָרן, ס׳איז שוין באַלד ערב-ניטל, און ער האָט גע-ווּסט, וואָס ער דאַרף. ער האָט געהייסן צושלאָגן צו דער קלייט אַ מעלדונג, אַז ער קויפט אויף פאר הויכע פרייזן פעדערן און פוך. און דאָס איז דען נישט גלייך געווען, ווי אַ באַפעל, מען זאָל אים ברענגען פעדערן? האָט מען קיין סירילונד פאר עטלע-כע טאָג אָנגעטראָגן אַזויפיל פעדערן, אַז מאַק אַליין האָט שוין געזאָגט:

— גענוג!

און ראָזע האָט אַלץ געוווינט אין סירילונד. און מאַק וואָלט נישט געווען קיין פאָטער און קיין בעל-טובה פאר אַלעמען, ווען ער וואָלט נישט געזאָרגט אויך פאר ראָזען. פאַרוואָס זאָל זי נישט מסכים זיין צו נעמען אויף זיך בענאָנים ווירטשאַפט? זי איז דאָך איצט אַ פרייע. אים האָט זיך געוואָלט לייכטער מאַכן איר דעם טריט, מאַכן אים אָנגענעמער אין אירע אויגן, און ער האָט גע-זאָגט:

— פאַראַן, אגב, נאָך אַ סיבה, צוליב וועלכער דו וואָלסט געדאַרפט אַ טראַכט טון וועגן דעם, אַז דו דאַרפסט אויף זיך נע-מען מיין שותפס ווירטשאַפט.

מאַק האָט אָנגערופן בענאָנין שותף, ווייל אויף וויפל מענ-

לעך אויפצוהויבן אים אין אירע אויגן.

— וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ סיבה?

— זי איז אַזאַ וויכטיקע, אַז זי אַליין וואָלט געקלעקט. דו האָסט דאָך אַזוי ליב געקראָגן דאָס קינד—די קליינע מארטע. איז אַזוי: מיין שותף היל מארטען נעמען צו זיך, ווען עס זאָל זיין אַ מענטש, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט דערווירטשאַפט.

— ער האָט אַזוי געזאָגט?

— יאָ.

— איך קאָן צו אים נישט גיין. — האָט ראָזע געענטפערט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

מאַק האָט ווייטער גערעדט:

— נאָך מיין מיינונג איז דאָס זייער פיין פון הארטוויגסענס זייט. מארטעס פאָטער, דער ליבער סטען־משרת האָט זיך מיט אים נישט אַלעמאָל איידל באַגאַנגען.

— איך קאָן צו אים נישט גיין, — האָט ראָזע איבערגעחזרט— דאָס איז אוממעגלעך.

— אויב דו וועסט קומען פאַר חגאות העלפן אונז אין קלייט, וועט ער אַליין מיט דיר רעדן.

— ניין, איך קאָן היי־יאָר נישט העלפן אין קלייט, — האָט ראָזע געענטפערט מיטן פריערדיקן טאָן — איך מוז זיין אינדערהיים.

און ראָזע איז אַוועק אהיים, צו דעם פאַסטאָר אין הויף. אָנגעקומען ווייַנאַכט.

נאָר אַז מען האָט געדאַרפט צוגרייטן פאַר מאַקן די געוויינלעכע וואַנע זיינע ערב־ניטל אינאָווענט, האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז הגם די פערענע איז פאַרטיק געווען, איז אָבער אין דער צינקענער וואַנע געוואָרן אַ גרויסע לאָך. און דער שמיד איז געווען שיכור ווי לוט און האָט זי נישט געקאָנט פאַרלייטן. און מען האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכן. די טראַדיציע איז צעשטערט געוואָרן. אָבער פאַרוואָס האָט זיך דער שמיד אָנגעטרונקען טויט־שיכור גראָד דעמאָלט, ווען מאַק אַליין האָט אים נויטיק געדאַרפט האָבן? פון אינדערפרי אָן האָט ער זיך שוין געוואַקלט אויף די פיס, און נאָכדעם האָט אים צו זיך איינגעלאַדן עלען די געוועזענע שטוב־מיידל

סוען דער וועכטער איז נישט געווען אינדערהיים, אָבער עלען האָט דעם שמיד אַזוי פלייסיק מכבד געווען מיט בראָנפן, אַז דער זקן האָט נישט אויסגעהאַלטן און איז געפאַלן. אָך, עלען די שטוב-מיידל נעבעך! זי האָט געהאַט אַזאַ עגמת-נפש דערפון, וואָס זי האָט געטון. זי האָט פון הארצווייטיק אפילו געפרעגט, צי מען קאָן אפשר די לאָך פארשמירן מיט קאַשע?

— וואָס רעדסטו. — פארשטייט זיך, נישט! — האָט בראָטאַ-פוטרע געזאָגט.

— איז קאָן מען אפשר נעמען אַ נאָדל-פאָדעם און ווי נישט איז פארצירעווען? — האָט עלען געפרעגט און האָט זיך היסטע-ריש פונאַנדערגעלאַכט פון צרות, וואָס זי האָט געטון מיט דעם שמיד נעבעך.

ביי מאַקן איז גלייך פארטיק געוואָרן אַ נייער פּלאַן: ער האָט געהייסן אַרייַנטראָגן צו זיך אין צימער איינעם פון די קליי-נינקע שיפלעך, וואָס אויפן „פונטוס", אָנגיסן אים מיט וואַרעמע וואַסער און אויסבעטן מיט דער פערינע, — ס'וואָלט זיך באַקומען גאָרנישט שלעכט. מען האָט אַריבערגעשיקט נאָך סוען דעם וועכ-טער. אָבער ווען ער האָט באַקומען אַזאַ מין באַפעל פון דער הירטשאַפּטערין, האָט ער געזאָגט, נויגנדיק זיך מיטן היטל ביז סאַמע די קני:

— האַר גאָט! מען האָט קיין איינציק שיפל אונזערס נישט אַראָפּגעלאָזן אויפן וואַסער פון הערבסט אָן, זיי זענען אַלע אַזוי צעטרוקנט, און ס'וועט פון זיי אַזוי אָנרינען, ווי פון אַ חזיר! — האָט סוען דער וועכטער געזאָגט, און דערביי איידל פארנויגט זיך.

האָט מען שוין גאָרנישט נישט געקאָנט מאַכן.

און אַלק איז היי-יאָר געגאַנגען מיטן פוטער אַראָפּ. ווען מאַק האָט אויפגעעפנט דעם בריוו פון זיין טאָכטער עדוואַרדע פון פינלאַנד, דעם בריוו, וואָס זי האָט יעדן יאָר געשיקט אַהיים צו ווייַנאַכט, האָט ער שטאַרק אַ ציטער געטון און איז גלייך אַוועק צום פענסטער און זיך פארטראַכט. דער בריוו איז געווען אַ קור-

צער: עדוואַרדע איז געוואָרן אַן אלמנה און זי קלויבט זיך פּרילינג צו קומען אהיים.

מאַק האָט זיך באַהערשט. האָט אויפגענומען די געסט. האָט ווי געוויינלעך אויפגענומען דעם אויפזעער פונם לייבט-טורעם שעׂנינגען, אויפגענומען בענאַנין, וועלכער איז איצט געוואָרן א באַלעבאָס און א שותף אין סירילונד, און דערצו נאָך א לעגענדאַרער גביר. מאַק האָט אים צוגעפירט צו דער קאַנאַפּע און האָט אים עטלעכע מאָל באַדאַנקט, וואָס ער איז צו אים געקומען היינטיקן אָוונט. נאָכדעם האָט ער זיך געווענדט צום אויפזעער פונם לייבט-טורעם און געפרעגט:

— און מאַדאַם שענינג?

— כ'ווייס נישט, — האָט דער אויפזעער געענטפערט און האָט זיך אפילו נישט ארומגעקוקט, ווו איז זיין ווייב.

— זי וועט דאָך אָבער קומען?

— ווער? — האָט דער אויפזעער געפרעגט.

אַלץ איז אים געווען גלייכגילטיק, ער האָט פאַראַכט סיי די דאָזיקע פראַגן, סיי דעם דאָזיקן פערדינאַנד מאַקן, סיי דאָס גאַנצע הויז זיינס, און דאָרט אויף דער קאַנאַפּע האָט זיך פינאַנדערגעזעצט דער געוועזענער באַלעבאָס פון די זילבער-לאַגערן, בענאַני האַרטוויגסען, און געפינטלט מיט די בלאָע אויגן, פאַרשפּרייטנדיק פון זיך טעמפּע גדלות. אין עס-צימער האָבן די מיידלעך געגרייט צום טיש, אויסער זיך פון פרייד, וואָס איז אָנגעקומען דער דאָזיקער איינציקער אָוונט אין יאָר. אָ, ווען דאָ אויף די ווענט וואָלט נישט געווען עטלעכע בילדער, וואָלט אוממעגלעך געווען דאָ צו פאַרבלייבן.

לסוף איז געקומען מאַדאַם שענינג אויך. זי האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי איז געקומען אזוי פרי.

— גאָרנישט פרי, ליבסטע מאַדאַם שענינג, — האָט מאַק געזאָגט — אייער מאַן איז שוין דאָ א גוטע פערטל שעה.

— אזוי! — האָט זי געענטפערט און אפילו נישט קיין בליק געטון, ווו איז איר מאַן, אפילו נישט געזען דעם שאָטן פון איר מאַן.

ביים טיש האָט מאַק געהאַלטן זיינע געוויינלעכע פייערלעכע רעדעס. רעדנדיק וועגן זיין טאָכטער, האָט ער אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז באַראָנעסע עדוואַרדע האָט נישט פאַרגעסן איר אַלטע געבירטיקע היים. און וועט אויף פרילינג זי באַזוכן... און קיין איינציק וואָרט נישט וועגן דעם אומגליק, — ס'איז דאָך געווען ערב-ניטל.

נאָכדעם האָט מאַק געזאָגט אַ טאָסט לכּבוד בענאָנין, אַ פיינעם טאָסט לכּבוד דעם שותּף, וועלכער איז אַזוי ליבלעך, אַז ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט צו באַזוכן אים היינטיקן אָוונט. נאָכדעם לכּבוד דעם אויפזעער פונם ליכטטורעם מיט דער ווייב, און לסוף פאַר אַלע, וואָס דינען ביי אים. און די דאָזיקע גאַנצע מחנה מענטשן, וואָס האָט זיך געשפּייזט אין סירילונד, האָט קינדיש אויסגעהערט מאַקס האַרציקע רייד; בראַמאַפּוטרע האָט אפילו אַרויסגענומען דאָס נאָזטיכל פון קעשענע. נאָר פרעדעריק מענזאַן האָט מען נישט געקאָנט ברענגען צו טראָגן מיט דעם בעט פון קעמערל צום טיש. אָבער מען האָט אים פונדעסטוועגן נישט איבערגעלאָזן איינעם אַליין אין אַזאַ אָוונט, איינע פון די פרויען איז לעבן אים געזעסן און האָט אים געקאָרמעט און געלייענט תּפילות, און ביי דער אַנדער וואַנט פונם קעמערל איז געלעגן עלענס זונדל, איבערגעלאָזן אויף זיך אַליין. ער האָט געשריגן, אַנטשוויגן געוואָרן, געדרייט זיך, און ווידער גענומען שרייען. ער האָט אָבער שטאַרק געשטערט צו לייענען די תּפילות, און פרעדעריק מענזאַ האָט אַמאָל צווי ביז אַ געשריי געטון: „קעניג דויד, קעניג דויד! כאַפּט עס דער טייוול!” דערויף האָט די פרוי געענטפערט: „יאָ ס'איז אויך אַן אמת, מען דאַרף טאַקע דערמאָנען דעם קעניג דויד פון דער ביבל”.

פון אָנשטענדיקייט וועגן איז עלען איינמאָל געקומען פונם מאַלצייט אַ בליק טון, האָט איבערגעקערט דאָס קינד אויף דער אַנדער זייט און איז צוריק אַנטלאָפן. זי איז געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש, דערמיט, וואָס באַלד וועט דאָ פאָרקומען: אַז די געסט וועלן זיך פונאַנדערגיין, וועט זיך אָנהייבן די אונטערזוכונג. נאָר קיינמאָל וועט זיך דער דאָזיקער נאַרישער מיידל, פּעטרינגען

פון טאָרפעלדזיקען, נישט איינגעבן צו באהאַלטן א זילבערנעם גאָפּל אונטער דעם אונטערשלאַק פונם אונטערקליידל...

בענאָני האָט ביי מאַקן געפרעגט:

— איז וואָס, ראָזע האָט אפנים פאר מיר טאַקע נישט גע-פונען קיין ווירטשאפטערין?

דאָס האָט אים, ווייזט אויס, אזוי געפייניקט, ער האָט עס געפרעגט מיט אזא פארלוירענעם קול, דער דאָזיקער נגיד! אים האָט געפעלט א פרוי, וואָס זאָל פירן זיין ווירטשאפט, און ער האָט זי בשום אופן נישט געקאָנט קריגן, פאר גאָר זיין געלט נישט.

מאַק האָט אים געבעטן צו וואַרטן ביז פרילינג.

— ליבער פריינט, וואַרט ביז פרילינג, איך בעט אייך. פרי-לינג-צייט וועט קומען מיין טאָכטער, און דיביידע דאמען קענען אזוי גוט איינע די אַנדערע...

אויף חגאות איז בענאָנין געקומען אויפן זינען דורכצופאָרן זיך דורכן קהלשן וואלד אין דער קירך פון דער שכנישער פאַ-ראפיע. ער האָט באשלאָסן אונטערצונעמען די דאָזיקע נסיעה צוליב פארגעניגן וועגן, אים האָט זיך פארוואָלט הערן די יום-טובדיקע דרשה פון דעם בארימטן פאסטאָר בארפוד. און היות ווי פאר אים האָט שוין נישט געפאסט צו גיין צו פוס, האָט ער גענומען ביי מאַקן א פערד מיט א שליטן און אגב האָט ער שוין געבעטן לייען מאַקס פוטער אויך.

— איך האָב נאָך נישט באוויזן צו מאַכן זיך א פוטער, — האָט בענאָני געזאָגט צו סווען דעם וועכטער, וועלכער איז געזעסן פון הינטן אויפן קליינינקן בענקעלע, וואָס פאר דעם קוטשער. בענאָני האָט זיך געוואַקלט, צי זאָל ער נעמען איצט סווענען פאר א קוטשער, מחמת סווען איז שוין געווען א מאַן פון א ווייב מיט א קינד, און דערצו האָט ער נאָך באַקומען די שטעלע פון א קאַפּיטאַן אויף א גרויסער שיף.

— דיר ווילט זיך מסתמא נישט זייער אונטערפירן מיך? — האָט בענאָני געפרעגט.

— ס'וואָלט פאר מיר געווען אן אמתע חרפה, ווען איך

זאָג מיך אָפּ צו פירן הארטחיגסענען, — האָט סחען פון זיין זייט געענטפערט.

דאָס איז פאָרגעקומען נאָך אויפן הויף אין סירילונד.

אויפן וועג זענען זיי פאָרפאָרן צו בענאַנין אין שטוב און גענומען עפּעס מיט זיך — אַ בוטל און אַ קערבל מיט צוביסן. בענאַני האָט אַרויסגעטראָגן לאַנגע שטיול און פאָרגעלייגט סחענען אָנטון זיי, און דאָס זענען געווען די זעלביקע באַרימטע שטיול מיט די לאַקירטע כאָליעוועס, אין וועלכע בענאַני האָט אַזוי פיל מאָל געפראַנטעוועט.

— טו זיי אָן, — האָט בענאַני געזאָגט.

ביי אים איז געוואָרן אַ רגילות צו רעדן מיט אַ ווייבן נאָר אַ פעסטן טאָן. די נגידעשאַפט האָט אים אויפגעהויבן אין די איי־גענע אויגן, צוגעגעבן פאָרנעמקייט, אויסגעלערנט אָנצוטון זיך סאָ־לידער, און טיילווייז אפילו פאַראיידלט זיין לשון. אָך, דאָס געלט. זיי האָבן בענאַנין פשוט געמאַכט פאַר אַ מענטשן!

נאָר ווען בענאַני האָט פאָרגעלייגט סחען דעם וועכטער אָנצוטון די שטיול, האָט יענער געענטפערט לויט זיין אַלטער רגילות:

— און וואָס וועט איר טון?

בענאַני האָט אַריינגערוקט די פיס אין בערגענער קאַמאַשן באַלייגטע מיט הונט־פוטער, דעמאָלט האָט סחען אַרויפגעצויגן די שטיול, נאָר אַזוי פאָרזיכטיק, גלייך ווי ער וואָלט אין האַנט גע־האַלטן עפּעס אַ הייליקייט.

— אויב זיי זענען דיר גוט אויף די פיס, קאָנסטו זיי צונע־מען. — האָט בענאַני געזאָגט.

סחען האָט געענטפערט:

— דאָס איז שוין צופיל. זיי וועלן מיר אויפן גאַנצן לעבן בלייבן אַלס יום־טובדיקע שטיול.

זיי האָבן אַריינגעזעצט אין קעלישעק, אַ צווייטן און זענען אַרויסגעפאָרן.

אין וועג האָבן זיי געשמועסט וועגן דאָס און יענץ. דער וועג איז געגאַנגען דורך אַזעלכע ערטער, ווו בענאַנין איז געווען

באַקאַנט יעדער קוסט, יעדע סאָסנע, יעדער באַרג. דאָ פלעגט ער גיין סיי אין רעגן, סיי אין אַ גוטן וועטער און האָט געטראָגן דאָס קעניגלעכע רענצל מיטן לייב. און אָט־דאָרט איז יענע אומ־גליקלעכע הייל, אין וועלכער ער האָט אָפּגערוט מיט דעם פּאָס־טאָרס ראָזען. אָך, די הייל!

— וואָלסט עפּעס געזונגען.—האָט ער אַ בעט געטון סווענען.

— זינגען? המם... איך האָב שוין, מסתמא, פאַרגעסן זינ־גען, — האָט סווען געענטפערט — אַזוי איז מען איצט פאַרטראָגן!

און ווען זיי האָבן טיפער אין וואַלד אויפגעעפנט דאָס קאָשיקל מיט די פלעשלעך און גענומען צו פּאָר קעלישקעס, איז סווען דער וועכטער עפּעס משונה צעקראָכן געוואָרן און האָט אָנגעהויבן צו פירן אַזעלכע רירנדיקע שמועסן, גלייך ווי ער וואָלט געווען הונגעריק און איז תיכף שיכור געוואָרן.

— די מעשה איז, וואָס איך האָב היינט, דעם אמת זאָגנדיק, נאָך נישט אָנגעביסן, — האָט ער געזאָגט — ס'איז אַ חרפּה צו זאָגן.

זיי האָבן אַרויסגענומען דאָס רענצל מיט וויינאַכט־מאכלים, ווייס ברויט.

— פאַרוואָס זשע האָסטו נישט אָנגעביסן?

— כ'בין אַליין שולדיק. אַז מען איז אַזוי פאַרטראָגן! — האָט סווען געענטפערט.

און ער האָט געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ער האָט זיך היינט אינדערפרי צעקריגט מיט עלענען, און דעריבער איז אים שוין קיין ביסן אין האַלז נישט געקראָכן.

זיי זענען אַוועקגעפאָרן ווייטער; סווען דער וועכטער האָט פּלוצלינג געזאָגט:

— ווען איך האָב מיין דימענט, און ווען עס וואָלט זיך מיר איינגעגעבן צו באַקומען ביי אייך אין קלייט אַ קאַסטן גלאָז, וואָלט איך אפשר ווידער אַוועק וואַנדערן.

בענאָני האָט זיך צו אים אויסגעדרייט מיטן פּנים:

— איצט, ווען דו ביסט געוואָרן אַ קאַפּיטאַן?

סווען האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— דערצו האָסטו נאָך אַ משפּחה, אַ קינד און אַלץ?

— יאָ, — האָט סוועו געענטפערט — ס׳איז טאַקע אַלץ אַזוי, נאָר פונדעסטוועגן...

דער גוטמוטיקער סוועו דער וועכטער איז געווען אַ באַווייבטער שוין אַ האַלב יאָר. ער האָט שוין נישט געזונגען וועגן די סאַראַזער מיידלעך, און זיך נישט אַרומגעטראָגן ווי אַ ווינט איבער די וועגן. קיין זאַך אַזוינס איז אים שוין אין קאָפּ נישט געקראָכן. דער האַלב־יאָר האָט אים איצט אויסגעוויזן ווי אַן אייביקייט. אמת, ער האָט געקראָגן די, וועלכע ער האָט געוואָלט, דערפאַר איז אָבער פאַרשוואונדן געוואָרן די פריערדיקע אומגעדולדיקייט, די פריידיקע צערודערטקייט, איצט האָט ער זיך געפרייט, ווען ער האָט געקאָנט אַראָפּוואַרפן פון די אַקסלען נאָך אַן איבעריקן טאָג. און יעדן פרימאָרגן האָט ער זיך אַלץ אויפגעכאַפּט מיט דעם זעלביקן באַוווסטזיין, אַז ער האָט שוין נישט אויף וואָס צו וואַרטן, צוויי הונדערט מאָל איינס נאָכן אַנדערן האָט זיך דאָס איבערגעחזרט, אַלץ דאָס זעלביקע: ער איז אויפגעשטאַנען, עלען איז אויפגעשטאַנען, די קליידער זייערע זענען געווען די זעלביקע, זיי האָבן זיי אָנגעטון היינט, ווי נעכטן. עלען האָט געקוקט אין פענסטער, זען, צי ביי מאַקן זענען אַראָפּגעלאָזן די פיראַנקעס און צי ס׳איז אַלץ אין אָרדנונג. נאָכדעם האָט זי אַלץ מיט די זעלביקע ביז מייקענען באַקאַנטע ווערטער געמאָלדן, וואָס פאַרא וועטער עס איז. נאָר געזאָגט האָט זי עס זיבער מער נישט, כדי צו פאַרהוילן, ווהין אירע בליקן זענען געפלויגן. זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע אומצופרידענערהייט אויסגעמיטן, אָפּטרעטנדיק זיך דעם אָרט אין דעם פיצינקן קאַמערל, און יעדער האָט געוואַרט, אַז דער צווייטער זאָל וואָס גיכער אַוועקגיין. און פונאַנדערגעגאַנגען זענען זיי זיך, נישט זאָגנדיק איינע די אַנדערע קיין וואָרט. און אַזוי צוויי הונדערט מאָל. און פאָרויס וועט אפשר זיין אַזוי נאָך פיל טויזנטער מאָל...

— דו ביסט גאָר געוואָרן אַ האַלבער מענטש, — האָט בענאָני געזאָגט — אין פרילינג, ווען דו וועסט קומען פון די לאָפּאָדנס, וועסטו האָבן אַ נייע גרויסע דירה.

—דאָס איז שוין צופיל. איך בין אַזוי אויך זייער דאַנקבאַר.

— און דער יונגאטש וואקסט? — האט בענאני געפרעגט.

— יאָ, ער וואקסט, די אויגן זענען ביי אים קארע, נאָר ער איז א וווילער בחורל, איך האב אים ליב.

— דו האסט אים גענומען אויף די הענט?

— ניין.

— טאקע נישט גענומען?

— איך האָב געוואָלט, נאָר...

— דו וואָלסט פונדעסטוועגן געדארפט אים אמאָל נעמען. — האָט בענאָני געראטן.

— אזוי מיינט איר?

— יאָ, איך מיין, מחמת וואָס נוגע די קארע אויגן... מען קאָן דאָך זיי שוין סיי-ווי-סיי נישט איבערמאַכן...

זיי זענען געקומען צו פאָרן אויפן אָרט און האָבן פארקערעוועט צום פאסטאָר אין הויף, צעגראָבנדיק דעם פרישן שניי.

א פריץ אין א פוטער, הארטוויגסען אליין. אַן ארבעטער, שיר נישט צוויי זענען ארויסגעלאָפן צונעמען דעם פערד.

— ביטע, ביטע, גייט אריין אין שטוב.

— ניין, א דאנק.

לעבן דעם פאסטאָרס הויז האט ביי בענאָנין דאָס הארץ גענומען קלעמען פון די אלטע זכרונות, וואָס האָבן זיך אין אים אָנגעהויבן צו באוועגן. אָט דאָ אין דעם זעלביקן הויז האט מען אים אמאָל געניוט אונטערצושריבן די באוווסטע אכזריותדיקע מעלדונג. נאָכדעם האָט דער לענסמאַן די דאָזיקע מעלדונג איבערגעלייענט פון דעם קלויסטער-בערגל אין זיין אייגענער פאראפיע. און נאָכדעם איז ראָזע געוועז זיין כלה, נאָכדעם האט זי אָפגעלאָזט דעם שידוך און חתונה געהאט מיט אַן אנדערן, מיט דעם שמשס ניקאָלאַיען... יאָ, יאָ...

בענאָני האט אין דער גאנצער פראכט זיינער גענומען גיין צום קלויסטער-בערגל, פאמעלעכקעס דורכשניידנדיק די גרופעס פונם עולם, וואָס האט פאר אים געמאכט א ווארע און באגלייט גריסנדיק. אלע האָבן אים געקענט. ס'איז געקומען צו לויפן א שליח: אפשר וואָלט הארטוויגסען געווען אזוי ליבלעך און אריינגיין צום פאסטאָר? ניין, א דאנק. ער איז פארנומען. אָט, נאָך דער

תפילה וועט ער אפשר אריינגיין. א דאנק.

ער איז גאָרנישט פארנומען. נאָר ביי אזא וויכטיקן מענטשן קאָן זיך שטענדיק געפינען עפּעס אַן עסק צו יעדן איינציקן פון די אַלע מענטשן, וואָס זענען דאָ פאראַן. ער האָט דאָך אזעלכע גרויסע געשעפטן. אָט דאַרף ער, למשל, האָבן מענטשן פאר די נייע שיפן צו פאָרן אויף די לאָפּאָדנס. און ער דאַרף אפילו נישט דער ערשטער פרעגן עמעצן. אויב עס האָבן אים נאָך נישט פון אַלע זייטן ארומגענומען מענטשן מיט אָנפּראָגעס, איז עס מער נישט ווי מחמת דער גרויסער אכטונג, וואָס אַלע האָבן צו אים. אָבער אָט גייט אונטער איינער, באַלד נאָך איינער, מען נעמט אראָפּ די היטלען און מען איילט זיך נישט צוריק אָנטון זיי, הגם דער פראָסט איז אַ שטאַרקער. אפשר וואָלט הארטוויגסען געוועז אַזוי געענדיק, אפשר קאָן מען עפּעס באַקומען אַן אָרט אויף איינער פון זיינע נייע שיפן?

און בענאָני שטייט ווי אַ מאָנומענט אין דעם ים־הונט־פוטער און אין די קאַמאַשן, באַלייגטע מיט הונט־פוטער, און איז גרייט צו זיין פאר אַלעמען אַ הערשער און אַ בעל־טובה.

— איך וועל אַ טראַכט טון, — זאָגט ער פארשרייענדיק די נעמען — גיי צו מיר אריין די טעג. פארשטייט זיך, איך קאָן נישט פאַרגעסן אָן מיינע אייגענע דאָרפס־לייט, נאָר אפשר וועט זיך עפּעס געפינען.

אויפן בערגל גייט ארויף דער פּאָסטאָר באַרפוד אין די גאַנצע בגדי־כהונה, שטעלט זיך אָפּ לעבן בענאָנין און בעט, נישט צו טון אים אַזאַ באַליידיקונג און אויסמיידן זיין טיר. בענאָני דאַנקט, זאָגט, אַז ער וועט נאָך דער מעסע אריינגיין, אויב די צייט וועט דערלויבן. ביים פּאָסטאָר זענען אַלע געזונט?

נ'יאָ, אַמאָליקע צייטן וואָלט בענאָני הארטוויגסען נישט געוואַגט צו שטעלן דעם פּאָסטאָר אַזאַ פראַגע!

ראָזע איז נישט געקומען אויפן קלויסטער־בערגל. אפשר וועט זי היינט אין דער קירך אויך נישט קומען. מילא!

נאָר זי איז פונדעסטוועגן געקומען. בענאָני האָט אראָפּגענומען זיין פוטערנע היטל און פארנייגט זיך, ביי ראָזען האָט זיך

דאָס פּנים אָנגעצונדן און זי איז פאַרבייגעגאַנגען.

ראָזע האָט, אפּנים, נעבעך נישט געקאָנט גובר זיין די נייגיריקייט אירע און געוואָלט אַ בליק טון, ווי זעט בענאָני אויס אין דעם פּוטער. זי איז אַריינגעגאַנגען אין דער זאַקריסטיי.

בענאָני איז געשטאַנען נאָך אַ רגע, אָננעמענדיק זיך מיט מוט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט צו דעם לעצטן, וואָס איז געקומען מיט אַ ביטע:

— יאָ, יאָ, איך זע, אַז ס'איז דיר שווער מיט פּרנסה. קום אָקאָרשט אַריין צו מיר די טעג... אפשר וועט מען עפּעס צוטראַכטן.

— זאָל אייך גאָט געבן געזונט! — האָט יענער געזאָגט.

און בענאָני איז אַריין אין קירך.

ער האָט זיך בכיוון געזעצט לעבן סאַמע טיר. מענטשן האָבן זיך געחידושט: ער האָט זיך שוין געמעגט זעצן אַביסל העכער, לעבן דער בימה גופא, האָט ער זיך גאָר הינטער אַלעמען אַוועקגעזעצט. ראָזע איז געזעסן אויף דעם פּאַסטאָרס באַנק און האָט אַ בליק געטון אויף בענאָנין, דערביי איז זי ווידער אַמאָל שטאַרק רויט געוואָרן, נאָכדעם איז די פאַרב לאַנגזאַם אַראָפּ פון איר פּנים. זי האָט געטראָגן אַ פוטערל פון בלאָען פוקס.

בענאָני האָט פונאַנדערגעשפּילעט דעם פּוטער. ער האָט אויפגעצייכנט גוט געוווּסט, אַז דער אָרט, וואָס ער האָט אויסגעקליבן, איז נישט קיין יחוסדיקער. אי דער לענסמאַן, אי עטלעכע קליינע סוחרים פון די ווייטע שכערן זענען געזעסן פיל נענטער. אָבער בענאָני האָט געוווּסט, אַז נישט דער אָרט מאַכט דעם מענטשן און פאַרנומען די באַשיידענע הינטערשטע באַנק, האָט ער זי דערמיט גופא דערהויבן. און מסתמא האָבן זיך אַ היפּש ביסל מענטשן אין דער קירך געשעמט, וואָס זיי האָבן זיך געזעצט נענטער פאַר אים. און מיט גרויס חשק וואָלטן זיי זיך געזעצט ווייטער פאַר האַרטוויגסענען, פאַר דעם באַרימטן גביר און דעם גרויסן ליים האַרטוויגסען! בעסער וואָלטן זיי היינט גאָר אין קירך נישט געקומען.

תּיכּף נאָך דער דרשה זענען עטלעכע מיטגלידער פון דער

פאַראַפּיע אַרויס פון דער קירך. בענאָני האָט פאַרשפּילעט דעם פּוטער און איז אויך אַרויס נאָך זיי. ער האָט מער ראָזען נישט געוואָלט פייניקן. כסדר האָבן אַלע געקוקט אַמאָל אויף איר, אַמאָל אויף אים און האָבן זיכער דערמאָנט זיך אָן זייערע תּנאָים. „אָט האָט זי דאָס אַ טעות געהאַט אין רעכנונג!" האָט מען אוודאי געטראַכט.

בענאָני איז צוגעגאַנגען צום שליטן, סוועדן דער וועכטער האָט זיך תּיכּף באַוויזן לעבן זיין באַלעבאָס און האָט געפרעגט, צי איז שוין צייט צו שפּאַנען?

— יאָ. תּיכּף ומיד!

נאָר איבערן הויף האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז האַרט־הויגסען שטייט ביים שליטן. ליבער גאָט! ער קלויבט זיך פאָרן אַהיים! דעם פּאַסטאָרס ווייב איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ, אַרויסגעשפּרונגען אין הויף, איבערן שניי, צוגעפלויגן צו בענאָנין צומרויטעך דערלאַנגט אים די האַנט און גענומען בעטן, ער זאָל נישט אויסמיידן זייער הויז. ווען האָבן זיי דאָס פאַרגעניגן צו זען אים, וועט ער גאָר פלוצלינג נעמען און נישט אָנטון זיי דעם כּבוד?

ראָזע איז אויך אַרויס פון דער קירך. ראָזען האָט אוודאי נעבעך געפייניקט די נייגיריקייט, איר האָט זיך געוואָלט זען, ווי וועט עס בענאָני נעמען און גלייך אַוועקפאָרן. אָט גייט זי. די מוטער שרייט צו איר:

— דו הערסט, האַרטהויגסען וויל אַנדערש נישט ווי פאָרן אַהיים. גיי גיכער, לאָמיר אים ביידע בעטן.

ראָזע איז זייער פאַרשעמט. זי קאָן נאָר אַרויסרעדן:

— איך בעט אייך, זייט אַזוי פריינטלעך, קומט אַריין.

בענאָני ציט אויף זיך נישט קיין איבעריקע גדלות, דאָס איז אים כּלל נישט נויטיק. ער זאָגט נאָר, אַז דער וועג איז אַ ווייטער, דעריבער האָט ער געוואָלט גלייך פאָרן.

— ס'איז איצט פאַראַן די לבנה. — זאָגט ראָזע.

— יאָ, יאָ, די לבנה. — כאַפּט זיך די מוטער אויך אָן.

— איך ווייס שוין אַליין נישט ווי, — זאָגט בענאָני, קוקנדיק

מיט א פראגע אויף סהען דעם וועכטער, — ווי מיינסטו, מען קאָן דאָ נאָך אביסל פארברענגען?

סהען דער וועכטער ווייסט, ווי מען דארף זיך פירן אין אזא געזעלשאפט, ער שלעפט אראפּ דאָס היטל, פארנויגט זיך און ענטפערט:

— דאָס וועטער איז גוט און דער וועג אויך. מירן דערפאָרן!

— די גאנצע זאך איז, וואָס איך בין איצט נישט קיין פרייער מענטש, — גיט בענאָני צו פארשטיין, גייענדיק נאָך די דאַמען — ס'איז דאָ אזוי פיל עסק איצט, מען מוז זיך פארנעמען מיט אויסשטאַטן די שיפן.

איז דאָס נישט קיין חידושים? אָט גייט ראָזע, דאָ גופא, האנט ביי האנט מיט אים, און א ביסל שפּעטער זיצט זי שוין אין איין צימער מיט אים, הערט, וואָס ער רעדט, קוקט אויף אים, און רעדט אפילו אליין אביסל. ווען דער פּאסטאָר בארפוד איז געקומען פון קירך, און מען האט זיך געזעצט צום טיש, האט זי אים דערלאנגט דאָס און יענץ, ווי נאָר זי האט באמערקט, אז אים פעלט עפּעס. דאָס אלץ איז געווען וווּנדערלעך, פונקט ווי אין א חלום.

אים האָבן געפייניקט ספקות, וועלבע ער האט זיך געסטארעט גובר זיין. מיט וואָס פאר א מאָן זאָל ער רעדן? און ווי אָפט מעג ער אויף איר א קוק טון? ער איז דאָך אמאָל געווען א חתן פון דער דאָזיקער פרוי, האט זי געקושט, פאר איר געבויט א הויז, שיר וואָס נישט חתונה געהאט!

נאָך מיטאָג זענען דער פּאסטאָר מיט דעם ווייב אוועק כאפּן א דרעמל. אזא מנהג איז שוין ביי זיי געווען. בענאָני איז געבליבן אַליין מיט זיין געוועזענער כלה.

— אפשר וואָלט איר זיין אזוי פריינטלעך און שפּילן אביסל,

— האט ער געבעטן — אָדער אפשר וועט עס שטערן אייער פאָטער און מוטער?

„געוויס וועט עס שטערן" — האט זי אוודאי א טראכט געטון. פונדעסטוועגן האט זי זיך געזעצט און גענומען שפּילן.

אים דאַכט זיך, אַז זי שפּילט געטלעך. ער האָט קיינמאָל נישט געהערט ענלעכס דערצו. און אים דאַכט זיך, אַז שפּילנדיק אַזוי, ווייזט זי אַרויס צו אים אַ באַזונדער פריינטלעכקייט. די אַקסלען בייגט זי אָן אַמאָל אויף רעכטס, אַמאָל אויף לינקס. די האָר אויפן נאַקן זענען ביי איר אַזעלכע געדיכטע, און אונטער זיי זעט זיך דער האַלז. אַ ווייס העלזעלע.

ער באַדאַנקט איידל.

— קיין בעסערע מוזיק פאַר דער האָב איך קיינמאָל נישט געהערט. — זאָגט ער.

ווען זי ענדיקט שפּילן, זענען זיי נאָך ביידע אַביסל צעמישט און זיי זיצן שטיל.

— יאָ, איך מיין, אַז איר האָט לאַנג געדאַרפט אַרבעטן מיטן אינסטרומענט, ביז איר האָט זיך אויסגעלערנט שפּילן אַזוי וווּנדערלעך.

— אָ, יאָ, — האָט זי אַ שמייכל געטון — אָבער מער קאָן איך גאָרנישט.

זיי האָבן נאָך גערעדט וועגן דאָס און יענץ. די רייכקייט העלפט אים אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון דער שווערער לאַגע. ער איז אַזאַ, ווי ער איז, און קאָן טיכטיק ענטפערן אויף אירע פראַגעס וועגן די נייע שיפן. די צייט גייט, גייט שנעל. בענאָני פילט, אַז באַלד דאַרפן קומען די אַלטע. מילא, ער האָט צו איר אַן ענין, ער מעג אָפן רעדן. ער וועט פרעגן.

— איך ווייס נישט, מאַק האָט מיט אייך עפּעס גערעדט וועגן מיר?

ער האָט דערזען, ווי אַ דין קנייטשל האָט זיך גלייך ביי איר פאַרצויגן העכער איבער דער נאָז.

— מאַק האָט געמיינט, אַז איר וואָלט אפשר קאָנען אָנווייזן עפּעס אַ ווירטשאַפטערין פאַר מיר.

— איך ווייס פון קיינעם נישט אַזעלכע.

— יאָ, געוויס. ער האָט מסתמא געמיינט, אַז איר ווייסט אפשר וועגן עמעצן אויף דרום. אַנדערש האָבן מיר גאָרנישט געטראַכט.

זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— ניין, איך ווייס פון קיינעם נישט.

פּויזע. בענאָני האָט אַ קוק געטון אויפן זייגער. פאַרוואָס קומען עס נישט די אַלטע? דאָס, וואָס דער פּראָיעקט איז דורכ־געפאַלן, האָט ער זיך נישט געוואָלט דערקלערן דערמיט, וואָס דאָס איז געווען פּשוט מאַקס אַ דריידל. איבעריקנס, קיין שאָדן איז דערפון נישט אַרויסגעקומען. ער איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנ־גען צו אַ בילד אויף דער וואַנט און גענומען קוקן. נאָכדעם איז ער אַריבער צו אַ צווייטן. ראָזע איז געזעסן אָן אַ זייט אַזאַ פאַר־װאָרלאָזטע, אַ פאַרוואָרפענע. ער האָט איידל געפרעגט:

— איר הייסט איבערגעבן אַ גרוס קיין סירילונד?

— געוויס, ביטע, אַ דאַנק.

די אַלטע זענען אַריין, ווען די יונגעלייט האָבן זיך נאָך האָס אויסגעטוישט מיט די דאָזיקע ווערטער. איר איז באַשערט גע־ווען אויף לאַנג צו בלייבן די לעצטע. נאָך קאַווע האָט זיך בע־נאָני געזעגנט און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים. איצט איז שוין נישט נויטיק געווען צו וואַרטן אויף פּרילינג און אויף עדוואַרדאַס קומען. ס'איז שוין אַזוי אויך אַ סוף צו אַלץ.

עס האָט געלויכטן די העלע לבנה און געפלאַמט די צפון־שיין. בענאָני איז ווידער געפאָרן איבער די באַקאַנטע ערטער. ער האָט געזען, ווי אויף דעם רוקן פון דער הייל רייסט דער ווינט און דרייט אין אַ זייל דעם שניי

— באָררע עקקער! — האָט עמעצער אַ געשריי געטון פון וועג

בענאָני האָט געענטפערט און איז אַוועקגעפאָרן ווייטער...

ס'איז געקומען פּרילינג, און מאַקס מאַכטער עדוואַרדע איז אָנגעקומען מיטן פּאָסט־דאַמפּער. אָבער דאָס איז שוין אַן אַנדער געשיכטע און וועגן איר דערציילט זיך אין אַן אַנדער ביכל, וואָס רופט זיך „ראָזע".

---